

הערשל נאָוואַק

תשעה באב, 1892—8־טן אויגוסט, 1952

# הערשל נאָוואַק



אַרויסגעגעבן פון
אַרבעטער־רינג בילדונגס־קאָמיטעט
ניו־יאָרק, 1957

# הערשל נאָוואָקס זכרונות

אונדזער ליבער חבר און האַרציקער פֿריינד הערשל נאָוואָק ע״ה האָט געשריבן זיינע זכרונות מיט איבעררייסן. ער האָט זיי אָנגעהייבן סוף דרייסיקער יאָרן, געאַרבעט איבער זיי אין 1940 און אָנהייב 1941. די שרעקלעכע בשורות וועגן אומקום פֿון אונדזער פֿאָלק אונטער היטלערס ממשלה האָבן אַזוי געווירקט אויף זיין געמיט, אַז ער האָט דאָס שרייבן די זכרונות איבערגעריסן און שפּעטער אַפֿנים זיך מער ניט צוריקגעקערט צו זיי. בכן, האָט הערשל נאָוואָק נישט פֿאַרענדיקט דאָס וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען. ער האָט נאָר אָפּגעשלאָסן דעם צווייטן קאַפּיטל פֿון זיין לעבן, דאָס וואָס ער רופֿט אָן „דאָס אויסגרינען זיך״. איז עס פֿאַרבליבן אַ דאָקומענט וועגן זיין קינדהייט און זיינע יונגע יאָרן און עס זיינען ניט פֿאַרצייכנט געוואָרן די שפּעטערדיקע ראַנגלענישן פֿון דעם דערוואַקסענעם האַרציקן און ענערגישן לערער און קולטור־טוער.

די קראַנקייט וואָס האָט אים פֿאַרכאַפּט אין סאַמע ברען פֿון זיין אַרבעט פֿאַר דער „צוקונפֿט״, ווי דער אַדמיניסטראַטאָר פֿון אָט דעם וויכטיקן יידישן זשורנאַל, האָט ניט דערלאָזט אַז ער זאָל קענען אַרומשלייפֿן וואָס ער האָט אָנגעשריבן און צוגרייטן דעם מאַנוסקריפּט צום דרוק. דערנאָך איז געקומען דער פֿריצייטיקער טויט אין אויגוסט 1952. צום פֿינפֿטן יאָרצייט ערשט קומט אַרויס אָט דאָס בוך, וואָס איז ניט נאָר אַ לעבנס־דאָקומענט פֿון אַן אינטערעסאַנטן, פֿיינפֿיליקן, טיפֿערנסטן און ביז גאָר אויפֿריכטיקן יהיד, נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פֿון אַ לעבנס־וועג פֿון אַ דור.

מיר איז אויסגעקומען צוצוגרייטן דאָס בוך צום דרוק, אַ ביסל אויסגלייכן, אַ טראָפּעלע אויספּרעסן געוויסע שטעלן. דערביי האָב איך ווידער איבערגעלעבט די יאָרן פֿון פֿריינדשאַפֿט מיט דעם הונדערטפּראָצענטיקן ייד און אײדעלן, אידעאַ־

ליסטישן מענטש. עס איז געווען אַ נשמה-דערהייבנדיקע אַרבעט. מיין פאַרשטאָרבענער פריינד איז מיר געוואָרן פאַרשטענד־לעכער און אַפילו נעענטער. יעדער איינער וואָס האָט גע־קאָנט דעם דרויסנדיק פריילעכן, דעם הומאָריסטישן, ענערגישן, ממש תמיד וויברירנדיקן הערשל נאַוואַק וועט אַדאַנק זיינע זכרונות האָבן אַ טיפערן אַריינבליק אין זיין רייכער נשמה. די געשטאַלט נאַוואַק שיינט אַרויס פון אָט די זכרונות מיט אַזוי פיל וואַרעמער מענטשלעכער אינטימקייט, מיט אַזוי פיל ניט־געקינצלטער עכטקייט און דירעקטקייט, אַז דאָס בוך קען ווערן אַ קוואַל פון באַרייכערנדיקע איבערלעבונגען פאַר יעדער איי־נעם וואָס וועט עס לייענען, אַפילו אויב ער האָט דעם דאָזיקן פילזייטיקן און האַרציקן מענטש קיין מאָל ניט געקענט.

די אומרואיקייט פון אַ יונגער נשמה, די גייסטיקע ראַנג־לענישן פון אַן אונטערוואַקסנדיקן ייִד, וואָס איז פון בית-מדרש אַריבער צו די „היימטוועלטישע", די פּלאָגענישן פון אַן אימי־גראַנטישן בחור וואָס דאַרף זיך געפינען און פאַר זיך געפינען אַן אָרט אין דער נייער וועלט — זיי ווערן געגעבן ניט פאַר־ליטעראַרישט, אָן איבעריקע גריבלענישן, אָן געמאַכטן כחל און סרק און פּירכוס. זיינען זיי טאַקע פול מיט אַ באַזונדערער, אַריינדרינגענדיקער ערלעכקייט און זיינען „ויעלת חן", פול מיט אייגנטימלעכן חן פון אַ רייכן לעבנס-דאָקומענט. און מיר זעען אַז ניט געקוקט אויף די „וואַרפענישן" און גייסטיקע איבערבראָכן — האָבן מיר דאָ אין תוך איין גראַדע ליניע: דאָס לעבן האָט אַ זינען, ווען מע לעבט צוליב אַ גרויסן, אַ הייליקן ציל, ווען מע דינט, ווען מע דינט דעם פאָלק, ווען מע דינט גאָט. און אַזאַ שטענדיקער „דינער" איז געווען הערשל נאַוואַק, ווי אַ סך, אַ סך פון זיין דור.

איז דאָס בוך גלייכצייטיק אַ מין צוואה פאַר קינדער, זיינע אייגענע, אונדזערע און פרעמדע: **דאָס לעבן איז ווערט געלעבט צו ווערן, ווען מע „דינט"**, ווען מע שפּאַנט זיך איין אין די פּריסטע יאָרן און מע שלעפּט דאָס גאַנצע וויטערדיקע לעבן דעם וואָגן פון אַ געזעלשאַפטלעכן אידעאַל, אַ דערהויבענעם, ריינעם, עטישן געזעלשאַפטלעכן אידעאַל, ווי עס איז געווען און איז אונדזער ייִדישע קולטור-באַוועגונג. הערשל נאַוואַקס לעבן איז זינט זיינע בית-מדרש-טעג געווען פול מיט

שווערקייטן, אָבער דורכגענומען מיט ווערטן און שיינקייטן, דורכגעלויכטן פון גלויבן און דורכגעווייטיקט און דורכגעפריי־דיקט פון גאָט־זוכענישן. ער האָט אָפט געשטעלט אליין די שאלה: איז עס ווערט געווען? עס איז גענוג צו לייענען די זכרונות כדי צו קענען בפה מלא ענטפערן: אוודאי! נאָר אַזאַ מין לעבן איז עכט און ווערטפול מענטשלעך. נאָר אַזאַ לעבן פון זוכענישן און נשמה־ראַנגלענישן איז דער וועג צו זיך, דער מאַראַליש־מענטשלעכער לעבנס־וועג. גאָט און וועלט, מענטש און יידיש פאָלק האָט הערשל נאָוואַק תמיד געטראָגן טיף ביי זיך אין האַרצן. די שאלה איז אָפט געווען: ווי זאָל איך „דינען"? ער האָט עס ניט זעלטן געפרעגט, אָבער דערביי גלייכצייטיק כסדר, אָן איבעררייס „געדינט".

א ליכטיקער וועט פאַרבלייבן זיין אָנדענק.

יודל מאַרק

ניו־יאָרק, מאַי, 1957.

## אין פעטריקאָוו

פסיכאָלאָגן און פאָרשערס גריבלען זיך שוין יאָרן וועגן דעם וואָס עס געדענקט זיך מערסטנס פון די קינדער־יאָרן, און אויך צי „עס געדענקען זיך טאָקע" ביי מענטשן זאַכן פון זייער יינגסטער קינד־הייט דאָס הייסט פון ווען אָן איז שוין אונדזער כוח הזכרון אַן אַקטיווער כוח.

ס'איז דאָ אַ יש־אומרים, אַז אַ סך זאַכן פון אונדזערע אַזוי גערופענע „יינגסטע זכרונות", זיינען גאָר איינגערעדטע זאַכן, וואָס עלטערע האָבן דיר דערציילט, און דו זאָגסט נאָר נאָך וואָס מע האָט דיר אַריינגעזאָגט.

עס זיינען אָבער זיכער דאָ אַ צאָל ערשטע איינדרוקן פון אַ מענטשנס לעבן פון די פריסטע קינדער־יאָרן, געשעענישן און פּאַסירונגען, וואָס האָבן זיך איינגעגראָבן אויף שטענדיק, וואָס האָבן איבער זייער וואָגיקייט געלאָזט אַן אָפּדרוק אין דעם זכרון אויף דעם גאַנצן לעבן.

## מיר ציען זיך „אונטער דער קאָליע"

איך בין געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט פּעטריקאָוו. דאָס איז געווען אַן אַלטער יידישער היסטאָרישער ישוב. אין דער שטאָט איז געווען אַ יידן־גאַס מיט זייער אַן אַלטער שול און בית־מדרש. עס איז אויך געווען אַ מאַרק און „מקום" מיט אַן אַלטן פּלומפּ און קאָש־טשאָל. אין מיטן שטאָט פלעגט מען אויך זען אַ ליידיקן פּלאַץ מיט היילן און אונטערערדישע חורבות, איבערבלייבעכצן פון אַמאָליקע פּאַ־לאַצן פון דער פוילישער קרולעווסטווא. חדר־ייִנגלעך פלעגן שטענ־דיק מורא האָבן אַהין אַריינצוגיין.

די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט מיט וועלדער. אין עק שטאָט לויפט פאַרביי דער בוג און די פּיליצע. די שטאָט איז אויך פאַר־בונדן מיט די אַנדערע גרויסע שטעט אין פוילן דורך שאָסייען און דורך דער וואַרשעווער־ווינער באַן.

ווען איך בין נאָך געווען זייער יונג, לויטן חשבון פון דער משפחה מסתמא אַ קינד פון אַ צוויי־דריי יאָר, האָבן מיינע עלטערן זיך אַרויס־

געצויגן פון דער יידן־גאַס און אַריבערגעקליבן זיך אין אַ נייער געגנט, וואָס האָט זיך דעמאָלט געהאַלטן אין בויען, „אונטער דער קאָליע", אויף יענער זייט „בודקעס". דאָרטן האָבן זיך אויפגעבויט אַ צאָל גלאָז־הוטעס און טאַרטאַקעס.

און אָט געדענק איך דאָס ציען זיך. איך זיץ אויף דעם וואָגן וואָס איז אָנגעלאָדן מיט מעבל. טאַטע־מאַמע און מיינע עלטערע צווי ברידער גייען נאָך דעם וואָגן. מיר פאָרן דורך אַ טויער אונטער דעם אייזנבאַן־וועג. איך זיץ אין דער הייך און קוק זיך אַרום. איך זע אַ סך ליידיקע פעלדער, אָבער דאָ און דאָרט זעט מען שוין אויסגע־לייגטע גאַסן. אַרום דעם טויער ליגן גרויסע קופּעס קוילן און הויכע בערג מיט מיאַל (קוילן־שטויב). דאָס אַלץ שרעקט מיך אַ ביסל, און פּלוצעם — טראַך! אַן עמער מיט געפּעס פאַלט אַראָפּ פון וואָגן און צעבראַזגעט זיך איבער דעם נייעם אויסגעלייגטן ברוק. פון אויבן איבערן באַן־טויער קומט אָן אַ צוג. איך דערשרעק זיך שטאַרק, צעוויין זיך און די מאַמע נעמט מיך אַראָפּ פון וואָגן.

אָט דאָס איז, ווי ווייט איך געדענק, דער ערשטער איינדרוק פון מיינע קינדער־יאָרן: אַ קלאַפּ, אַ פייף פון אַ באַן, דאָס דערשרעקן זיך פאַר אַ נייער געגנט און אַ צעוויינען זיך.

זאָל דאָס אפשר זיין דער לייט־מאָטיוו פון מיין ווייטערדיקן לעבן? קלעפּ און בראַזגערייען, ווערן פון צייט צו צייט „אויסגעפּיפּן", שרעק און מורא פאַר נייע זאַכן, און אפשר אויך זוכענישן, וויי־טיקן און אויסוויינען זיך (ווען קיינער זעט ניט).

## די נייע געגנט

ווי גרויס די נייע געגנט איז געווען, ווען מיר האָבן זיך אַהין געצויגן (מסתמא אין 1895), ווייס איך נישט. קיין סך יידן האָבן דאָרט זיכער דעמאָלט נאָך נישט געוואוינט. די הויפּט־פּרנסה פון דער געגנט פאַר די גויים איז געווען אַרבעטן אין די הוטעס, אין די זעגמילן, און אויף דער אייזנבאַן. אַ סך האָבן אויך געאַרבעט ביים בויען די געגנט, אויפשטעלן הייזער, בויען שאָסייען אד"גל.

אין די הוטעס האָבן מערסטנס געאַרבעט אַריינגעוואַנדערטע פראַנצויזן און דייטשן. איך געדענק אַז מיר האָבן אָנהייב געוואוינט אין אַ שיין הויז ביי אַ דייטשן בעל־הבית (וואַגנער האָט ער, דאַכט זיך, געהייסן). אַרום הויז איז געווען אַ גרויסער הויף, פאַרפלאַנצט מיט אַ סך בלומען. הינטערן הויז איז געווען אַ גרויסער סאָד. אַלע הייזער

אין יענער געגנט האָבן געהאַט סעזאָנער, וואָס מען האָט זיי זומער־צייט פאַרדונגען צו יידישע סאַדאָווניקעס.

איך פלעג זייער אָפט זיך אַרייַנגנבענען זומער־צייט אין סאָד און זיך פאַליובען מיט די געשמאַקע קאַרשן און ווייַמפּערלעך. פון דע־מאָלט אָן איז ביי מיר פאַרבליבן אַ שוואַכקייט צו קאַרשן און ווייַמ־פּערלעך. פון סאָד האָט מען געקענט זיך אַרויסכאַפּן גלייך צו די אייזנבאַן־רעלסן, לעבן וועלכע ס׳איז געלאָפן די סטראַווע. חדר־ייִנגלעך און שקצים האָבן אין די הייסע זומער־טעג ליב געהאַט דאָרטן זיך צו באָדן. מען האָט אויך געקענט אַרויסכאַפּן זיך צו די אַלייען „הינ־טער די בודקעס״.

איך געדענק נישט ווער מייַנע ערשטע חברים זייַנען געווען, וואָס האָבן מיט מיר זיך באַטייליקט אין די אַוואַנטורעס. כאָטש איך בין שוין געווען אָנגעטאָן לויט דעם פרומען שטייגער, מיט דעם פּויליש־יידישן קאַפּאָטקעלע און היטעלע, און ס׳האָבן זיך שוין ביי מיר אָנ־געהויבן צו קרייזלען די פּאות — זייַנען מייַנע חברים מסתמא געווען דעם בעל־הבית שקצימלעך און דעם יידישן שפּייזקרעמערס קינדער, גראָד מיידלעך פון מייַן עלטער.

פון צייט צו צייט פלעג איך גיין מיטן טאַטן, מיט די ברידער און מיט אַנדערע יידן פון געגנט, שבת אין דער פרי, נאָך פאַרן דאַווענען, אויף „מאַיאָווקעס״. איך געדענק נאָך איצט אָט די וואונדערלעכע שפּאַצירן הינטער „די בודקעס״. מיר פלעגן אָפטמאָל גיין גאַנץ ווייט. די טעלעגראַף־סלופּעס פון דער אייזנבאַן און די בודקעס פון די באַנ־וועכטערס האָבן געדינט ווי אַן עירוב. מיר פלעגן אָפטמאָל דערגיין צו אַ פּויער ערגעץ, וואָס פלעגט אונדז קינדער מכבד זיין מיט וואַרעמער מילך גלייך פון דער קו אָדער מיט זויערמילך.

אַמאָל פלעגן מיר, קינדער, זיך אַרייַנכאַפּן באַוואונדערן די אַר־בעטער פון די הוטעס, וואו די דייטשע און פראַנצויזישע גלאָז־אַר־בעטער פלעגן שטיין ביי די גרויסע אויוונס מיט די אָפענע פייער־מיילער. מיר פלעגן אַנטציקט ווערן פון זייערע „קונצן״, ווי מע צע־בלאָזט דאָס גלאָז.

די ערשטע צייט, איידער די געגנט איז זיך צעוואָקסן, פלעגט מייַן טאַטע, צוזאַמען מיט די עטלעכע יידן, גיין שבת דאַווענען אין שטאָט אַריין. פרייטיק־צו־נאַכט אָדער ווען עמעצער האָט געהאַט יאָרצייט פלעגט מען צונויפקלייבן אַ מנין אין אַ הויז, אַ סך מאָל ביי אונדז.

הנאה האָב איך געהאַט ווען זומער־צייט פלעגן יידן פרייטיק פאַר זון־אונטערגאַנג זיך גיין באָדן אין טייך לעבן דער ציגעלניע, ווייל ס׳איז געווען צו ווייט צו גיין אין שטאָטישן מרחץ אויף דער יידן־גאַס.

אָט דעם מנהג האָבן מיר אָנגעהאַלטן אַפילו שוין שפּעטער, ווען די געגנט איז שוין באַפעלקערט געוואָרן מיט עטלעכע הונדערט יידישע פאַמיליעס. דעמאָלט איז דאָס גיין באָדן זיך אין טייכל לעבן דער ציגעלניע אָנגעפירט געוואָרן בגראַנדע. אָפטמאָל פלעגט זיך דאָס טאַקע אויסלאָזן מיט אַ מלחמה צווישן די שוין אויפגעוואַקסענע יידישע בחורים מיט די פּוילישע שקצים פון דער ציגעלניע.

## מיין ברודער קריגט אַ שטיין אין קאָפּ

די נייע געגנט צעוואַקסט זיך. עס קומען צו מער איינוואוינערס. עס באַזעצן זיך דייטשן, פּאָליאַקן, פראַנצויזן און פאַרשטייט זיך אויך יידן, קרעמערס און בעלי־מלאכות.

די אייגנטימערס פון די טאַרטאַקעס זיינען אויך געווען יידישע גבירים. איינער פון זיי, אַ ייד אַ משכיל, יונה גאָלדלוסט, ווערט נאָכדעם אויך אַן אָנגעזעענע פיגור אין דעם נייעם יידישן קוואַרטאַל. ער לייגט פאַר די יידן פון געגנט צו מאַכן אַ שול ביי זיך אין פּאַלוואַרק, לעבן טאַרטאַק. דער אייגנטימער פון אַ צווייטן טאַרטאַק האָט געהייסן טובים, אויך אַ ייד, אָבער שוין אַן אַסימילאַטאָר, וואָס מישט זיך גאָרנישט מיט די יידן פון געגנט. ער פאַרברענגט מערסטנס אין לאָדזש, אין וואַרשע. מע דערציילט, אַז ער האָט אָפּגעשמדט זיינע קינדער. (ס׳קאָן זיין, אַז דער יידיש־פּוילישער פּאָעט יוליאַן טואווים קומט אַרויס פון דער משפחה).

עס בויען זיך אויף נייע הייזער, שוין נישט ווי פריער פון האָלץ, נאָר הויכע געמויערטע דריי־שטאָקיקע בנינים, מיט גרויסע אָפיצינעס אין די הויפן.

איינמאָל, פרייטיק אין דער פרי, איז ניט געקומען דער ייד וואָס פלעגט אונדז ברענגען פון שטאָט ווייו אויף קידוש אין אַ בוטל מיט אַ שטרויענעם צודעק (כדי די גויים זאָלן נישט קוקן אויפן ווייו און מאַכן פון אים יין נסך). מסתמא געווען קראַנק, צי מחמת גרויסע פרעסט. דער זעלביקער ייד פלעגט שוין איין־איין־וועגס לערנען מיט די קליינע קינדער אַלף־בית (די גרויסע יינגלעך פלעגן גיין אין

שטאָט אַריין אין חדר). האָט די מאַמע געשיקט מיין עלטערן ברודער עזריאל אין שטאָט אַריין נאָך וויין אויף קידוש.

עס גייט אַוועק אַ שטיק צייט, קומט ער צוריק מיט אַ גרויס געוויין, מיט אַ פאַרבלוטיקט פּנים, מיט אַ לאָך אין קאָפּ. מיר געפינען אויס אַז אַ שייגעץ האָט אים פון דער געבײַדע וואָס האַלט אין בויען זיך, געוואָרפן אַ שטיין אין קאָפּ אַריין. אַפּנים ער האָט געוואָלט אים געבן צו פאַרשטיין דעם טעם פון דער יידיש־פּוילישער פריינדשאַפט. דער שטיין האָט געזאָלט זאָגן: געדענק, חברה־מאַן, אַז דאָס איז טאַקע אַ נייע געגנט, יידן וועלן זי העלפן אויפבויען, רייך מאַכן, אָבער יידן געהערן צו דער יידן־גאַס. אויב איר ווילט דאָ וואוינען, פּראַווען שבת, מאַכן קידוש, וועט איר דאַרפן באַצאָלן מיט אייער בלוט. זייט איר גרייט?

און צוזאַמען מיט די ערשטע איינדרוקן פון די פיינע סעדער און רויטע פּייערן פון דער הוטע, געדענקט זיך מיר אויך אָט די סצענע, און אויך דאָס שטענדיקע רייך־ווערטל פון די פּוילישע קינדער: „זשידזשיע זאַ טאָבאָן סוויניאַ אידזשיע.‟

## די ערשטע רביים

עס קומען צו נייע הייזער אין אונדזער געגנט. עס קומען צו נייע ברוקירטע גאַסן. עס ווערט שוין אַ גאַנצער יידישער ישוב און אַ קאָמפּאַקט באַפּעלקערטע פאַרשטאָט.

דורך אונדזער פאַרשטאָט ציען זיך וועגן צו אַ צאָל שטעטלעך און דערפער. עס צעוואַקסט זיך ברייט דער לאָדזשער וועג, אַ ברייטער שאָסיי, וואָס פירט אין דער גרויסער אינדוסטריעלער שטאָט אַריין.

עס עפענען זיך יידישע קראָמען: שפּייז־געוועלבער, בעקערייען, שענקען און טשיינעס, שניידער־געשעפטן, שוסטער־וואַרשטאַטן, שניט־קראָמען, אייזן־געשעפטן. עס באַווייזן זיך יידישע בעלי־מלאכות: שוס־טערס, שניידערס, בלעכערס, סטאָלאַרעס.

דאָנערשטיק און פרייטיק קומען אָן דורכן לאָדזשער שאָסיי אָנ־געלאָדענע פּויערישע פורן און פירן זייערע פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין. אַ סך פּויערים שטעלן זיך אָפּ מיט זייערע סחורות אין די גאַסן לעבן אונדז. ווייבער גייען אַרויס איינהאַנדלען מציאות אויף שבת: גענדז, הינער, קאַטשקעס און גריבנס.

זונטיק קומען די פּויערים פון די געגנטן אַרום אין די גרויסע

קאַשטשיאַלן פון שטאָט. ווען זיי פאָרן אַהיים, שטעלן זיי זיך אָפּ אין אונדזערע גאַסן און קויפן איין אויף דער וואָך סחורות ביי די יידישע קרעמערס. אַ סך שטעלן זיך אָפּ ביי דעם בראַנפן־מאַנאָפּאָל און „לאָזן אַראָפּ״ אַ היפש ביסל מאַגאָפּאַלקעס, שיכורן זיך אָן מאַכן שטיק. אַנדערע לאָזן איבער זייערע גראָשנס אין די יידישע שענקען פון געגנט. יידן האָבן געהאַט פּרנסה, ווער ברווח און ווער בדוחק.

אַמאָל באַוויזן זיך אַרום אונדז טאָטעון און ציגיינערס, וואָס שטעלן אויף זייערע בוידן אויף די אַרומיקע פעלדער און פאַרכישופן מיט זייערע שרייאיק־פאַרביקע קליידער. אָפטמאָל לאָזן מיר זיך, חדר־ייִנגלעך, אַרויס אויף די פעלדער און פּרוואָון אויסצומישן זיך מיט די ציגיינערישע קינדער.

און אָט עפנט זיך דער ערשטער חדר ביי אונדז אונטער דער קאָליע. דער ערשטער מלמד פון אונדזער געגנט און מיין ערשטער רבי האָט געהייסן מרדכי קאָזאַק. ווען איך דערמאָן זיך איצט, פיל איך, אַז קיין צו גרויסער למדן איז מרדכי קאָזאַק נישט געווען, אָבער פאַר אַן אַנהייב, מגדל צו זיין די קליינע קינדער לתורה ולמעשים טובים, האָט ער מסתמא צופרידן געשטעלט די בעלי־בתים פון אונטער דער קאָליע.

איך געדענק מיין ערשטן רבין: אַ ייד אַ צעוואַקסענער, מיט אַ ברייטער רויטלעכער באָרד, אַ גוטמוטיקער. אַחוץ מלמד, איז ער אויך געווען דער בעל־תפילה און בעל־קורא פון דעם נייעם מנין. ראש־השנה און יום־כּיפּור איז ער אויך געווען דער בעל־שחרית און בעל־תקיעה. פאַר די ימים־נוראים קנעלט ער נאָך מיט אונדז די יום־טובדיקע תפילות, און מיר, חדר־ייִנגלעך, דאַרפן אויך זיין זיינע משוררים און צוזינגערס. ער באַוויזט פאַר אונדז מיטן שופר בלאָזן. נישט איין תלמיד פלעגט זיך אין דער שטיל צוכאַפּן צום שופר און אויספּרואוון זיין קענטשאַפט. דאָס ווייב זיינס האַלט אויך אַ גריבוואַרג־שטעלעכל ערגעץ אויף אַ געסל, און די באַלעבאָסטעס קויפן איין ביי איר פאַרשיידענע גריבנסן.

אין שטוב געפינט זיך שטענדיק אייניע פון זיינע דריי צעוואַקסענע טעכטער, וואָס דינען אַלע אין דער פרעמד, אין די גרויסע שטעט. די טעכטער האָבן זייער ליב צו שלאָפן שפּעט. און זיי שטערן זיך נישט צו ליגן ביז שפּעט אין די בעטן, וואָס געפינען זיך אין זעלביקן צימער פון חדר.

דער רבי האָט אויך אַ דערוואַקסענעם זון, אַ בלעכער, וואָס האַלט

שטענדיק אין איין שלאָגן און פּאַטשן די גרויסע פּוילע שוועסטער זייבע, מסתמא פאַר עבירות, וואָס מיר קינדער פאַרשטייען נאָך נישט...

ר׳ מרדכי קאָזאַק האָט נישט צו שטאַרק ליב צו אַרבעטן און צו לערנען מיט זיינע תלמידים. ער דאַנקט גאָט, ווען עס מאַכט זיך אַ יומא דפגרא און מען קען צעלאָזן דעם חדר. ער האָט זייער ליב צו טרינקען טיי, בעסער געזאָגט: הייס וואַסער אָן סענץ.

שבת נאָך מיטאָג, ווען מיר פלעגן דאַרפן קומען אין חדר אַז דער רבי זאָל אונדז פאַרהערן אָדער לערנען ביי אים אַ פּרק זומער־צייט, פלעגט ער זיך אָנגיסן אַ גלעזל טיי, ער פלעגט אונדז לאָזן אַליין זאָגן וואָס עס לאָזט זיך און פלעגט אַזוי איינדרימלען ביי אַ גלעזל טיי אויף אַ היפּשער צייט, ביז ער פלעגט זיך אַרויפכאַפּן און אונדז אַהיים לאָזן: „שוין צייט צו גיין דאַווענען מנחה און עסן שלש־סעודות״. ער איז געווען אַ הייסער געדער חסיד, און ער פלעגט קענען זינגען אַ סך געדער ניגונים, מיט וועלכע ער פלעגט טאַקע אויסנעמען ביים עולם.

אין דעם חדר בין איך געגאַנגען צוזאַמען מיט מיין מיטלסטן ברודער יאָסקע. מיין עלטערער ברודער עזריאל איז שוין געגאַנגען אין דער „זשאַנדאַווער שקאָלע״ פון שטאָט און האָט זיך געגרייט אָנצו־קומען אין גימנאַזיע.

איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען אין חדר מסתמא אין עלטער פון פיר־פינף יאָר. אָבער — זאָל מיר מיין ברודער יאָסקע מוחל זיין, איך האָב אים באַלד אַריבערגעיאָגט און האָב נאָך אין דעם זעלביקן יאָר אָנגעהויבן צו לערנען חומש און באַלד שפּעטער אויך שוין חומש מיט רשי.

די „תורה״ ביי ר׳ מרדכי קאָזאַק קלעקט שוין נישט פאַר דעם מער אויסגעוואַקסענעם יונגוואַרג עס קומען סייווי צו נאָך קינדער. מסתמא יאָווען זיך שוין אין דער געגנט פאַרשיידענע קעגנערישע צדדים — ווי עס פירט זיך ביי יידן — און באַלד באַזעצט זיך נאָך אַ מלמד אונ־טער דער קאָליע, ר׳ ישראל הייפעלע.

איך ווייס נישט פאַרוואָס דער מלמד האָט געקראָגן דעם נאָמען. קיין נידעריקער איז ער נישט געווען. ער איז געווען גראָד אַ הויכער, דאַרער ייד מיט אַ שוואַרץ אויסגעקראָכן בערדל. איך בין זיך משער, אַז קיין צו גרויסער למדן איז ער אויך נישט געווען, און קיין צו גרוי־סער גביר אוודאי נישט.

ר׳ ישראל הייפעלע האָט געהאַלטן זיין חדר אין אַ שטיבל אויף אַן אייבערשטן גאָרן. דאָס שטיבל איז געווען געבויט אין מיטן אַ פּלאַץ,

וואו עס האָבן זיך געוואַלגערט בריטער און קלעצער און אָנגעוואָרפענע בוי־מאַטעריאַלן.

אין חדר זיינען שטענדיק אַרומגעקראָכן און אַרומגעלאָפן דעם רבינס פאַרמורזעטע קינדער, וואָס זיי רביצן האָט אונדז שטענדיק גע־געבן זיי צו האַלטן. פלעגט דער רבי די קינד׳ער זיינע טאַקע אַוועק־זעצן אויפן טיש לעבן זיך בעת ער האָט מיט אונדז געלערנט. קיין צו גרויסער צוכט איז פון דעם זיצן זייערס אויפן טיש נישט געבליבן, און עס פלעגן שטענדיק זיין געשרייען צווישן רבין און צווישן דער רביצן, ווער איז אייגנטלעך שולדיק אין דעם.

דער רבי האָט זייער מורא געהאַט פאַר זיין ווייב, און אַפילו אויך פאַר די תלמידים. די רביצן פלעגט שטענדיק האָבן אין חדר אַ טאָץ כאַלווע, וואָס זי פלעגט פאַרקויפן צו די תלמידים. דער רבי האָט אָבער — כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער נאַשער — פון דער כאַלווע נישט געטאָרט פאַרזוכן. אָפטמאָל אָבער, ווען דאָס ווייב פלעגט נישט זיין אין דער היים, פלעגט ער אַראָפּגנבענען אַ ביסל כאַלווע. כדי מיר זאָלן נישט דערציילן, פלעגט דער רבי אונדז אונטערקויפן מיט נאַ־שערייען. ווען די רביצן פלעגט אַהיים קומען, פלעגט זי גלייך צולויפן צו דעם כאַלווע־קעסטל, און דערזעענדיק דעם בראָך, פלעגט זי וואַרפן דעם רבין דאָס קעסטל אין קאָפּ אַריין. מיר האָבן שוין אַ גאַנצן טאָג גענאַשט דעמאָלט די כאַלווע פון טיש און פון דיל. קיין צו גרויסע מפונקים זיינען מיר מסתמא אויך נישט געווען...

## די חדרשע שמד־שטיק

מיר פלעגן זייער ליב האָבן צו שפּילן זיך אויפן פּלאַץ לעבן חדר: שפּילן אין פּילקע „פּאָ רוסקו", אָדער „פּאָ פּאָלסקו", אין קליפּער, אין סאָלדאַטן, אין שלי־שלך און אין אַנדערע קינדערשע שפּילן. אַ סך מאָל פלעגן מיר זומער־צייט אַרויפקריכן אויף דער גרויסער לאָדאָוו־ניע, וואָס איז געשטאַנען דערביי, זיך אָפּקילן אָדער גאָר אַראָפּהאַקן און לעקן שטיקלעך אייז.

לעבן אָט דעם פּלאַץ איז אויך געווען דאָס טייכל די סטראַווע, וואָס איז געלאָפן ווייט אַהין צו די בודקעס. פלעגן מיר ליב האָבן אויסצוטאָן די שיך, פאַרקאַטשען די הויזן און די קאַפּאָטקעלעך, און זיך לאָזן וואַנדערן מיט דער סטראַווע, צו די סעדער, צו די בודקעס, אונטער די אייזנבאַן־טויערן, ביז מיר האָבן דערזען אָדער אַפילו נאָר

דערהערט אַ הונט צי אַ געזונטן שייגעץ. דאָס האָט אונדז גלייך צו־ריקגעטריבן צום רבינס הויף.

דאָס לערנען ביי דעם פאַרצרהטן און פאַרזויערטן ישראל הייפעלע האָט ביי אונדז קינדער קיין גרויסן אַפּעטיט צו דער תורה נישט אַרויסגערופן. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט כלערליי תחבולות נישט צו דאַרפן לערנען. עס האָט געצויגן דער דרויסן, די פאַרשיידענע שפּי־לערייען, די פּילקע, דאָס אַרומלויפן אין דער אַלץ נאָך נייער געגנט. אָט דער איינפאַל איז געווען אַ שטענדיק געלונגענע תרופה, מע זאָל אונדז אָפּלאָזן אויף אַ טאָג פון חדר:

אונדזער רבי האָט נישט געהאַט קיין „ראַזרעשעניע" (דערלויבע־ניש) צו האַלטן דעם חדר. ר' ישראל הייפעלע האָט נישט געקענט זיך דערלויבן צו באַצאָלן דעם שטייער פאַר אַזאַ פּאַפּיר. פאַר אונדז חדר־יינגלעך איז דאָס אָבער געווען אַן אמתדיק גליק. יעדער מאָל ווען דער יצר־הרע פון פּילקע שפּילן האָט אונדז אָנגעכאַפּט, האָבן מיר אָפּגעמאַכט, אַז מיר זאָלן דווקא אַוועקזעצן זיך לערנען מיט חשק, דער רבי זאָל אונדז גאָרנישט חושד זיין, אָבער אין מיטן לערנען זאָל איינער פון אונדז — אַ סך מאָל בין איך דאָס געווען דער שליח־ציבור — צוגיין צום פענצטער און אויסשרייען: רבי, רבי, אַ סטראַזשניק גייט! מיר האָבן שוין געקענט אונדזער „גיבור" און מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס מיינט שוין אַ פרייער נאָכמיטאָג פאַר פּילקע און שפּיל.

באַלד ווי דער רבי, און ספּעציעל די שטענדיק בייזע רביצן, האָבן דערהערט דאָס געשריי, האָט מען געהייסן די חברה שנעל אַרויסלויפן פון חדר. די רביצן האָט פאַרדעקט דעם חדר־טיש, אַלץ פאַרשטעלט אַזוי ווי ס'וואָלט גאָרנישט געווען.

אָפטמאָל, ווען אַן אמתער סטראַזשניק האָט זיך טאַקע דערזען אין גאַס און דערנעענטערט זיך צום הויז פון'עם חדר, פלעגן מיר שוין נישט אַראָפּלויפן דורך די טרעפּ, נאָר דער רבי פלעגט אונדז — ווי רחב האָט געטאָן מיט די מרגלים — אַראָפּלאָזן יעדער חדר־יינגל מיט אַ שטריק דורכן פענצטער, וואָס איז אַרויס צום ליידיקן שפּיל־פּלאַץ. דעמאָלט פלעגט גאָר זיין אַן אמתע שמחה פאַר אונדז און דער טאָג איז שוין געווען אונדזערער.

אויף צו מאָרגנס אין דער פרי, ווען מיר פלעגן קומען אין חדר, האָט דער רבי אונדז באַדאַנקט פאַר דער בריהשאַפט אונדזערער. וואָס צוליב איר האָט מען אים נישט געטשעפּעט, ווייל אַמאָל פלעגט טאַקע דער סטראַזשניק אַרויפקומען אין חדר — מסתמא אונטערגע־

שיקט פון דעם צווייטן מלמדס, מרדכי קאָזאַקס, צד, אָדער אַזוי פון אַ פּוילישן שכן.

ביי דעם רבין ישראל הייפּעלע פלעגן מיר אָנפירן אַלע באַקאַנטע חדר־קונצן: באַהאַלטן דעם קאַנטשיק, אָנשמירן קנאָבל אויף רימענד־לעך, כדי זיי זאָלן אַראָפּפאַלן, ווען עס פלעגט זיך אים גלוסטן אַ ביסל אונדז אונטערשמייסן. מיר פלעגן צושפיליען זיין היטל צו דער פּלייצע, בעת ער פלעגט אָנוועקלייגן דעם קאָפּ אויפן טיש און איינדרימלען און מיר אַלע זאָלן, הייסט דאָס, נאָך אַ ביסל איבערחזרן די סדרה.

אַזוי פלעגן מיר באַווייזן די פאַרשיידענע באַקאַנטע חדרשע שמד־שטיק, וואָס מיט זיי האָבן זיך דורות־יידישע קינדער נוקם געווען אין זייערע אומגליקלעכע מלמדים.

אויב איך האָב אָנטייל גענומען אין אַזעלכע „בקמה־אַקטן", בעט איך ביי מיין רבין ר' ישראל הייפּעלע און ביי די אַנדערע מלמדים איצט מחילה וסליחה.

## קינדער-שפּילערייען און שקצימלעך

אונדזער שכינשאַפט איז געוואַקסן. עס זיינען כסדר צוגעקומען נייע יידישע משפחות, און איך האָב צוגעקראָגן אַ סך נייע חברים און באַקאַנטע. עס זיינען שוין געווען עטלעכע חדרים אין געגנט, און די חדר־ייִנגלעך, די ווייסע־חברהניקעס, האָבן זיך שוין איינגעטיילט אין גרופּעס לויט דעם עלטער און אויך לויט דעם חדר וואו מען האָט געלערנט.

די עלטערע ייִנגלעך, די וואָס האָבן שוין געלערנט ביי די גרויסע מלמדים אין שטאָט, אָדער וואָס זיינען גאָר שוין געגאַנגען אין דער זשאַנדאָווע שקאָלע, זיי איז פאַרשטייט זיך נישט אָנגעשטאַנען צו האָבן צו טאָן מיט אונדז, ייִנגערע קינדער. מיט קיין מיידלעך האָבן מיר זיך אַוודאי שוין נישט געשפּילט, כאָטש מיר פלעגן פון צייט צו צייט וואַרפן באַהאַלטענע חסידיש־שעמעוודיקע בליקן צו די באַקאַנטע מייד־לעך, מיט וועלכע מיר האָבן זיך גאָר יונג צוזאַמען געשפּילט אין הויף, אין שטרולקעלעך, אין באַקן פלאַצקעס, און פּלוצעם — אויפגע־הערט.

אונדזער הויפּט־שפּילן זיינען איצט געווען: פּילקע, קליפּער, לוי־פּעניש, באַהעלטעניש, שלי־שלך און אויך „אין זעלנער".

אונדזער שטאָט, ווי די גובערניע־שטאָט אין געגענט, האָט גע־

האָט עטלעכע קאַזאַרמעס מיט פּולקן סאָלדאַטן. אַ גרויסע איבערלעבונג פֿאַר אונדז יונגוואַרג פֿלעגט זיין, ווען די זעלנערס מאַרשירן פֿאַרביי אויף אונדזער לאָדזשער וועג מיט געזאַנג און מוזיק, ווען זיי לאָזן זיך אַרויס אויף די זומער־מאַנעווורעס. מיר פֿלעגן זיך לאָזן גיין נאָך די סאָלדאַטן און פּרוּוון מאַרשירן מיט זייער סאָלדאַטסקע טאַקט. זייערע רוסישע לידער האָבן מיר נישט פֿאַרשטאַנען. קיין פּויליש האָבן מיר אויך נישט צופֿיל געקענט.

מיך האָט צום מערסטנס אימפּאָנירט דער מיליטערישער אָרקעסטער מיט זיינע גרויסע מעשענע בלאָז־אינסטרומענטן. ספּעציעל פֿלעגן ביי מיר אַרויסרופֿן קנאה די זילבערנע טראָמפּייטעלעך פֿון די סאָליסטן. אויף די מערסטע פֿון די סאָליסטן פֿלעגט מען דערציילן, אַז זיי זיינען „יידן פֿון אַדעס" און אַז מע פֿאַרבעט זיי אַפֿילו צו פּריצישע בעלער פֿון געגנט. דער קאַפּעליע־מייסטער, אַ שיינער שטאַלטנער יונג, פֿלעגט רייטן אויף אַ פֿערד פֿאָרויס פֿון דער קאַפּעליע און דיריגירן. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז אַ געוועזענער ישיבה־בחור, איצט אַ משומד, וואָס שדכנט זיך צו דעם רייכן טובימס טאָכטער, און אַז אָט באַלד ווערט ער אַ גענעראַל. עס האָבן אויך אימפּאָנירט די מעשׂיות וועגן קאַפּעליע־מייסטערס ישיבה־בחורייִ און וועגן זיין איינגיין אין דער ווילע פֿון רייכן טובים.

אונדז האָבן אויך זייער פֿאַרכישופֿט די פֿאַרשיידענע אוניפֿאָרמען פֿון די סאָלדאַטן און אָפֿיצירן. יעדערער פֿון אונדז האָט זיך געוואונטשן אויסצוּוואַקסן אַזוי שטאַרק ווי אָט די מאַרשירנדיקע סאָלדאַטן. מיר האָבן געוואָלט אויסוואַקסן די אמתע גיבורי־חיל, כדי נקמה צו נעמען פֿון די פּלשתּים פֿאַר די יידישע צרות. אין די פֿרייע טעג, ווי למשל — פֿרייטיק נאָך מיטאָג, אַן ערב יום־טוב, די חול־המועד־טעג, און אַפֿילו שבת בייטאָג איז אונדזער באַליבטע שפּיל געווען אַ שפּיל אין זעלנערס. זייער גליקלעך זיינען מיר געווען, ווען מיר האָבן געקענט איינטיילן זיך אין צוויי מחנות, מערסטנס פֿון די צוויי חדרים. יעדער חדר האָט אויסגעקליבן זיין גענעראַל, די אָפֿיצירן, די לויפֿערס, און פֿאַרשטייט זיך די פּשוטע סאָלדאַטן. מיר פֿלעגן דורכפֿירן פֿאַרשיידענע מאַנעווורעס און אָפּטמאָל אויך „אמתע מלחמות" פֿון די צוויי מחנות, מלחמות פֿון וועלכע מיר זיינען אַהיים געקומען צעקיילטע און צעביילטע.

איך, ווי דער ייִנגסטער חדר־ייִנגל, און טאַקע ווייל איך האָב געקענט דעמאָלט גוט לויפֿן, בין מערסטנס געווען פֿון דעם גענעראַלס

לויפערס און אויסקוקערס, פון די די אחשתרנים הייסט עס. שפעטער האָב איך זיך שוין אַפילו אַרויפגעאַרבעט צו אַ העכערן טשין, עפּעס אַ מין אָפיציר, אָדער וויצע־גענעראַל.

איינער פון אונדזערע חדר־ייִנגלעך, וואָס זיין פאָטער האָט גע־האַנדלט מיט אויפּס, פלעגט אונדז אין די פאַרנאַכטן אַריינלאָזן אין זיין טאַטנס אויבס־קעלער. מיר פלעגן אַרויסלקחנען די פּאָמעראַנצן־קעסטלעך און פון דעם דינעם האָלץ פלעגן מיר מאַכן שווערדן, שפּיזן און די אַנדערע כלי־זין. צומאָרגנס, נאָך אַזאַ עקספּעדיציע, פלעגט מיין חבר קריגן פון זיין טאַטן דעם פאַרדינטן פּסק, ווען דער אויפּס־הענדלער האָט געפונען אַז אַלע פּאָמעראַנצן ליגן אויסגעשאָטן אויף דער הוילער ערד.

אָפטמאָל פלעגן די צוויי מחנות אויפבויען באַזונדערע „פעסטונ־גען" און הויפּט־קוואַרטירן פאַר זייערע גענעראַלן און מקורבים. מיר פלעגן פון די אָנגעלייגטע ציגל און בוי־מאַטעריאַלן ביי די נאָך נישט געענדיקטע בנינים, אָדער גאָר פון דער נאָענטער ציגעלניע, צו־לקחנען די אַלע נייטיקע מאַטעריאַלן און געציייגן פאַר אונדזערע „פעסטונגגען". אַ שבת פאַרנאַכט אָדער נאָכמיטאָג, ווען אונדזערע על־טערן זיינען געשלאָפן, פלעגן מיר — פאַרגעסנדיק די עבירה פון חילול־שבת — אויפבויען אָט די אַלע „קרעפּאָסטן און שלעסער" און דורכפירן און צוגרייטן די אַלע נייטיקע תכסיסי־מלחמה.

איין צרה און מורא האָבן מיר געהאַט: די שכנישע שקצים מיט זייערע הינט האָבן אונדז זייער דערקוטשעט און געפּייניקט. ספּעציעל פלעגן מיר האָבן צרות פון אַ חברה יונגע שקצימלעך, אָבער געפער־לעכע בויאַנעס, אויף וועלכע מען פלעגט אַפילו זאָגן, אַז זיי זיינען ממזרים אָן טאַטע־מאַמע. זיי פלעגן זיך שטענדיק האַלטן ביי די הויכע ווענט אַרום די אייזנבאַן־טויערן. זיי פלעגן גנבענען קוילן אָדער אָנ־שטאָפּן פולע זעק פון מיאַל, וואָס איז געלעגן גאַנצע בערג לעבן די באַן־פאַבריקן און רעלסן. זיי פלעגן נאָכדעם אָט די „מציאות" פאַר־קויפן צו די שכנים, און פון דעם לייזעכץ פלעגן זיי זיך אויפהאַלטן.

אָט די יונגע באַנדיטן פלעגן שטענדיק ליגן שעהנוויז לעבן די אייזנבאַן־טויערן און אָפּוואַרטן די חדר־ייִנגלעך, כדי זיי מכבד צו זיין מיט קלעפּ און בייטשן. ספּעציעל פלעגן זיי זיך טשעפּען צו אונדזערע שוין אויסגעוואַקסענע פּיאות, וואָס אָט די ממזרים האָבן זייער ליב געהאַט צו רייסן. אָדער זיי פלעגן גאָר ביי אונדז אַראָפּכאַפּן די חסידי־

שע היטעלעך, אַוועקלויפן מיט זיי און אונדז לאָזן שטיין אין מיטן גאַס. מיר וועלן דאָך נישט לויפן בגילוי ראָש — דאָס האָבן זיי שוין געוואוסט. פלעגן מיר שטיין אין מיטן גאַס, צודעקן דעם קאָפּ מיט די הענט און וואַרטן ביז אַ ייד וועט פאַרבייגיין און אונדז „ראַטעווען". ווינטער־צייט פלעגן זיי גאָר זיך איזדעקעווען איבער אונדז. מיט אַ ספּעציעלער עשו'שער הנאה פלעגן זיי ליב האָבן צו שמייסן מיט זייערע שטריק אָדער מיט ספּעציעלע בייטשן איבער אונדזערע פאַרפרוירענע אויערן.

די ממזרים פלעגן אַפילו נישט שאַנעווען קיין אַלטע לייט. איינ־מאָל, ווען איך בין שוין געווען גרעסער — זייענען אַט די בויאַנעס באַפאַלן דעם אַכציקיאַריקן האַלב־בלינדן ר׳ שמואל, צוגעכאַפּט ביי אים זיין שטעקן און אים פאַרוואָרפן ווייט אויפן מיאַל־באַרג. ר׳ שמואל איז געבליבן אַזוי שטיין אין מיטן גאַס, דערשראָקן און אומבאַהאָלפן. איך האָב שוין דעמאָלט געלערנט אין דעם גרויסן שטאָטישן בית־המדרש און איך האָב דווקא אַט די סצענע דערזען גייענדיק אַהיים אויף מיטאָג. איך ווייס נישט ווי אַזוי ס'איז געקומען צו מיר, אָבער ס'איז עפּעס אַריין אין מיר אַ ווילדער כוח און איך בין צוגעלאָפן צו אַט די בויאַנעס, צוגעכאַפּט ביי איינעם זיינע שטריק און פאַרבונדן עטלעכע פון זיי און צוגעשלעפּט צו מיין היים. אַט די „גרויסע העלדן" האָבן זיך מסתמא דערשראָקן פאַר מיין כעס און זיך געלאָזט שלעפּן אַזוי ווי די לעמעשקעס איבער עטלעכע גאַסן ביז צו מיין טאַטנס קראָם, צו דער פאַרוואונדערונג און פרייד פון אַלע יידישע און אַפילו גויאישע שכנים.

נקמה נעמען פון די שקצים און פאַסקודניאַקעס פלעגן מיר, חדר־ייִנגלעך, אין שבת נאָכמיטאָג, ווען אונדזערע עלטערן פלעגן אונדז מיטנעמען אין שטאָט אַריין אין די יידישע גאַסן. דעמאָלט פלעגן מיר, די יידישע יינגלעך וואָס האָבן געוואוינט אין די פאַרשיידענע גויאישע פאַרשטעט און וואָס האָבן אַ גאַנצע וואָך זיך געגנוג אָנגעליטן פון די שקצים, זיך צוזאַמענגענעמען גרופּעסוויז, אַריינגענעמען אין חברותא די שטאָטישע קינדער, אָדער אַזוי ווייסע־חברה־הניקעס וואָס זייענען שטענדיק להוט נאָך אַזעלכע מצוות — און מיר פלעגן אָפּוואַרטן ערגעץ אין אַ הינטער־געסל. האָט זיך נאָר באַוויזן אַ שייגעצל, האָבן מיר באַקומען אַ קרבן, ס'קען זיין אַ גאַנץ אומשולדיקן. מיר האָבן אים שוין באַ־צאָלט פאַר אַלע אונדזערע ווייטיקן און פּייַנען דורך דער וואָך און נקמה גענומען, הייסט עס, אין די פלשתים ווי ס'געהער צו זיין.

# קינדערשע זינד

ווען מיר זיינען מער אונטערגעוואַקסן, האָבן מיר דורכגעפירט אַנדערע „שטיק״. מיר פלעגן שוין גיין זיך באָדן, אָפטמאָל פאַרטאָגס, אין דעם טייך לעבן דער ציגעלניע. פאַר שבועות פלעגן מיר גיין צוזאַמען רייסן גרינס אין די אַרומיקע פעלדער און פעלדער. הושענא־רבה פאַרטאָגס פלעגן מיר זיך אַרויסלאָזן רייסן הושענות פון די ביימעלעך וואָס זיינען געוואַקסן ביי דער סטראַווע, און מיר פלעגן אויך זיך לאָזן אין וואַלד אַריין צוזאַמען רייסן בערעלעך און שטעכעלעך אויף תשעה־באָב.

אָפטמאָל פלעגן מיר זיך מאַכן בשותפותדיקע חדר־סעודות. מערסטנס איז דאָס געווען אַ פרייטיק נאָכמיטאָג. אין חדר גייען מיר נישט; קלייבן מיר זיך צונויף ביי עמעצן אויפן הויף צי אויף אַ וועראַנדע. מאַמעס זיינען אונדז מכבד מיט גוטע יאַגדע־קיכלעך, מלינטשעס און אַנדערע נאַשערייען. מיר פלעגן אויך אָפטמאָל זיך אַרויסלאָזן צום מאַרק, זיך צוגנבענען צו די פערד און אַרויסרייסן פון זייערע עקן האָר פאַר די סמיטשיקעס פון די „פידלען״, וואָס מיר האָבן זיך אַליין געמאַכט פון פאַמעראַנצן־קעסטלעך פון אונדזער חברס אויפּסקעלער.

און את חטאי אני מזכיר. מיר פלעגן אַמאָל גאָר דורכפירן געוואַגטע אונטערנעמונגען. האָט אונדז אויסגעפעלט למשל „געטראַנקען״ פאַר אונדזערע סעודות, זיינען מיר באַכגעלאָפן די וועגענער פון די יידן וואָס האָבן פאַרקויפט סאָדע־וואַסער מיט סאָק. און ווען אַזאַ ייד פלעגט נישט זען, האָבן מיר זיך אַרויפגעכאַפּט פון הינטן אויפן וואָגן, און אַזוי זיך שטילערהייט „גענעמען״ אַ פאָר פלעשלעך סאָדע־וואַסער (ס'קען זיין, אַז פון דעמאָלט אָן איז נאָך ביי מיר פאַרבליבן עד־היום אַ יצר־הרע צו סאָדע־וואַסער), אָדער מיר האָבן געקריגן כיבוד פאַר אונדזערע סעודות דורך אָן אַנדער איינפאַל. מיר האָבן זיך געמאַכט שטעקנס מיט בעגל אין שפיץ; מיר פלעגן זיך אַזוי שפּאַצירן פאַרביי די סחורה־שטעלן פון די שפייז־קרעמערס אָדער מאַרק־יידענעס, זיך שטילערהייט דרייען פאַרביי די אַלע שטעלן מיט די יצר־הרעדיקע לאַקעטקעס — און אַזוי קונציק אַ מאַך טאָן מיטן שטעקעלע און —שוין האָבן מיר אין קעשענע פון אונדזערע לאַנגע כאַלאַטן דאָס וואָס אונדזער האַרץ האָט געלוסט.

אַמאָל פלעגן מיר זיך אַרויסלאָזן אויף אַ גאָר געוואַגטער אונטער־

נעמונג. די פויערים וואָס ברענגען זייערע פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין האָבן געדאַרפט צאָלן ראַגאַטקע־געלט. פלעגט אַ ייד אָפּדינגען די ראַגאַטקע און ער האָט שוין געהאַט דאָס רעכט איינצומאָנען דאָס געלט פון די אַריינפאָרנדיקע פויערים. אַזוי ווי ס'זיינען געווען פאַרשיידענע וועגן וואָס פירן אין שטאָט אַריין, האָט אַזאַ ראַגאַטקע־ייד צעשטעלט זיין גאַנצע משפחה איבער די פאַרשיידענע אַריינפאָר־וועגן. זיי פלעגן איינמאָנען ביי די פויערים די פאָר גראָשן פאַר ראַגאַטקע. ווען אונדז האָט אויסגעפעלט געלט פאַר אונדזערע „פאַנדן און פאַרגעניגנס", ספּעציעל אין די פרייטיקן און מאַרק־טעג, פלעגן מיר זיך אַרויסלאָזן אויף די וועגן, זיך אַוועקשטעלן נאָך פאַר די ערטער וואו דער ראַגאַטקע־ייד האָט צעשטעלט זיינע מענטשן און מיר האָבן ביי די אומשולדיקע פויערים איינגעמאָנט דאָס געלט. די פויערים האָבן פאַרשטייט זיך שפּעטער נאָך אַ מאָל געמוזט באַצאָלן. אָבער מיר האָבן מיט דער „חכמה" געהאַט שוין גענוג געלט פאַר אונדזערע סעודות.

מיר זיינען באַגאַנגען פאַרשיידענע קינדערשע זינד, אָבער מיר האָבן אויך געהאַט אַ סך מצוות. מיר האָבן געהאַט אונדזערע ליידן און פריידן, אונדזערע פאַרגעניגנס און טרויערן. דער גרעסטער נחת האָט אונדז פאַרשאַפט דער שבת, דער יום־טוב. אוי, וויפל פרייד און פאַרגעניגן דער יידישער יום־טוב האָט געגעבן דעם יידישן קינד! אין אָרעמקייט און אין עשירות אַלעמען האָט דער יום־טוב און דער שבת פאַרשאַפט נחת און גליק. פריילעכע, מזלדיקע אַמאָליקע יידישע קינדער־יאָרן! לאָמיר נישט באַדויערן און נישט באַווייגען דאָס אַמאָליקע יידישע קינד. הלוואי וואָלטן מיר היינט, אין די איצטיקע שוין זאַטערע יאָרן און אין דער איצטיקער שוין אַזוי גערופענער עמאַנציפּירטער יידישער סביבה, שאַפן ביי אונדזערע קינדער אַזעלכע פריילעכע און זאַפטיקע גן־עדן־טעג, ווי מיר האָבן געהאַט אין אונדזער אַלטער היים, אין אונדזערע אַמאָליקע קינדער־יאָרן.

## דאָס ערשטע שולעכל

אין אָנהייב האָט אונדזער געגנט קיין אייגענע שול אָדער שטיבל נאָך נישט געהאַט. גיין דאַוונען אין די גרויסע שולן, בתי־מדרשים און חסידישע שטיבל'עך פון שטאָט פלעגט מען נאָר ביי ספּעציעלע געלעגנהייטן (ימים־נוראים, יום־טובים, צו גרויסע שטאָטישע אַסיפות, אָדער ווען ס'איז געקומען אַ באַרימטער מגיד). עס איז געווען זייער

וויט. קיין עירוב צו מעגן טראָגן שבת איז נאָך אויך דעמאָלט נישט געווען ביי אונדז אין שטאָט. די יידן פון אונדזער געגנט האָבן זיך אָבער שוין אָנגעהויבן צו פילן ווי באַעגטע באַקאַנטע און אייגענע, און צו־ביסלעך האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען צו וועבן אַ מין אייגן קהילה־לעבן. מען האָט גענומען שאַפן קהילישע אינסטיטוציעס.

צוערשט האָט מען אין די שבתים געדאַוונט צוזאַמען ביי פאַר־שיידענע שכנים אין די הייזער, אָבער שפּעטער איז דער עולם אויפגע־ריכט געוואָרן, ווען דער גביר פון געגנט, ר׳ יונה גאָלדלוסט, דער אייגנטימער פון טאַרטאַק, האָט איינגעלאַדן די שכנים צו האָבן אַ שטענדיקן מנין ביי זיך אין הויף.

דער טאַרטאַק איז געווען גאַנץ היפּשלעך אַרויסגערוקט פון הויפּט־וועג. מען האָט געדאַרפט גיין אַ היפּשן מהלך דורך פעלדער און שאָסייען, דורכקרייצן די הוטעס און פאַרבייגיין לעבן טייך, אָבער פאַרן עולם איז אָט די איינלאַדונג געווען אַ געווינס.

ערשטנס, דאָס חברן זיך מיטן גביר, ר׳ יונה גאָלדלוסט. ר׳ יונה איז געווען אַ געבילדעטער ייד, אַ שטיקל משכיל, אַ פריינדלעך דע־מאָקראַטישער מענטש. פאַרן דאַוונען פלעגט ער זיך דורכריידן מיט די שכנים, איבערגעבן די נייס פון ז׳ער וואָך, פאַרלייענען די „הצפירה״. שבת און יום־טוב נאָכן דאַוונען פלעגט די מאַדאַם גאָלדלוסט און אירע טעכטער מכבד זיין דעם עולם מיט כיבוד, מען האָט געמאַכט קידוש. די שוין דערוואַקסענע זין, אינטעליגענטע חסידיש־נגידישע יונגעלייט. פלעגן זיך אויך חברן מיטן עולם, און אונדז ייִנגערע קינ־דער פלעגן זיי באַווייזן און דערקלערן דעם שכל פון די פאַרשיידענע זעג־מאַשינען און זעג־פּראָצעסן. איין זון האָט מיר אַמאָל אַריינגעשטופּט דאַכט זיך, דעם ספר חשמונאים. שפּעטער, ווען איך בין זייער פרום געוואָרן און האָב אויסגעפונען, אַז עס געהער צו די ספרים חיצונים, בין איך דערפון פּטור געוואָרן.

פאַר אונדז קינדער איז אָט ז׳אָס גיין דאַוונען צו ר׳ יונה גאָלד־לוסט שולעכל געווען אַ גרויס פאַרגעניגן. קודם דאָס גיין אַליין אי־בער פעלדער, שאָסייען, פאַזע טייך און הוטעס. מיר פלעגן קוקן מיט גרויס קנאה, ווי בחורים און מיידלעך שיפלען זיך אויף די קליינע שיפלעך. מיר פלעגן זיך איבערדערציילן די פאַרשיידענע מעשיות און לעגענדעס וועגן דערטרונקענע און וועגן דעם טייך וואָס פאָדערט יעדער יאָר אַ קרבן.

# אַ מעשה מיט אַ הירש

דאָס וואוינען אין אַ פֿאָרשטאָט האָט אונדז קינדער, געגעבן אַ סך פּריווילעגיעס. מיר „האָבן געהאַט" אַ טאַרטאַק. מיר פּלעגן זיך אַרויסכאַפּן אויפֿן טאַרטאַק־פּלאַץ און פֿאַרקריכן אויף די הויך־אָנגעלייגטע ברעטער, מאַכן פּעה־טונגען, פֿירן מלחמות. אונדז פּלעגן ספּעציעל אימפּאָנירן די גרויסע אָפּגעשניטענע ביימער און קלעצער, וואָס מיר האָבן אַזוי ליב געהאַט אויסצומעסטן און שאַצן ווי אַלט זיי זיינען.

פֿון צייט צו צייט פּלעגן מיר זיך גאָר אַרויסכאַפּן שפּאַצירן אין די אַרומיקע וועלדלעך און קלייבן יאַגדעס און בערעלעך. מיר פּלעגן זיך אויך אַמאָל אַריינגנבענען אין די הוטעס און מיט באַוואונדערונג צוקוקן, ווי מען בלאָזט אָן דאָס גלאָז. די גלאָז־אַרבעטער, וואָס האָבן צווישן זיך גערעדט דייטש אָדער פֿראַנצייזיש, האָבן אונדז אָפֿט געוואָלט מכבד זיין מיט אַ שטיקל חזיר־שינקע אָדער מיט קאָלבאַס. מיר זיינען אָבער דערפֿון אַנטלאָפֿן מיט גרויס עקל.

מיר האָבן אָפֿט געזען ביי די שכנישע גויים אין די הויפֿן קעלבלעך, קי, פֿערד און אַנדערע שטוב־בהמות און עופֿות. יעדע בעלי־הביתישע גויאישע פֿאַמיליע, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַן אייגן הויז, האָט אויך געהאָדעוועט פֿאַרשיידענע עופֿות און בהמות, וואָס מיר, יידישע קינדער, האָבן זייער ליב געהאַט. געמיאוסט האָבן מיר זיך אָבער פֿון די חזירים און חזירימלעך. פֿון זייער חזיריש מרוקען האָט אונדז געעקלט. באַזונדער שטאַרק האָט אונדז געעקלט, ווען אַ גויאישער בעל־הבית פּלעגט קוילן אַ חזיר אויף זייערס אַ חגא. דאָס חזירישע קוויטשען האָט אונדז וואָכנלאַנג געריסן אין די אויערן.

טייל יידישע פֿאַמיליעס האָבן פֿאַר די יום־טובים געלאָזט אַרומלויפֿן אויף די הויפֿן הינער, גענדז און קאַטשקעס, וואָס האָבן אונדז טאַקע מזכה געווען מיט פֿרישע אייער אויף יום־טוב.

טאַקע גאָרנישט ווי ביי יידן, האָט ביי אונדז אין הויז זיך געהאָדעוועט אויך אַ הונט, אַ קליין מאָפּסל, וועלכן מיר האָבן זייער ליב געהאַט. דער הירש ביי ר' יונה גאָלדלוסט אין הויף האָט אונדז גאָר שטאַרק פֿאַרכאַפּט. ווען האָבן מיר געזען אַ הירש? און אָט שטייט ער דאָרט דער רץ כצבי פֿון פּסוק, מיט די שיינע פֿאַרדרייטע הערנער, מיט די וואונדערלעכע אומשולדיקע אויגן און קוקט אויף אונדז.

פֿון וואַנען קומט אַ הירש צו ר' יונה גאָלדלוסט? גייט אפֿשר אָט דער רייכער ייד אויף געיעג? לאָזט ער זיך אַרויס, ווי אַלע פּריצים

און ווי עשו אַמאָל, אין די גרויסע וועלדער כאַפּן ווילדע חיות? אָט די פראַגעס פלעגן אונדז גוט עגבערן, בפרט אַז אַרום אונדז זײַנען קיין טיפע וועלדער מיט ווילדע חיות אין זיי זיכער נישט געווען. אונדזער פאַנטאַזיע און די מעשיות פון חומש האָבן אָבער שוין געטאָן זייערס.

האָבן מיר ליב געהאַט צו קוקן אויף דעם הירש, ווי ער שטייט זיך צוגעבונדן צום סלופּ און גריזשעט דאָס גראָז. פאַרוואָס לויפט ער נישט, אָט דער רץ כצבי? מיר האָבן אים שוין פאַרגליכן צו דעם שור הבור פון משיחס צייטן. ער איז דאָך אויך געבונדן. האָבן מיר זיך אָוועקגעזעצט אויף די אָפּגעטעסעטע קלעצער און זיך דערציילט פאַרשיידענע מעשיות פון משיחס צייטן. עפּעס איז דער הירש אונדז געוואָרן אייגן, נאָענט. איך בין מיט דעם הירש געווען גאָר אַ נאָענ־טער מחותן, מײַן נאָמען איז דאָך אויך צבי־הירש!

אויסגעלאָזט האָט זיך מיט דעם הירש זייער טרויעריק. אין איי־נעם פון די ביין־טעג האָט אונדזערער אַ וואוילגעלערנטער שכן גע־מאַכט דעם ערשטן סיום איבער אַ מסכתא, כדי מען זאָל מעגן האָבן אַ פליישיקן מאָלצייט. האָט מען טאַקע טאַקע דורכגעפירט דעם סיום ביי אָט דעם ר׳ יונה גאָלדלוסט אין הויז און מען האָט לכבוד דעם ערשטן סיום־יום־טוב פון געגנט געשאָכטן דעם הירש. מען האָט מכבד געווען דעם עולם מיט געשמאַקן, זיסן הירשן־פלייש. דאָס איז געווען דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל אין מײַן לעבן וואָס איך האָב פאַרזוכט הירשן־פלייש.

## איך הייב שוין אָן לערנען גמרא

אַ ביין־צען־יאָריקער בחור, האָב איך געדאַרפט אַריבער צו אַ גמרא־מלמד. און דאָס שוין אין שטאָט. מײַן פאָטער האָט דעמאָלט געהאַט פרנסה ברווח. האָט ער מיך אָנגעגעבן צו דעם בעסטן גמרא־מלמד פון שטאָט. כאָטש מײַן פאָטער איז נישט געווען קיין רייכער, האָט ער שטענדיק זיך אָנגעשטרענגט מיך צו שיקן צו די בעסטע מלמדים, צוזאַמען מיט די גבירישע קינדער פון שטאָט.

אין דעם נייעם גמרא־חדר האָב איך אָנגעהויבן לערנען נאָך פּסח, און איך בין דאָרט געווען דער ייִנגסטער תלמיד. מײַנע ברידער זײַנען שוין דעמאָלט ביידע געגאַנגען אין דער זשאַנדאָווער שקאָלע, וואו איי־נער פון די לערערס איז געווען מײַנער אַ קרוב.

מיר איז אויסגעקומען צו גיין איינער אַליין יעדן טאָג פון אונדזער ווייטער געגנט הינטער דער שטאָט אין שטאָטישן חדר אַרײַן. און כאָטש

איך בין באַלד געוואָרן חבר מיט די אַנדערע חדר־יינגלעך, די „אַריס־טאָקראַטישע" קינדער פון שטאָט, ווי דעם רבס אייניקלעך פון דער איש־הורוויץ־משפחה, האָט מיין לערנען אין דעם חדר נישט לאַנג געדויערט. אפשר ווייל איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַזוי יונג, דער יינגסטער תלמיד צווישן אַזויפיל עלטערע קינדער; אפשר ווייל איך האָב דאָך נישט געהאַט מיט זיך קיינעם פון מיינע חברים פון אונטער דער קאַליע, אָדער אפשר ווייל איך האָב זיך בכלל געפילט עפעס פרעמד אין דעם אַנגעפּראָפּטן יידישן קוואַרטאַל, מיט די שטעלעכלעך פון די פּשעקופּקעס.

דאָס גיין אין חדר און אַהיים איז מיר גראָד יאָ געפעלן. ערשטנס, האָב איך דאָך געדאַרפט פאַרבייגיין דעם וואָקזאַל פון דער וואַרשעווער־ווינער באַן, וואָס פלעגט פאַרביילויפן אונדזער שטאָט. פלעג איך זיך אַריינכאַפּן אין וואָקזאַל און מיט פאַרוואונדערונג זיך צוקוקן צום אָנקומען און אָוועקפאָרן פון דער באַן. די „שוואַכקייט" הנאה צו האָבן פון די אָנקומענדיקע און אַוועקפאָרנדיקע באַנען איז ביי מיר פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן. גייענדיק אַהיים פון חדר, פלעג איך אויך ליב האָבן, דורכקרייצנדיק דעם קאַליע־גאָרטן, צו פאַרבלאָנדזשען און פאַרקריכן אויף די פאַרלאָזענע סטעזשקעס, הנאה האָבן פון די פאַרשיידענע בלומען־בייטן אַרום די טייכלעך, אָדער אַזוי פאַרקוקן זיך אויף די קאַטשקעס און באַטשאַנעס וואָס שווימען אַרום אין די טייכלעך.

איך פלעג אויך מוזן פאַרבייגיין דעם גרויסן קרימינאַל. פעטריקאָוו איז געווען באַקאַנט אין פוילן מיט גרויסע טורמעס און (שפּעטער, בשעת דער רעוואָלוציע פון 1905, זיינען אין אונדזערע טורמעס געווען פאַרשפּאַרט אַ סך פּאָליטישע אַרעסטירטע פון פוילן, „ציצי־ליסטן" און אַחדות־לייט). דער קרימינאַל איז באַשטאַנען פון אַ צאָל געביידעס, פול מיט קליינע פאַרגראַטעוועטע פענצטערלעך. פון דאָרטן האָבן אַרויסגעקוקט די קרימינאַלניקעס. ביי אונדז זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן באַוואוסטע פאַרברעכערס און גנבים וואָס זיצן אין קרימינאַל. עס פלעגט זיך אָפט דאַכטן, אַז עס קוקן אַרויס פון אָט די פאַרגראַטעוועטע פענצטערלעך טאַקע אָט די פאַנטאַסטישע פאַרברעכער־העלדן.

אויף די טראָטואַרן אַרום די טורמע־געביידעס פלעגן פּאַטראָלירן סאָלדאַטן מיט אויסגעשטעלטע ביקסן און שווערדן. מען האָט אויך געקאָנט זען צופאָרן און אָפּפאָרן פאַרמאַכטע שוואַרצע טורמע־וועגענער מיט פאַרשפּאַרטע קרימינאַלניקעס. אָפט פלעגט מען אויך זען

קופקעלעך מענטשן שטיין לעבן טויער — אַמאָל אויך באַקאַנטע ייִדי־שע פּנימער פון שטאָט, וואָס האָבן טרויעריק געוואַרט אַריינגעלאָזט צו ווערן צו זייערע אייגענע. דער קרימינאַל פלעגט אָנוואַרפן אַ שרעק. מען האָט נישט געטאָרט גיין אויפן טראָטואַר לעבן קרימינאַל. אָבער נאָך מער שרעק און אַנדערע מאָדנע געפילן האָט אַרויסגערופן דער קאַשטשאָל, וואָס איז געשטאַנען קעגן דעם קרימינאַל. ער איז שטענ־דיק געווען געפּאַקט. פון דרויסן אַרום די טויערן זיינען געזעסן בעטלערס און אַלטע „באַבעס און דזשאַדעס", וואָס האָבן אויסגעזונגען פרום־צעצויגענע בעטלער־לידער. פון אינעווייניק פלעגן זיך הערן צעצויגענע אָרגל־טענער און עפּעס אַזאַ גויאיש געזאַנג.

חדר־ייִנגלעך פלעגן זיך שטענדיק פאַרשטאָפּן די אויערן ביים פאַרבייגיין דעם קאַשטשאָל, כדי חלילה נישט צו הערן דאָס טרייפענע געזאַנג. אַמאָל פלעגט זיך פאַרגלוסטן אַריינצוקוקן אינעווייניק, אָבער מיר פלעגן מיט אַלע פאַרשיידענע מיטלען באַזיגן אָט דעם יצר־הרע. מיר זיינען אַפילו נישט געגאַנגען אויף דעם טראָטואַר פון קאַשטשאָל. דאָך פלעגן מיר אָפט זען שפּאַצירן פרעמד־אויסזעעדיקע און מורא־אַרויסרופנדיקע גלחים, מאַנאַכן און מאַנאַשקעס. מיר האָבן מבטל געמאַכט אָט די גאַנצע גויאישע פרומקייט מיט דעם באַקאַנטן פסוק: שקץ תשקצנו, און אויסשפּייען דריי מאָל: טפו, טפו, טפו.

אויף איין זייט גאַס — דער פּחד־אָנוואַרפנדיקער קרימינאַל מיט די פּאַטראָלירנדיקע זעלנערס. אויף דער צווייטער זייט גאַס — דער פאַרמיאוסטער קאַשטשאָל. פלעגן מיר דערפאַר איבערלויפן אין מיטן גאַס, אַבי גיך איבערצוקומען דאָס פאַרבייגיין און מיט פרייד אַריינלויפן אין דער ייִדישער געגנט מיט די יאַטקעס, מיטן ייִדן־מאַרק און ייִדן־גאַס, מיטן דריי־פּלומפּ און מיטן „מקום" וואו מיר פלעגן שוין זען באַקאַנטע טרעגערס און דראָזשקאַזשעס. און אָט קומען מיר שוין מיט פרייד אָן אין דער שול־גאַס, וואו ס'זיינען די מערסטע חדרים.

מיין לערנען דעם ערשטן זמן אין גמרא־חדר איז מיר נישט איינ־געגאַנגען. די מאַמע פלעגט מיר יעדן טאָג מיטגעבן אַ גוטן צובייסן און אַחוץ דעם אויך אַ פּאָר קאָפּיקעס קליינגעלט. זי האָט אויך אָנגע־זאָגט דער ייִדענע, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברוק אין דער ייִדן־גאַס און פאַרקויפט באָב, צוקערלעך און זיסע געטראַנקען מיר צו געבן אַלץ וואָס איך וויל אויף באָרג. חוץ דעם פלעגט די מאַמע גאַנץ אָפט אַריינפאַלן אין חדר צו זען וואָס איך מיזיניק מאַכט. דער רבי און די רביצין זיינען אויך געווען זייער גוט צו מיר, האָבן מיר אַרויסגעוויזן

גרויס ליבשאַפט, באַזונדער ווען איך בין אין אַ קורצער צייט געוואָרן דער בעסטער תלמיד פון חדר. אָבער דאָס אַלץ איז מיר נישט איינגעגאַנגען. איך האָב נישט געקענט איינזיצן רואיק און האָב זייער געבענקט אַהיים. איך פלעג יעדן נאָכמיטאָג זיך פשוט צעוויינען. אַזוי ווי איך האָב זיך געשעמט, האָב איך געזאָגט, אַז איך וויין מחמת דער קאָפּ טוט מיר ווי. מיין דערשראָקענע מאַמע האָט מיך גענומען צו אַ דאָקטער און דער דאָקטער האָט אָנגעשטעלט אַ „דיאַגנאָזע", אַז דער קאָפּ־ווייטיק קומט פון דעם הייסן בעקער־אויוון, וואָס געפינט זיך לעבן דעם חדר. מען האָט מיך באַפרייט פון עטלעכע שעה לערנען, ספּעציעל טאַקע אין די נאָכמיטיק־שעהן, ווען דער בעקער פלעגט איינהייצן דעם אויוון. דער רבי האָט מיר געגעבן נאָך אַ סך פּריווילעגיעס און קאָנצעסיעס, אָבער דער קאָפּ האָט נאָך אַלץ „ווי געטאָן" דעם גרויסן צען־יאָריקן גמרא־העלד, וואָס בענקט נאָך דער מאַמעס פאַרטעך.

מען האָט מיך אַרויסגענומען פון חדר אין מיטן זומער. דער רבי האָט שטאַרק געבעטן דעם טאַטן דאָס נישט צו טאָן. ער האָט אַפילו געוואָלט באַפרייען דעם טאַטן פון שכר־לימוד. מען האָט אין דעם יחוסדיקן חדר געצאָלט פיר־פינף רובל אַ חודש, אַ גרויסע סומע צו יענער צייט. דער רבי האָט — אַזוי האָט מיר מיין מאַמע שפּעטער דערציילט — געזאָגט אַז איך בין געוואָרן ביי אים אַ מין צוציאונג און איך האָב אים באַרימט געמאַכט דאָס חדר. איך פלעג טאַקע, אין די פּאָר חדשים וואָס איך בין יאָ געגאַנגען אין חדר, יעדן שבת גיין צום רב אין שטאָט, דער דעמאָלט באַרימטער גאון ר' שמחה יאיר און זיך לאָזן פאַרהערן ביים רב צוזאַמען מיט זיינע אייניקלעך, וואָס האָבן אויך געלערנט אין דעם חדר.

מיין רבינס רייד האָבן אָבער נישט געהאָלפן. מיין געזונט איז דאָך געשטאַנען אין קאָן. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער עפּיזאָד פון מיין לערנען אין אַ גרויסן שטאָטישן חדר.

## די שולן, בתי־מדרשים און שטיבלעך

אין אונדזער קאַנט אין פּוילן פלעגט מען חסידישע קלויזן רופן שטיבלעך. אין יעדער שטאָט זיינען געווען פאַרשיידענע שטיבלעך לויט דער רבישער אָנהענגערשאַפט: געווען עטלעכע גערער שטיבלעך, אַן אַלעקסאַנדרער, אַ ראַדאָמסקער, אַ סאָכאַטשעווער, אַ ראַדזינער שטיבל. די פּאָפּולערסטע חסידישע דינאַסטיע איז אין מיינע יאָרן גע־

ווען די גערער. אין די גערער שטיבלעך האָבן זיך אויך נאָך געפונען אַ ביסל אַלטע קאָצקער חסידים, זקנים און ישישים, וואָס זיינען געווען דער סולת פון דעם גערער חסידות. צו אַ קאָצקער חסיד האָט מען זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדערן יראת־הכבוד. אַ קאָצקער חסיד פלעגט אָפט איבערדערציילן פאַר די „יינגערע" גערער חסידים תורה און איבער־געבן זכרונות פון אַמאָליקן קאָצקער הויף. עס זיינען געווען אויך עט־לעכע חסידישע שטיבלעך פון די פשוטע פראָסטאָקישע שולעכלעך, אָן ספּעציעלן חסידישן נוסח און אָן אייגנאַרטיקע באַזונדערע טראַדיציעס און מנהגים.

בכלל איז אונדזער שטאָט געווען אַ חסידישע פעסטונג. אפילו אין די שטאָטישע בתי־מדרשים האָט מען געדאַוונט לויטן ספרדישן נוסח. דאָס איינציקע פלאַץ, וואו מען האָט ביי אונדז געדאַוונט לויטן אַשכנזישן נוסח, איז געווען די גרויסע שטאָט־שול. דער רב פון אונדזער שטאָט, דער שוין דערמאָנטער ר' שמחה יאיר, איז געווען אַן אַלטער קאָצקער. האָט ער דערפאַר אין שול געדאַוונט נאָר אין די ימים־טובים, אין די שבתים (ווי למשל שבת־הגדול), ווען ער פלעגט דאַרפן האַלטן אַ דרשה און ביי אַנדערע אַזעלכע עפנטלעכע געלעגנהייטן. אין די געוויינטלעכע שבתים און אין די וואָכן־טעג פלעגט אונדזער רב האָבן אַ מנין ביי זיך אין הויז אין בית־דין־שטיבל, און אַמאָל פלעגט ער אויך דאַווענען אַ שבת אין דעם נאָענטן גערער שטיבל.

ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן צו חברן מיטן רבס אייניקלעך, פלעג איך אויך ביי אָט די יום־טובדיקע מאָמענטן שטיין צוזאַמען מיט זיי לעבן דער מזרח־וואַנט, לעבן רב. אָפטמאָל פלעגן מיר, יינגלעך, איבער־קלערן, צו אונדזער רב, דער באַרימטער קאָצקער חסיד, זאָגט טאַקע שמונה־עשרה לויט דעם אַשכנזישן מתנגדישן נוסח, וואָס איז אָנגענומען אין דער שול.

אונדזער שטאָט־שול איז געווען איינע פון די עלטסטע שולן אין פוילן. אויפן אַלטן בית־עולם לעבן דער שול האָט מען נאָך געקענט זען אָפּגעריבענע, איינגעזונקענע אַלטע מצבות פון דריי־פיר הונדערט יאָר צוריק. די שול איז געווען זייער אַ גרויסע מיט הויכע, דיקע ווענט, וואָס האָבן איבערגעלעבט אַסך שריפות און פאַרשיידענע פאָגראָמען. הויכע פענצטער מיט פאַרביקע שויבן און שיין־געשניצטע געזימסן זיינען אַרויסגעגאַנגען אין אַלע דריי זייטן. די סטעליע איז געווען אויס־געמאָלט מיט די מזלות און אַנדערע געמעלן. איבערן פאָליש איז געווען

די ווייבערשע שול, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ באַלקאָן צו דער שול. דער באַלקאָן איז שטענדיק געווען פאַרדעקט מיט שיינע פאָר־האַנגען. זייער איינדרוקספול איז אונדזער שטאָט־שול געווען אין די ימים־נוראים. הונדערטער יידן פון שטאָט און אומגעגענט האָבן אָנגע־פּאַקט אַלע שטעט און דורכגאַנגג. הונדערטער נשמה־ליכט האָבן אָנגע־וואָרפן אַ טיפע שטימונג פון גאָטספאָרכטיקייט. אונדזער חזן, דער אַל־טער ר׳ משה אָזאָרקעווער, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער חזנישער וועלט מיט זיינע קאָמפּאָזיציעס, האָט מיט זיינע משוררים, צווישן וועלכע ס׳זיינען געווען זיינע אייגענע דריי זין, טאַקע געמיינט מיטן גאַנצן האַרצן אויסצובעטן פאַר דעם גרויסן עולם אַ גוט יאָר.

וואונדערשיין האָט אונדזער שטאָט־שול אויסגעזען אין שבועות. אַ מנהג איז ביי אונדז געווען אויסצופּוצן די שול מיט צענדלינגער ביי־מער און גרינסן. מען האָט אַריינגעשטעלט דיביימער אין די ספּעציעל־אויסגעהוילטע לעכער אין דער פּאָדלאָגע. אַז מען איז אַריינגעקומען שבועות אין שול אַריין, איז דאָרט געווען ווי אַן אמתער וואַלד, טאַקע אַ יום־טוב פון גרינס. ביזן היינטיקן טאָג גייט מיר נאָך דער ריח און דער אקדמות־ניגון פון אונדזער גרויסער שול און די שבועות־טעג.

לעבן דער שול האָט זיך געפונען דער גרויסער שטאָט־בית־מדרש מיט הונדערטער ספרים. אין בית־מדרש האָט מען שוין געדאַוונט אויפן חסידיש ספרדישן נוסח. אין בית־מדרש זיצט מען אַ גאַנצן טאָג און מען לערנט. בית־מדרש־בחורים און אויך אַזוי יידן לומדים, און אפילו סוחרים תורה־לערנערס, וואָס כאַפּן זיך אַמאָל אַריין אין מיטן טאָג אויף עטלעכע שעה איבערצוגיין אַ בלאַט גמרא. די בית־מדרש־בחורים זיי־נען שטאָטישע און אויך פרעמדע, וואָס עסן טעג ביי שטאָטישע בעלי־בתים. אַזוי איז אויך דער בית־מדרש שטענדיק פול און וואַך.

אין בית־מדרש, וואו ווי אין די חסידישע שטיבלעך, האַלטן זיך אויך אויף פון צייט צו צייט אָרעמע אורחים און פאַרשיידענע יידן מיט כתבים. זיי שלאָפן אויף די בענק לעבן אויוון, ווערן מערסטנס אויסגע־האַלטן פון די בעלי־בתים. אַמאָל געפינען זיך אויך אין בית־מדרש — און וואוינען טאַקע דאָרט — די שטאָט־משוגעים און אַזוי פאַרוואָר־לאָזטע קאַליקעס.

אין בית־מדרש און אין שטיבל מאַכט זיך אויך אָפטמאָל אַ יום־טוב, אַ יום דפגרא, דעם רבינס יאָרצייט, אַ סיום המסכתא, קבלת־פּנים פאַר

אַן „אייגענעם" חסידישן נאָכפּאָרער. נו, גרייט שוין דער שמש צו פּאַר אַ פּאָר גראָשן דאָס קערמישל, מען איז אויך מצרף די בית־מדרש־בחורים, און חי געלעבט.

אין בית־מדרש פאַרלייגן זיך אויך אָפּט די דורכפאָרנדיקע מוכרי־ספרים און פאַקן־טרעגערס מיט זייערע סחורות. ערב סוכות קומט אויך דאָרט פאָר דער יאַריד אויף אתרוגים. הושענה־רבה פּאַפּקויפט מען דאָרט די הושענות. אָפּטמאָל פלעגט מען אַריינקומען אין בית־מדרש און גאָר זען ווי חברה־קדישא זעגן ברעטער פאַר אַן אָרון. ווייסן מיר שוין: אַז ייד איז געשטאָרבן און מען ריכט זיך אויף אַ לוויה.

דער בית־מדרש און דאָס שטיבל איז יעדן נאָענט און אייגן, בעת פאַר דער גרויסער קאַלטער שול פילט איר בלויז אַ מין קאַלטן יראת־הכבוד. און האָבן מיר, חדר־יינגלעך, זיך אָפּטמאָל דען נישט געשראָקן ביינאַכט פאַר דער שול? פאַר די מתים וואָס זאַמלען זיך דאָרט? האָט דען נישט יעדערער פון אונדז זיך איינגעחזרט און איינגעלערנט ווי אַזוי זיך צו פירן, בעת עס קומט אים אַמאָל אויס ביינאַכט פאַרבייגיין די שול און אַ מת רופט אים אַריין צו קריאת התורה? מען דאַרף געדענקען, אַז מען טאָר נישט אַוועקלויפן, נאָר ווען מען רופט דיך, דאַרף מען היב־טערווייליקעך אַריינגיין, אויף קיינעם זיך נישט אומקוקן, אַרויפגיין גלייך צום באַלעמער, מאַכן די ברכה, אויסהערן ווי דער טויטער בעל־קורא לייענט די פרשה, ווידער מאַכן די ברכה און אַרויסגיין מיטן פּנים גלייך צו דער טיר, זיך בשום אופן נישט אומקוקן אויף די מתים, אויב מען וויל נישט געניזוקט ווערן. וויפל מעשיות מיר האָבן זיך דאָס אָנ־געהערט וועגן יידן און וועגן יינגלעך, וואָס זיינען יאָ געשעדיקט געוואָרן, ווייל זיי האָבן זיך יאָ אומגעקוקט.

די שול, פונקט ווי אַלע יידישע שולן, האָט קיין מזוזה נישט געהאַט. — אַ שול איז דאָך כולה קודש. ווען מען קומט אַריין קושט מען דאָס ביישטידל אָדער די וואַנט לעבן דער טיר — האָט זי טאַקע ביינאַכט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף אונדז. דערצו נאָך איז זי געשטאַנען לעבן אַלטן בית־עולם. קיין גוטע באַלייכטונג אויף דער שולגאַס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען, בלויז עטלעכע גאַסן־לאָמפּן האָבן אומעטיק גע־לויכטן. האָט מען טאַקע אויסגעמידן פאַרבייצוגיין לעבן דער שול. שפּעטער־צו, ווען איך האָב געלערנט אין בית־מדרש און פלעג גיין אַהיים שפּעט ביינאַכט, האָב איך געמאַכט אַ גאַנצן אומוועג, אַבי נישט צו דאַרפן גיין אויף דעם וועג, אַבי נישט צו קריגן די אומגעריכטע עליה פון די נאַכט־געסט אין שול.

איינמאָל — איך בין שוין געווען אַ גרויסער בית־מדרש־בחור, אַ גאַנצער מאַכער — בין איך אין אַ ווינטער־אָוונט אַהיימגעקומען פון בית־מדרש נאָך אַ געשמאַקן שיעור. כאָטש איך האָב זיך טאַקע גלייך גענומען גיין דורך דער פאַרקערטער ריכטונג פון שול־בנין, האָט עפּעס אַ ווייסע זאַך זיך באַוויזן פאַר מיר. איך האָב זיך גוט דערשראָקן. איך האָב געמיינט אַז דאָס איז שוין אַ חברה־מאַן פון די ביינאַכטיקע שול־בעלי־בתים געקומען מיך מקבל פנים זיין, אָדער אַזוי עפּעס אַ פאַר־בלאָנדזשעטע נשמה פון נאָענטן בית־עולם יאָגט מיך נאָך. אַזוי ווי איך האָב אָבער נישט געהערט מיך אויפרופן צו דער תורה, האָב איך גע־נומען לויפן אַהיים, איך בין געלאָפן אָן אָפּשטעל צענדלינגער גאַסן ביז אונטער דער קאָליע וואו מיר האָבן געוואוינט. מיר האָט זיך אָבער אַלץ געדאַכט אַז די „ווייסע זאַך" פליט מיר נאָך און באַגלייט מיך אַהיים. איך האָב קוים מיט צרות אַריינגעכאַפּט זיך אָן אָטעם אין אונדזער הויז אַריין. אַלע זיינען שוין געשלאָפן. איך האָב שנעל אָפּגעכאַפּט מיין נאַכט־עסן און מיט התמדה געלייענט קריאַת־שמע. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב קיינעם נישט דערציילט פון מיין „דערפאַרונג", כדי מען זאָל מיר נישט שטערן דאָס ווייטערדיקע לערנען אין גרויסן שטאָט־בית־מדרש.

## אַ חסידים־שטיבל אין אונדזער געגנט

ווען אין דער געגנט אונטער דער קאָליע האָבן זיך שוין געהאָט באַזעצט היפּשע צענדלינגער פאַמיליעס, איז צייטיק געוואָרן ביי די שכנים דער געדאַנק אויפצושטעלן אַן אייגענעם מקום־קדוש. מען האָט זיך גענומען גרינדן אַן אייגן שטיבל, יאָ — טאַקע אַ שטיבל, אָבער ניט פון אַ געוויסן חסידישן הויף. מען האָט דעם נייעם מקום־קדוש גערופן שטיבל, ווייל די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים זיינען געווען חסידים, און זיי קענען דאָך ניט דאַווענען אין אַ פּשוטער שול אָדער בית־מדרש. אַפילו די פּראָסטערע יידן זיינען אויך געקומען פון חסידישע קלויזן האָבן אויך מער הנאה געהאַט צו דאַווענען אין אַ שטיבל. דורכדעם איז מען עפּעס נתעלה געוואָרן. אַ שטיבל־גייער איז מער מיוחס אין פּוילן.

אין געגנט האָבן געוואוינט אַ גרויסע צאָל גערער חסידים, אָבער צוליב דעם וואָס עס האָבן אויך דאָ געוואוינט אַלעקסאַנדער חסידים און אויך צוליב דעם וואָס דער חשובסטער און רייכסטער איינוואוינער איז גאָר געווען דער ראַדאָמסקער חסיד, ר' משה יאַנקל מאַרטנפעלד, וואָס אין זיין געביידע איז טאַקע געווען דאָס ערשטע שטיבל, האָט מען דאָס בית־מדרשל גערופן סתם דאָס שטיבל.

דאָס שטיבל איז מיט דער צייט טאַקע געוואָרן דער אָרגאַניזירטער קהלה־אינסטרומענט פון געגנט. צוערשט האָט מען דאָרט בלויז גע־דאַווענט. שבת און יום־טוב פלעגן זיין צוויי מנינים; די פּראָסטערע בעלי־מלאכות — און אפשר אויך טאַקע עטלעכע לומדישע ותיקים, פלעגט ספּעציעל זומער־צייט, שבת אָפּדאַווענען גאַנץ פרי, כדי צו קענען וואָס פריער הנאה האָבן פון די צוגעגרייטע שבתדיקע מאכלים און אויך פון דעם געשמאַקן שבתדיקן נאָכמיטאָג און נאָכן טשאָלנט־שלאָף. די בני־תורה און חסידישע בעלי־בתים פלעגן שוין פריער פאַרן דאַווענען אַריינכאַפּן אַ פּאָר פּרקים, משניות צי אַזוי אַ שטיקל גמרא, אָדער גאָר אַריינכאַפּן זיך אין שטאָט פאַרן דאַווענען אין מקווה אַריין. זיי פלעגן שוין דאַווענען שפּעטער, נישט געאיילט, געמעסיקט, און טאַקע נאָכן דאַווענען כאַפּן אַ שמועס מכוח פּאָליטיק, מלחמה, אַמאָל אַריינכאַפּן טאַקע אויך אַ קידושל אין שטיבל צוליב עפּעס אַ יום־טובל.

בעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה האָט זיך אונדזער שטיבל איינ־געטיילט אין צוויי פּאַרטייען: רוסן און יאַפּאָנטשיקעס. ר׳ מאיר, אַ ייד אַ קבצן, אַ שאַרפער גערער חסיד און שטענדיקער בעל־מוסף אין די ימים־נוראים, האָט נאָר געוואָלט באַווייזן מיט אַלע תכסיסי מלחמה, אַז דער יאַפּאָנטשיק וועט געווינען די מלחמה. ער האָט דערוויזן באַ־שיימפּערלעך אויף זיין האַנט־מאַפּע ווי דער רוס וועט מוזן כאַפּן די מפּלה ביי מוקדן און וולאַדיוואָסטאָק; ר׳ משה יאַנקל ווידער, דער פּאַטריאַרך פון אונטער דער קאָליע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שטאָטנעם ייד, אַ גביר, וואָס האָט מיט זיין הויכער, ברייטפּלייציקער פיגור און שיינער צעקאַמ־טער רויטער באָרד אַליין אויסגעזען ווי אַ רוסישער גענעראַל, געהאַלטן מיט דער מלוכה און מיט איין מאַך פון דער האַנט זיך אויסגעלאַכט פון ר׳ מאירס אַלע סטראַטעגישע צוגן און שטייף און זיכער דערקלערט אַז דער רוס וועט מאַכן פון דעם יאַפּאָנטשיק כעפרא דארעא.

דאָס שטיבל איז אויך געוואָרן דער באַליבטסטער קהלשער פאַר־זאַמלונגס־פּלאַץ. אַלע האָבן עס געהאָלפן בויען, אַלע האָבן בייגעשטיי־ערט פאַר זיין אויפהאַלט. אַחוץ די עליות און אַנדערע כיבודים, האָט יעדערער אויך געצאָלט חודשלעכן חבר־געלט. די הוצאות זיינען מערס־טנס באַשטאַנען פון צאָלן דאָס דירה־געלט און איינקויפן ספרים, מעבל און עס האַלטן ריין. שפּעטער־צו, ווען עס האָבן זיך שוין באַוויזן איי־גענע בית־מדרש־בחורים און אויך בעלי־בתים בני־תורה — ניי־צוגע־קומענע איידעמלעך אויף קעסט, און מען האָט שוין אויך געלערנט גמרא,

פסוקים און מפרשים — האָט מען געדאַרפט אויך קריגן די הייליקע ספרים, ש״ס ופוסקים, חוץ עין־יעקבס און מדרשים פאַר די פשוטע בעלי־בתים. אַזוי ווי די מערסטע בעלי־בתים פון געגנט האָבן געהאַט פּרנסה, איז מסתמא קיין גרויסער דעפיציט אין שטיבל־בודזשעט נישט געווען. יעדער איינער האָט עפּעס אַריינגעבראַכט. אָט געדענק איך ווי די סטאָליאַרעס האָבן געמאַכט אַ נייעם ארון־קודש, ווי די ווייבער האָבן אים אויסגעפּוצט מיט נייע פּרוכתן און מענטעלעך פאַר די ספרי־תורה. אַ בלעכער האָט געמאַכט שיינע הענג־לייכטערס און העסעס און אַ נייעם כיור. אַנדערע בעלי־בתים האָבן מנדר געווען ספרים און אַנדערע חפצים.

לאָקאַלע פּאָליטיק אַרום גבאות האָט אויך נישט געפעלט. נאָכן האָניק־חודש פון סאַמע אָנהייב, ביים בויען, האָבן זיך אָנגעפאַנגען סכסוכים. די פראָסטערע בעלי־מלאכות און די יידן פון די אַרומיקע דערפלעך, די שווייגערס, און אַנדערע וואָס זיינען געקומען דאַווענען, אויב נענטער ווי אַ תחום־שבת, האָבן אָפּטמאָל געפילט אויף זיך דעם סנאָביזם פון די חסידים די גרויסהאָלטערס. צום מערסטן פלעגט דאָס בולט אַרויסשווימען בעתן איינטיילן די עליות און אַנדערע שול־כיבודים, ווער ס'זאָל טאַקע קריגן דעם אתה־הראית, אָדער מפטיר יונה און — נישט צו פאַרגלייכן — די תוכחה.

האָט דערפאַר יעדער צד געוואָלט אַריינקריגן די אָפיציעלע פּי־רערשאַפט פון שטיבל, דאָס גבאות. מיין טאַטע איז געווען איינער פון די ערשטע איינוואוינערס פון געגנט און פון די הויפּט־גרינדערס פון שטיבל. ער האָט געקענט אויסקומען מיט מענטשן. דערפאַר איז אים אויסגעגע־קומען צו זיין דער גבאי פון שטיבל כמעט די גאַנצע צייט פון דער גרינ־דונג ביז אונדזער משפחהס פאָרן קיין אַמעריקע. פלעגט ער שטיין כמעט יעדן שבת ביים ספר־תורה און אויסטיילן די עליות לויט דער ריי און נייטיקייט. (אפשר איז מיר געבליבן פון מיין טאַטן די ירושה־ראָלע צו זיין אָפּטמאָל פאַרמיטלער און אויסגלייכער ביי די היינטיקע עליה־און כבוד־פּרעטענדענטן אין אונדזער ראַדיקאַל־קולטורעל וועלטל).

מיין טאַטע האָט הנאה געהאַט פון זיין גבאות, און שפּעטער, ווען איך בין אין שטיבל געוואָרן דער וויכטיקסטער בית־מדרש־בחור, פלעגט ער, אויך מסתמא בהסכם כולם, מיט גרויס שטאָלץ מיר איינטיילן גאַנץ אָפט דעם מפטיר און שעפּן נחת פון מיין „איינגעמען די וועלט.״

שמחת־תורה ביי הקפות איז געווען גאָר פריילעך. מען פלעגט ברענ־גען גאַנצע פעסלעך ביר און פלעשער בראָנפן און ווין און הוליען ביז

שפּעט אין אָוונט. מען האָט זיך געלאָזט וואוילגיין און געטריבן לצנות מיט דעם בידנעם ליטווישן שוסטערל, וואָס איז אַריינגעפאַלן אונטער דער קאָליע. אפשר דער איינציקער ליטוואַק אין אונדזער שטאָט, איז ער נעבעך געווען אַ געשטראָפטער הויקער פון פאָרנט און פון הינטן. חברה לצנים, גוט אָנגעשנאָשקעטע, האָבן דווקא געוואָלט אים אַרומטראָגן פאַר אַ הקפה אַרום שולחן און שרייען דערביי עוזר דלים.

אין אונדזער געגנט איז אַ ליטוואַק געווען אַ פרעמד געוויקס, ווי אַ מין פאַרזעעניש רחמני־לצלן. יעדער איינער וואָס האָט נאָר אַרויסגע־רעדט אַן יי אָנשטאָט ײַ — (פלעיש אָנשטאָט פלאַיש) איז אַ באַשעפעניש וואָס מ׳דאַרף לויפן אָנקוקן אויף בייז וואונדער. אין וואַרשע האָבן גע־וואוינט ליטווישע יידן, אָבער אין די פּראָווינץ־שטעט האָט יעדער ניט־פוילישער ייד געהייסן ליטוואַק און מ׳האָט זיך באַצויגן צו אים כמעט ווי צו אַ פרעמדן, אַ מין טערקישן ייד.

און דאָ האָט זיך פלוצלונג אַריינגעצויגן אַזאַ שוסטערל, אַ קליינס, אַ הויקערל, וואָס מען האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט. דאָס ווייב איז דווקא געווען אַ הויכע און אַ שטיין־טויבע, וואָס פלעגט דעם מאַן אָפט דערלאַנגען מיט שטיוול און קאָפּיטעס אין קאָפּ אַריין. צו דערצו האָט מען אויף איר צוגעמורמלט, אַז זי האָט עפּעס צו טאָן מיט דעם לאָקאַלן יידישן גנב סענדערל. און דאָס פאַרל האָט פאַרשאַפט נישט ווייניק שפּאַס אונדזערע לאָקאַלע קיבעצערס און חכמים.

מיין טאַטע, וואָס האָט ביז די שפּעטסטע יאָרן זיינע ליב געהאַט צו־צופּאַסן פאַרשיידענע נעמען און צונעמענישן, האָט דעם קאָליקע אַ נאָמען געגעבן גענעראַל איוואַן פלאַצקאָוו. ער האָט נישט פּראָטעסטירט ווען מען האָט אים מכבד געווען מיט דער תוכחה. תשעה־באָב האָט ער גאַנץ הכנהדיק אויפגענומען די בערעלעך־שטעכעלעך און גאַנץ אָפט די שטיוול, וואָס לצים האָבן געצילט צו טרעפן אין זיין טאָפּלדיקן הויקער אַריין.

זיין טאָג איז געווען שמחת־תורה ביינאַכט צו די הקפות. דער עולם און ער אַליין האָבן גענוג אַריינגעשנאָשקעט, און עס האָט אים גאָרנישט געאַרט ווען דער יונגערמאַן דער גערער חסיד און מנגן — שמחה־דוד, פלעגט אים געבן, דעם איוואַן פלאַצקאָוו, אַ כאַפּ, אַרומוויקלען מיט אַ טלית, און אַ הייב אויף, און אַרומהקפהן מיט אים אַרום בעלעמער, אונ־טערהאָצקען און אויסזינגען דעם עוזר דלים הושיע נא. מיר יינגלעך פלעגן, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּשטיין און באַכטאַנצן און נאָכשפּרינגען, און דער „איוואַן פלאַצקאָוו" פלעגט אַזוי גוט צושמייכלען און זיך פריי־

ען... כ׳וויס נישט צי צוליב דער שמחה פון דער תורה וואָס ער האָט זייער וויניק פאַרשטאַנען; צי מיט זיין אייגענער אומבאַהאָלפנקייט און פרעמדקייט צווישן אַן עדה, פוילישע, פריילעכע, שמחת־תורהדיקן יידן, וואָס ער אָפט נישט פאַרשטאַנען זייער לשון און זייערע מנהגים.

שבת פאַרנאַכט צו שלוש־סעודות זיינען כמעט אַלע בעלי־בתים זיך צוזאַמענגעקומען אין שטיבל פראַווען די סעודה בציבור. מע פלעגט ברענגען אַ שטיקל חלה, אַ שטיקל הערינג, אַמאָל גאָר אַ שטיקל פיש, צוזאַמען זינגען די שיינע ניגונים פון די פאַרשיידענע חסידישע הויפן, און איבערלעבן די וואונדערלעכע שלוש־סעודות־שטימונג פון אַ חסי־דיש שטיבל. צום מערסטן האָט זיך אויסגעצייכנט אַ יונגערמאַן, אַן אַראָפּ־געקומענער אײדעם פון דער פרעמד, וואָס האָט דאָ געהאַט אַ פיין שפּייז־געשעפט, אַ ברענענדיקער גערער חסיד און זייער אַ גוטער מנגן. ביז איצט זע איך נאָך און פיל נאָך אָט יענע שבת־פאַרנאַכטן, ווי אַ פּאָר צענדלינג יידן און בית־מדרש־בחורימלעך זיצן ביי דעם לאַנגן טיש, גע־דעקט מיט שלוש־סעודות־מאכלים, און ביי די שטראַלן פון דער אונ־טערגייענדיקער זון ברומט מען אונטער האַרציקע ניגונים און אתקינו־סעודתא־מאָטיוון.

## די משפחה ניסענזאָן

דאָס שטיבל איז באַשטאַנען פון עטלעכע געדונגענע צימערן. איין צימער איז געווען האַלב פאַרצוימט פאַר אַן עזרת־נשים.

צוערשט האָט מען דאָס שטיבל געדונגען אין דעם הויז פון ר׳ לאָזער ניסענזאָן, שוין אַ היינטוועלטיקער גביר, וואָס האָט געהאַלטן אַ ביר־שענק און פאַרמאָגט עטלעכע קראָמען. די ביר־שענק פלעגט אין די זונ־טיקן און גויאישע חגאס, ווי אויך אין מאַרקטעג, זיין געפּאַקט מיט גויים און גויעס, פויערים פון דערפער און די הוטע־אַרבעטער. אַמאָל האָט מען אויך אין שענק געזען ציגיינער, טאָטערן אין זייערע בונט־קאָלירטע קליידער און בענדער. זיי פלעגן אָפט מאַכן זייער לאַגער אויף די פעלדער אַרום אונדז. די טאָטערן האָבן פאַרקויפט קופערוואַרג, פאנען און סאַ־מאָווארן און די ציגיינערקעס זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער „וואָראָזשען״, און ביי דער זייט טאַקע עפּעס צוגנבענען. איינע האָט טאַקע מיין מאַמען נביאות געזאָגט, אַז איך וועל אויסוואַקסן אַ „ראבין״ און אַ מזלדיקער. די ציגיינערשע נביאות איז נישט מקוים געוואָרן... אויף פולע הונדערט פּראָצענט.

די פאַמיליע ניסענזאָן האָט זיך שוין געפירט עפּעס אַ ביסל היינט־

וועלטיש. ר׳ לאָזער איז געגאַנגען אין געפּרעסטע העמדער, זיין ווייב האָט זיך בכלל געפירט מעשה נגידישע מאַדאַם, אָנגעצויגן, פרעמד אָבער זייער גוט־האַרציק, ספּעציעל צו אונדז קינדער. זיי האָבן געהאַט צוויי בחורים. דער ייִנגערער איז געווען פון מיין עלטער און מיר האָבן זיך געחברט צוערשט אין חדר, שפּעטער אין בית־מדרש און נאָך שפּע־טער, ווען מיר זיינען שוין קאַליע געוואָרן. דער עלטערער זון איז עפּעס געווען אַ שטיקל בראָדיאַגע, איז נישט געגאַנגען אין דעם אָנגענומענעם וועג און מ׳פלעגט אים אָפּט זען אין חברותא פון שקצים, טויבן־כאַפּערס און באָסיאַקעס. די עלטערן פלעגן אים פון צייט צו צייט אַרויסוואַרפן פון הויז און מען האָט דערציילט, ווי מ׳זעט אים שלאָפן אין פעלד אָדער ביי דער סטראַווע לעבן זייער הויז.

ביי די ניסענזאָנס איז אויך אויסגעוואַקסן אַ שיינע יונגע טאָכטער, וואָס איז שוין געגאַנגען אין גימנאַזיע, האָט נאָר גערעדט פּויליש, גע־האַט אַן אייגענע ניאַנקע און זיך גערופן מיטן נאָמען יאַדזשיאַ. יאַדזשיאַ האָט זיך ווייניק געחברט מיט די יידישע מיידלעך. זי פלעגט אַליין שפּאַצירן מיט אירע שיין פאַרקעמטע שוואַרצע צעפּ אַזאַ שטאָלצע און איינזאַמע. אַרומיקע ייִנגלעך און מיידלעך האָבן מיט קנאה געוואָרפן בליקן אויף איר. בכלל האָט עפּעס איבער דער גאַנצער פאַמיליע ניסענ־זאָן געשוועבט אַ שטענדיקער טרויער און ס׳האָט זיך געפילט אַז זיי פילן זיך נישט צופיל פאַן־בראַט מיט די שכנים. שפּעטער האָבן מיר אויסגעפונען פאַרוואָס דאָס איז געווען. זייער עלטערע טאָכטער, אַ גרויסע שיינהייט און געענדיקטע גימנאַזיסטקע, האָט זיך געשמדט, און די פאַמיליע האָט זיך זייער געשראָקן מ׳זאָל נישט אויסגעפינען דעם סוד. דעריבער פלעגט דאָס די מאַדאַם ניסענזאָן שטענדיק זיפצן און טרויערן. מילא, נאָך יענער טאָכטער האָט מען שוין געזאָגט קדיש — אָבער וואָס וועט זיין מיט יאַדזשיאַן? וועט זי קאָנען טאָן אַ שידוך? וועלן מענטשן בכלל זיך וועלן מישן מיט זיי? אויסגעשלאָסן איז געווען און אָפּגעהיטן האָט מען זיך פון אַ משפחה אין וועלכער עס געפינט זיך אַ משומדת.

און באַלד איז טאַקע דער סוד אויפגעדעקט געוואָרן. די געשמדטע טאָכטער מיט איר מאַן און קינדער האָבן זיך אַריינגעצויגן נאָענט צו אונדזער געגנט. דער מאַן, אַ רייכער פּאָליאַק, אויף וועמען מען האָט געזאָגט, אַז ער שלאָגט זיין ווייב פון צייט צו צייט מכות רצח, ער גיט פּשוט איר צו פילן די ידים ידי עשו, האָט אויפגעבויט אַ גרויסן האָטעל גלייך לעבן אייזנבאַן־טויער אין וואָקזאַל, לעבן דעם וועג צו אונטער די

טויערן. ער האָט — צו פאַרשאַפן נחת זיינע ניט־געבעטענע שווער און שוויגער — געעפנט אין ראָג־קראָם פון דער געביידע פון גרויסן האָטעל אַ קאָלבאַסניע און אַ ביר־שענק.

פאַר אונדז איז דאָס געוואָרן אַ לעבעדיקע טעמע פאַר שמועסן. מיר פלעגן אין די זומער־פאַרנאַכטן פאַרקריכן אויף דער ליאַדאָוונע לעבן דער סטראַווע, מיר האָבן זייער געוואָלט אַמאָל אָנקוקן די משומדת: שלאָגט ער זי, איר מאַן? האָט זי חרטה אויף איר שמד? בענקט זי נאָך טאַטע־מאַמע? ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען די קאָלבאַסניע, האָבן מיר זיך אָנגעשטרענגט און געוואָלט כאַפּן אַ בליק אויף איר. האָט זי טאַקע קיין חרפה נישט צו פאַרקויפן חזיר־פלייש? עסט זי דאָס אַמאָל? און ווי אַזוי זעען אויס די קינדער? זיי זיינען דאָך ממזרים, בענקאַר־טעס. ווי אַזוי זעען אויס בענקאַרטעס? מען האָט דערציילט אַז די טאָכ־טער האָט ליב צו נעמען אירע קינדער די ממזרים און פאַרביישפּאַצירן די עלטערנס הויז, זיך רייצן מיט זיי. צי האָט אפשר זי געצויגן צו די עלטערן?

איינמאָל, ווען זי האָט געדאַרפט געלעגן ווערן, איז זי זייער קראַנק געוואָרן און האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. דער מאַן, אַ רייכער גוי, האָט געבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים און אויך שוין גלחים. מען האָט גע־האַלטן אַז זי האַלט ביים סוף. האָט זי גערופן די מאַמען. וועגן דעם זיינען אומגעגאַנגען צוויי נוסחאות: איין נוסח האָט דערציילט, אַז די מאַמע האָט נישט געוואָלט אַפילו ענטפערן דעם שליח פון דעם גויאישן איידעם; און איין נוסח האָט דערציילט, אַז די מאַמע איז געפאָרן צו דעם שטאָט־רבין און געקראָגן אַ קמיע און צוגעשיקט צו דער מסוכנדיקער קימפעטאָרין — און זי איז פון דעם געזונט געוואָרן.

ווען די משומדת האָט אַזוי עפנטלעך געעפנט איר קליידער־געַ־שעפט און שענקען־געוועלב לעבן איר טאַטן, האָט דאָס שטיבל זיך אַרויסגעקליבן פון לאָזער ביסענזאָנס הויז און זיך אַריינגעצויגן צוערשט לעבן דער סטראַווע צו מאיר שוואַרצס אָפּיציניע און שפּעטער אין איי־נעם פון די הייזער פון ר׳ משה־יאַנקל מאַרטנפעלד.

מיט דעם הייבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל אין מיין לעבן, ווייל דער ר׳ משה־יאַנקל און בכלל זיין שטוב, זיינע זין האָבן געהאַט זייער אַ גרויסע השפּעה אויף מיין לעבן.

# אין דער זשאַנדאָווער שקאָלע

אַלע מיינע קינדער־יאָרן האָב איך פֿאַרבראַכט אין אַ פֿרום־יידישער, חסידישער סביבה. איך האָב אַפּילו געלערנט אַ צייט אין אונדזער שטאָט־ישיבה און אויך פֿאַרזוכט אַ זמן אין אַן אַנדער שטאָט דעם טעם פֿון עסן טעג.

אויף אַ קורצער צייט איז אָבער ביי מיר פֿאָרגעקומען אַן איבעררייס ווען איך בין אויף אַ יאָר צייט אַריינגעגעבן געוואָרן אין דער זשאַנדאָווער שקאָלע, ד״ה רעגירונג־שול.

אין פֿיל שטעט אין פּוילן זיינען געווען אַזעלכע ספּעציעלע שולן פֿאַר יידישע קינדער. דאָס זיינען שוין געווען האַלב אָפיציעלע רעגי־רונג־שולן, אויסגעהאַלטן בשותּפֿות פֿון דער רעגירונג־קאַסע און פֿון דער שטאָטישער קהלה.

עס זיינען געווען באַזונדערע שולן פֿאַר יינגלעך און באַזונדערע שולן פֿאַר מיידלעך. אין די שקאָלעס האָט מען געלערנט רוסיש — די אָפיציעלע שפּראַך, פּויליש, חשבון און אַלע אַנדערע עלעמענטאַרע לימודים. די לערערס זיינען געווען יידן. ס׳איז געווען אַ פֿיר־קלאַסיקע שול, נאָך צוויי יאָרן לערנען האָט מען פֿון דער שול געקענט אַריין אין דער „אַלעקסאַנדראָווקע״ און אַפילו אין דער גימנאַזיע. די דיסציפּלין איז געווען זייער אַ שטרענגע. פֿאַר יידישע קינדער איז געווען אַ נייס דאָס לערנען נאָר ביז 3־4 אַ זייגער, דאָס מוזן גיין אָן אַ היטל, אין קור־צע קליידער, אָן פּאות. שבת און יום־טוב האָט מען פֿאַרשטייט זיך נישט געלערנט. איין מאָל אַ וואָך פֿלעגט אַריינקומען דער קאַזיאָנער ראַבי־נער צו לערנען רעליגיע. צוויי מאָל אַ וואָך פֿלעגט קומען אַ סאָלדאַט און מאַכן פֿיזישע איבונגען מיט דער חברה.

דאָס שיקן קינדער אין דער זשאַנדאָווער שקאָלע איז באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אַ מין אָפּטרעטן פֿון דעם שטרענג־פֿרומען דרך און פֿאַר אַ שטיק היינטוועלטיקייט. מיינע עלטערע צוויי ברידער זיינען אויך דורכגעגאַנגען די שול. מיין עלטערער ברודער איז שוין דעמאָלט גע־ווען אַוועק אין וואַרשע אַרבעטן ביי מיין רייכן פֿעטער לייב. כאָטש מיר האָבן די עלטערן געוואָלט מאַכן פֿאַר אַ וואויללערנער און בית־מדרש־בחור — און אַלע מלמדים און שכנים־לומדים האָבן מיר פֿאַראויסגע־זאָגט אַ צוקונפֿט אין דעם ים פֿון תּורה, און כאָטש מיין טאַטע איז געווען דער הויפּט־גבאי פֿון דעם שטיבל פֿון אונטער דער קאָליע, — האָט מען

מיך אָפּגעגעבן אין דער שקאָלע, מסתמא צוליב מײַן אַזוי גערופענעם „קראַנק ווערן" און כראָנישע קאָפּ־ווייטאָגן אין דעם גמרא־חדר, און אפשר אויך צוליב דעם וואָס ביי מײַן טאַטן זײַנען גראָד דעמאָלט געווען די עליה־יאָרן אין פּרנסה און מען האָט געטרוימט צו מאַכן פון דעם בן־זקונים מיטן גוטן קאָפּ אפשר אַ דאָקטער גאָר. האָבן דאָך עטלעכע פון אונדזער רײַכערער משפּחה געענדיקט די קלאַסן און אוניווערסיטעטן אַפילו. אפשר איז עס געשען דערפאַר וואָס מײַן מאַמעס ברודער, דער פּעטער לייב פון וואַרשע, איז געוואָרן זייער רײַך, געשיקט זײַן ייִנגל אין גימנאַזיע און האָט אָפט, אויף זײַנע באַזוכן צו אונדז, אײַנגעטענהט מיט מײַנע עלטערן נישט צו מאַכן פון מיר קיין באַנקקוועטשער, נאָר מיך שיקן זיך לערנען אין די הייַנטוועלטיקע שולן, וואָס וועלן מאַכן פון מיר אַן אמתן לייט.

איך געדענק שוין ניט ווי אַלט איך בין געווען בעת מײַן שקאָלע־אינטערליוד. איך געדענק נאָר ווי איך האָב זיך צוערשט זייער געשעמט צו ריידן רוסיש און פּויליש — איך האָב טאַקע נישט געיכלט. און ווי איך בין געווען זייער אַ צוריקגעצויגענער און זיך ווייניק געמישט מיט די אַנדערע שקאָלע־ייִנגלעך. אינגיכן האָב איך גענומען זיך אויסצייכענען אין די לימודים און בין באַלד געוואָרן דער „פּערווי אוטשעניק" (ערשטער שילער) פון אָנפאַנגער־קלאַס. מען האָט מיך אַריבערגעזעצט אין אַ העכערער אָפּטיילונג.

(מיר איז אָפּטמאָל — אין די קינדער און אויך אין שפּעטערע יאָרן — אויסגעקומען צו זײַן דער ייִנגסטער צווישן די עלטערע. איך ווייס נאָך אַלץ ניט וואָס איז בעסער: צו זײַן דער ייִנגסטער צווישן די עלטערע צי דער עלטערער צווישן יוגנט? וואו פּאַסט מען זיך בעסער אַרײַן?).

אין דער שקאָלע האָט מײַן שנעל־פּראָגרעסירן געפירט דערצו אַז איך האָב נישט געקענט נעמען אַן אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן פון מײַן גרופּע. ווען דער פעלדפעבל איז געקומען מאַכן די גימנאַסטישע אי־בונגען, האָב איך נישט געקענט מיטהאַלטן. איך בין איבערהויפּט מײַן גאַנץ לעבן געבליבן אַ קנאַפּער מאדים אין די קונצן פון פיזישער קול־טור. ער האָט מיך באַפרייט און איך פלעג בעת מעשה איבערשרייבן די לעקציעס און אויך די לידער־טעקסטן פאַר די אַנדערע שילערס. איך האָב זייער ליב געהאַט די אַמאָליקע רוסישע שול־לידער וועגן דער „בעוואַ" און דעם „זשאַלקי קאָזליק". עפּעס האָבן די פרעמדע ווערטער און די פרעמדע מעלאָדיעס מיך צוגעצויגן. פלעג איך איבערשרייבן

די אַלע טעקסטן אין אַזעלכע קליינטשינקע העפטן און קריגן פון די אַנדערע תלמידים דריי קאָפּיקעס פאַר אַ ביכל.

מיין שקאָלע־עפּיזאָד האָט זיך אָבער צו לאַנג נישט געצויגן, און איך בין אַן ערך צו עלף יאָר געוואָרן אַ בית־מדרש־בחורל.

## אַ ניגון

יש קונה עולמו בשעה אחת, אין איין שעה קען מען איינקויפן זיך אַ וועלט — און פאַרלירן. ווערט דאָך יעדער מענטש טאַקע עטלעכע מאָל געבוירן, זאָגט טאָלסטאָי. אין מיין גאַנצן לעבן האָבן פאַרשיידענע צו־פעליקע באַגעגענישן און פּאַסירונגען אַרויסגערופן טיפע ווענדפּונקטן אין מיין פירונג און לעבן־סדר.

ביים סוף פון מיין ערשטן שקאָלע־יאָר האָט זיך געמאַכט עפּעס וואָס האָט אינגאַנצן איבערגעדרייט אַלע פּלענער פון מיין משפחה וואָס האָט שוין געוואָלט מאַכן פון מיר אַ היינטוועלטיקן. מיין רייכע מומע פון וואַרשע איז געשטאָרבן. דאָס איז געווען זייער אַ טיפע דערשיטערונג פאַר דער גאַנצער משפחה. די מאַמען האָט מען אַרויסגערופן קיין וואַר־שע. ביים טויטן־בעט פון איר באַליבטער שוועגערין האָט זי איר צוגע־זאָגט אַכטונג צו געבן אויף אירע יתומים: די ייִנגסטע קוזינע איז נאָך קיין יאָר אַלט ניט געווען ביי איר מאַמעס טויט. האָט מיין מאַמע טאַקע צוגענומען זי צו זיך, און זי איז ביי אונדז דערצויגן געוואָרן ווי אַן איי־גענע שוועסטער. מיין קוזין, פעליקס האָט ער געהייסן, איז אויך אַראָפּ־געקומען צו אונדז צו פאַרברענגען די קאַניקולעס (וואַקאַציע).

אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט זאָגן קדיש, האָב איך אים געפירט יעדן טאָג אין בית־מדרש אַריין. איך בין מסתמא געווען ניט ווייניק שטאָלץ צו באַווייזן זיך אין גאַס מיט מיין קוזין אין זיין גימנאַזיע־אוניפאָרם מיט די גלאַנציקע זילבערנע קנעפּ און מיט זיין פּויליש ריידן. איך פלעג מיט אים אַריינקומען אין פישל טישינערס בית־מדרש, האָבן יידן ליב געהאַט מיט אים צו שמועסן און מיך האָט מען געלויבט פאַר ברענגען אים צו קדיש. די בית־מדרש־בחורים האָבן געקוקט אויף די צוויי דייטשן — איך בין אויך שוין געגאַנגען אין קורצע קליידער — און האָבן זיך נאָכגעפרעגט ביי מיין קוזין וועגן וואַרשע.

ס'איז געווען זומער, מיר האָבן ליב געהאַט צו גיין איבער דער שטאָט, גיין אויפן מאַרק קויפן פרוכט און אַמאָל אַריינברענגען און צע־טיילן די בית־מדרש־בחורים. אַסך מאָל פלעגן מיר אַריינקומען פרי

פאַר מנחה־מעריב און מיר האָבן זיך איינגעהערט צו דעם לערנען פון די עלטערע לומדי־תורה און בחורים.

נו, האָט דאָס לערנען פון די בחורי'ם, ספּעציעל זייערע מעלאָדישע גמרא־ניגונים מיך אַזוי פאַרכאַפּט און פאַרנומען, אַז איך האָב פּלוצלונג באַשלאָסן—אויך צו ווערן אַ בית־מדרש־יינגל. מסתמא איז די גאַנצע בית־מדרש־אַטמאָספער מיט די גרויסע שאַפעס ספרים, מיט די יידן לומדים, אָט דאָס גאַנצע עקזאַלטירטע נשמה־לעבן — געווען צוגעפּאַסט צו מיין קינדערשן רעליגיעזן געמיט. און אפשר האָבן טאַקע געווירקט אויף מיר די האַרציקע, האַלב־מיסטישע, נשמהדיקע ניגונים פון די חסידישע איידל־פּנימדיקע בית־מדרש־בחורים.

איך באַשליס מער נישט צו גיין אין שקאָלע. איך באַשליס צו ווערן אַ בית־מדרש־בחור. אין דער היים דערצייל איך דאָס ניט. איך פאַר־טרוי אָבער דעם סוד מיין חבר נחמיהלע, ר' משה־יאַנקלס מיזיניק.

באַלד ווי מיין קוזין פּאָרט אָפּ און עס הייב זיך אָן דער נייער זמן אין שקאָלע, פאַרשרייבט מען מיך אין ערשטן קלאַס פּראָ־גימנאַזיע. מע מאַכט מיר דעם נייטיקן אוניפאָרם און מע פּראַוועט מיך אויס מיט דעם ראַנעץ און ביכער און אַלע מכשירים פאַר דער שול. אָנשטאָט צו גיין אין פּראָ־גימנאַזיע, גנבע איך זיך אַריין צו די עטלעכע בית־מדרש־יינגלעך וואָס לערנען אַליין אין שטיבל. איך גיי אויך ווידער צו פּישל טישינערס בית־מדרש וואָס איז טאַקע געווען לעבן דער גימנאַזיע. איך מאַך אָפּ מיט אַ באַקאַנטן בית־מדרש־בחור, אַז ער זאָל מיט מיר לערנען און טאַקע אָנהייבן מיט מיר נאָך אַמאָל חומש מיט רשי. איך גיב אים דערפאַר אָפּ מיינע דריי קאָפּיקעס קליינגעלט. איך קויף אים יעדן טאָג אַ פּעקל „טורעצקי״ פּאַפּיראָסן — דאָס איז זיין שכר־לימוד.

די ערשטע צייט איז דאָס געווען אַ סוד פאַר די דערוואַקסענע. מילא, אַ יינגל דרייט זיך דאָרט אַרום. די בחורימלעך זיינען זייער גוט צו מיר. זיי טוען דאָך אַ מצווה. איך הייב אַפילו אָן צו קרייזלען זיך פּאהלעך, כאָטש איך גיי נאָך אין דעם קורצן גימנאַזיע־רעקל. נחמיהלע שענקט מיר אַפילו זיינעם אַ גאַרטל, און בעת איך לערן פאַרבינד איך אַפילו דעם גאַרטל ווי אַלע בחורימלעך — אויף די דייטשע קליידער.

פאַרשטייט זיך אַז דער סוד איז באַלד באַקאַנט געוואָרן אין גאַנץ בראָד. מיינע עלטערן און מיינע ברידער האָבן צוערשט פּראָטעסטירט, פאַרוואָס איך וויל נישט גיין אין גימנאַזיע, אָבער זיי האָבן תיכף מיר נאָכגעגעבן. איך פלעג שטענדיק ביי זיי אַלץ אויספירן — עד־היום

ווייס איך נישט צי דאָס האָט מיר גוטס געטאָן צי שלעכטס. עס הייבט זיך אָן ווידער אַ ניי קאַפּיטל, דאָס וויכטיקסטע און אינטערעסאַנטסטע אין מיין יונג לעבן: איך ווער אַ בית־מדרש־בחור.

## טעג און נעכט אין בית-מדרש

„אוי, אוי, אָמר רבא, אוי תנו רבנן!"
צי דאָ ווערט געבוירן דורך פייער און שטראַל
די נשמה פון פאָלק און דאָס אייביקע לעבן,
צי דאָ פליסט פון וואַרעמען פאָלקס־בלוט דער קוואַל?
צי דאָ זיינען ליכטער אין צוקונפט, וואָס שאַפן
און שמידן דעם פאָלק אויס אין אייביקן גייסט?
וואָס אַנדערש דען זיינען די פלאַמען, די קולות
וואָס טראָגן צום הימל דאָס האַרץ אַזוי דרייסט?

„דער מתמיד."

אָט די פראַגעס האָט דער גרויסער דיכטער ביאַליק געפרעגט, ווען ער האָט באַווייזנט דאָס „זינקענדיקע לעבן" פונעם בחורל דעם "מתמיד". פאַר „נשמות פאַרשניטענע וואָס טריקענען, דאַרן ווי גראָז אין מדבר" באַטראַכט ער די בית־מדרש־און ישיבה־בחורים. און נישט בלויז ביאַליק. אַלע, אַלע אין דער גאַנצער ליטעראַטור האָבן באַווינט דאָס „פאַר־אומערטע לעבן" פון אונדזערע ישיבה־בחורים וואָס ביים „מאי קאָ משמע לן" פאַרגייען זייערע טעג אויף דער האַרטער באַנק פון בית־מדרש. איך וואָס האָב 5־6 יאָר פון מיין יונג לעבן פאַרבראַכט אויף „דער האַרטער באַנק" באַטראַכט זיי ווי די שענסטע יאָרן פון מיין לעבן, הגם ווען איך בין אַוועק פון בית־מדרש, האָב איך עס געטאָן מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיר, און האָב בעת־מעשה נאָכגעזאָגט מיט רוגזא די שאַרפע קריטיק אויפן בית־מדרש־לעבן וואָס מע געפינט אין דער השכלה־ליטעראַטור.

ווען מיר קוקן איצט צוריק, נאָכדעם ווי מען האָט שוין „געזען די וועלט" און פאַרזוכט אויך די תורה פון „יפיפותו של יפת", שוין גענאָסן פון די בלויע ברייטע הימלען פון השכלה און גרויס־וועלט, פון די פייערן פון רעוואָלוציעס; ווען מע באַטראַכט איצט, טאַקע שוין אויף דער עלטער, דערפאַר מער קלוג, אָביעקטיוו און מער דערפאַרן, — זעט מען אַז יענע בית־מדרש־טעג פון אונדזערע ישיבה־בחורים האָבן נישט

„אויסגעטריקנט זייער גייסט”. פאַרקערט, דאָרטן, אין די ווענט פון בית־מדרש, איז פריי, מיט שוואונג, מיט אימפעט אויסגעשמידט געוואָרן „דאָס אייביקע לעבן” און „צוקונפט־ליכטער” פון פאָלק.

זיינען טאַקע די „אהלי־שם” געווען אַזוי ענג און האָבן דערדריקט די נשמות? ניין, נישט פאַרשניטן און איינגעדאַרט האָט דער בית־מדרש אונדזערע אַמאָליקע יונגעלייט. ער האָט זיי געמאַכט געפילפולער, נשמהדיקער. דער בית־מדרש האָט אפשר זיי פאַרצאַמט דעם וועג צו דער דרויסנדיקער וועלט, אָבער דערפאַר האָט ער פאַר זיי געעפנט שיינע הימלען פון אַ טיף דורכגעפילט גייסטיק לעבן. דער ניגון פון „אוי, אוי, אָמר רבא”, און פון „מאי קאָ משמע לן” און מאָנישעס יללות־ניגונים האָט אָפּגעקלונגען אין די צאַרטסטע סטרונעס פון מענטשלעכן האַרץ און דורך דעם זיי געמאַכט פילטערנדיקער און מעלאָדישער. מענטשלעך־גאַנצער, נשמה־רייכער איז דער ערגסטער בית־מדרש־בחור אַרויסגעקומען פון זיינע „ענגע ווענט.”

געוויס האָט מען פון דאָרט געדאַרפט אַרויס. געוויס האָט דער חלום געמוזט פּלאַצן און צערינען. געוויס האָט מען געמוזט אַריינדרינגען אין דער ברייטער וועלט. אָבער ס'איז נישט ערלעך, היסטאָריש נישט ערלעך, צו וועלן פאַרמיאוסן אונדזערע צאַרטע בית־מדרש־טעג. האָט דאָך דער בית־מדרש און די ישיבה צוגעשטעלט אונדזערע שענסטע פאָרשטייערס אין דער ליטעראַטור, און פירערס פאַר אַלע אידעאַליסטישע סאָציאַלע און נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען. אונדזערע מענטשן פון גייסט זיינען נישט געקומען פון די רייכע אוניווערסיטעט־קאַטעדרעס. אָבער אסור צי אַ געוועזענער וואָלאָזשינער ישיבה־בחור בלייבט מאָראַליש און אינטעלעקטועל הינטערשטעליק לגבי דעם היינטיקן קאַלעדזש־גראַדואירטן. פאַרקערט, די ישיבות פון וואָלאָזשין, פון סלאָבאָדקע, פון לאָמזשע און דאָס גערער שטיבל זיינען דאָך געווען אונדזער האַרוואַרד און אָקספאָרד און סאָרבאָן.

ניין, איך האָב ניט חרטה. איך בין זייער שטאָלץ, וואָס נאָך יענעם עפּיזאָד מיט מיין קוזין דעם קדיש־זאָגער, האָב איך זיך אין די צאַרטסטע יאָרן פון ייִנגלשאַפט פאַרשפּאַרט אין די ד'אמות של תורה.

אין אָנהייב איז מיר אַלץ אָנגעקומען גאַנץ שווער. איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן פון מיין חדר־תורה, און דער בחור וואָס האָט מיך אָנגעהויבן לערנען נאָך אין פּראָ־גימנאַזיע־אוניפאָרם איז — ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען — אַליין קיין צו גרויסער תלמיד־חכם נישט גע־

ווען. פאַר דעם פעקל טורעצקי־פּאַפּיראָסן האָט ער מיט מיר איבערגע־לערנט די סדרה פון דער וואָך, טאַקע חומש מיט רשי, און אויך איבער־געגאַנגען אַ שטיקל גמרא, אַ לייענען.

איך האָב זיך זייער געשעמט ביי אים צו לערנען. איך בין געווען — און שטענדיק געבליבן — אַ שטיקל שעמעוודיקער. ס׳זיינען מיר גע־ווען זייער אומאַנגענעם די פאַרשנדיקע בליקן פון די אַרומיקע בחורים און יידן־לערנערס פון פישל טישינערס בית־מדרש. באַלד וואַרף איך אַוועק מיין „רבין" און נעם מיך אַליין צו לערנען. עטלעכע חברים און גוטהאַרציקע יידן, העלפן מיר אַרויס, ווען כ׳פרעג זיי געוויסע, פאַר מיר אומפאַרשטענדלעכע שטעלן פון דער גמרא. איך אַרבעט אָבער זייער שווער אויף זיך, ביז איך קען שוין אַליין דורכקריכן אַ בלאַט גמרא און נעם זיך זייער ערנסט צום לערנען.

מיינע שטענדיק גוטמוטיקע עלטערן ווערן שטאָלץ מיט מיין נייעם שטייגער לעבן. זיי פילן זיך אויפסניי גליקלעך וואָס ביי זיי וועט אויס־וואַקסן אַ זון אַ בן־תורה. מע מאַכט מיר לאַנגע חסידיש־פּוילישע בגדים, כאַלאַטלעך פאַר די וואָכנטעג, אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע און אַ סאַמעטן הוט אויף שבת. די מאַמע קויפט מיר אַ שיינעם זיידענעם גאַרטל מיט אַ זיידן קאַפּל. מיט דעם אויסשטייער פון די רייכסטע חסידישע בחורימ־לעך, טרעט איך אַריין אין דעם גליקלעכן טיף־נשמהדיקן לעבן פון אַ יידיש פּויליש־חסידיש בית־מדרש־בחורל.

אין יענער צייט האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ שטענדיק לערנען אין אונדזער שטיבל, אונטער דער קאָליע. ווער איך דאָרט איינער פון די יחוסדיקע בחורימלעך. איך האָב מערסטנס אַליין געלערנט פאַר זיך אָדער צוזאַמען מיט אַ חבר, זלמן הורוויץ. דאָס איז געווען איינער פון די טייערסטע חברים פון מיין בחורשאַפט. ער איז געווען אַ ייִנגל אין מיין עלטער, אַן אייניקל פון דעם אָנגעזעענסטן קאָצקער חסיד ר׳ מאיר איש הורוויץ, וואָס איז אַליין שוין עטלעכע מאָל געווען אַ קאַנדידאַט אויף אַ רבישן הויף און וואָס איז געווען דורכגעפלאָכטן פון יחוס: די משפחה האָט געשטאַמט פון של״ה הקדוש און האָט געטאָן שידוכים מיט זין און אייניקלעך פון רביישע הויפן.

דער זלמן איז געוואָרן דער נאָנטסטער חבר אין מיינע בית־מדרש־טעג. צוזאַמען מיט אים האָב איך שפּעטער אָנגעהויבן צו לערנען אין גערער שטיבל. און מיט דער צייט האָב איך מיט זלמנען געקראָגן אַ שם פאַר די צוויי עילויים.

# ר׳ יאַנקעלע דיין

ווען איך האָב שוין געקענט נישקשהדיק אַליין זיך לאָזן אַוועק־שווימען אין ים התלמוד, ד״ה ווען איך בין שוין געוואָרן אַ גאַנץ באַ־קאַנטער און אָנגעזעענער בית־מדרש־ייִנגל, האָט מען אין פּישל טישי־נערס בית־מדרש דערציילט, אַז אין דעם גרויסן שטאָטישן בית־מדרש וועט דער גרויסער למדן ר׳ יאַנקעלע דיין אָנהייבן צו לייענען אַ שיעור יעדן טאָג פֿאַר די בעסטע בית־מדרש־בחורים פֿון שטאָט. עס וועט זיך הייסט עס עפֿענען אַ מין ישיבה פֿאַר די אויסדערוויילטע יונגעלייט פֿון פּעטריקאָוו. ר׳ יאַנקעלע דיין איז געווען באַוואוסט ווי אַ גרויסער למדן און חריף. מען האָט אונדז לכתחילה געוואָרנט, אַז גיין זיך לאָזן פֿאַר־הערן זאָלן נאָר די, וואָס זיינען זיכער אַז זיי וועלן זיך אַריינפּאַסן אין דער כיתה און זיי זיינען גענוג אַלט, דערוואַקסן און צוגעגרייט צו קענען לערנען ביי ר׳ יאַנקעלע דיין. פֿון יעדן בית־מדרש און פֿון יעדן שטיבל זיינען געגאַנגען נאָר די אויסדערוויילטע בחורים. נו, ווען איך האָב דאָס געהערט, האָב איך אויך באַשטימט צו גיין צום פֿאַרהער.

איך בין אין אַ זומערדיקן בייטאָג אַריינגעקומען אין דעם גרויסן שטאָטישן בית־מדרש און נאָך אַ שטאַרקן ויתרוצצו מיט מיין שעמעוו־דיקייט און שרעק בין איך צו אויבנאָן צו דעם לאַנגן טיש וואו ר׳ יאַנ־קעלע דיין איז געזעסן. אַרום טיש זיינען שוין געזעסן אַ היפּש ביסל צוגעגומענע בחורים, גרעסערע און עלטערע. מיט אַ דערשראָקענער און געבראָכענער שטים האָב איך זיך געווענדט צו דעם שמש אַז איך וויל אויך לערנען אין דער כיתה. ר׳ יאַנקעלע דיין האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און געזאָגט: „ביסט נאָך צו קליין, ייִנגעלע, גיי בעסער אין חדר!״ דער גרויסער העלד אייערער האָט פֿאַר ווייטיק און חרפּה זיך ביטער צעיאָמערט און געבליבן שטיין אַ וויינענדיק־דערשראָקענער. דער דיין איז געווען אַ גאָלדענער מענטש, אַ גרויסער מזג־טוב, האָט ער רחמנות געקראָגן אויף מיר און געזאָגט: „נו, ייִנגעלע, וויין נישט. זעץ זיך דאָרט אַוועק ביים עק טיש און הער זיך צו. אפֿשר וועסטו יאָ פֿאַרשטיין.״

טאָ זאָל איך זיך דאָ באַרימען אַז איך, כאָטש דער קלענסטער און ייִנגסטער, בין באַלד געוואָרן איינער פֿון די חשובסטע און אָנגעזעענסטע תלמידים? אין אַן אויטאָ־ביאָגראַפֿיע מעג מען זיך דאָך באַרימען. אם אין אני לי מי לי?

ר׳ יאַנקעלע דיין האָט מיך טאַקע שפּעטער זייער מקרב געווען. ער אַליין האָט קיין קינדער נישט געהאַט. איך פֿלעג אָפֿט קומען צו אים אין

הויז און אים אַרויסהעלפן אין פאַרשיידענע שליחותן. ער איז אויך געווען אַ סופר. איך פלעג אָפט שניצן פאַר אים די גענדזענע פעדערן, בעת ער איז געגאַנגען אין מקווה זיך טובל זיין פאַרן שרייבן אַ שם. שרייבן אַ ספר־תורה פלעגט אים געדויערן מער ווי צוויי יאָר. ערב פסח האָט ער געבאַקן מצה שמורה פאַר די חשובסטע גערער חסידים און איך פלעג אָפּטראָגן צו עטלעכע מצות פאַר די געקליבענע קונים.

דער דיין איז געווען אַ גרויסער אביון. פאַר שיעור פלעגט מען נישט צאָלן. אין זיין אָרעמער וואוינונג אויף דער יידישער גאַס פלעגט אויפן טיש שטענדיק ליגן אַ יריעה פון אַ ספר־תורה וואָס ער האָלט אין מיטן שרייבן. ביי אים פלעגן אָפט איינשטיין דורכפאָרנדיקע גערער חסידים.

זלמן — אויך אין מיינע יאָרן — האָט אויך אָנגעהויבן צו לערנען ביי ר׳ יאָנקעלעס שיעור. ער האָט קיין שוועריקייטן נישט געהאַט, ווייל ער איז שוין געווען באַקאַנט פאַר אַ שטיקל עילוי. חוץ לזה איז ער דאָך געווען פון דעם גרעסטן יחוסדיקן הויז אין שטאָט. מיר האָבן געלערנט שטענדיק צוזאַמען, אין די זעלביקע שיעורים און בתי־מדרשים און די זעלביקע מסכתות. ער פלעגט מיך אָפט באַגלייטן פון גערער שטיבל אַהיים ביז צו דער קאָליע און איך פלעג אָפט זיין ביי זיי אין הויז. פאַר מיינע עלטערן איז דאָס געווען דאָס גרעסטע גליק: זייער הערשל קומט אַריין אין הורוויצעס הויז.

אונדזער חברשאַפט — אין לעבן, אין ש״ס ופוסקים, אין אויסדרייען פשטלעך און שעפּן אויפן קינדערשן שטייגער פון גערער חסידות, און אויך אין שטיפערישע בית־מדרש־שטיק — האָט געדויערט ביז מיין נתחמץ ווערן. דאָ איז ער שוין נישט געגאַנגען מיט מיר. זלמן האָט נישט איבערגעריסן די צנתרא דרהבא פון של״ה הקדוש, כאָטש איך האָב אים אויך געוואָלט מיטשלעפּן מיט זיך. פאַרקערט, ער האָט זיך גע־בעטן און מיך געוואָרנט, נישט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון דער סטרא אחרא, רחמנא לצלן.

שוין אין אַמעריקע האָב איך געהערט, אַז מיין געוועזענער חבר זלמן האָט געקריגן היתר־הוראה און האָט שפּעטער ממשיך געווען די טראַדיציע פון זיין יחוסדיקער משפחה און איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער רב אין אַ קהלה אין פוילן.

# נחת פון מיזיניקל

מיין שם איז אין שטאָט גיך געוואַקסן און מיינע עלטערן און מיין גאַנצע משפחה האָט געקליבן אַ היפּש ביסל נחת פון זייער הערשלען. מיין מאַמעס גליק מיט מיין שם אַלס עילוי איז זיכער געווען אומדער־שעפּלעך. דער פאָטער איז געווען זייער שפּאָרעוודיק אין קאָמפּלימענטן פאַר זיינע קינדער, אָבער ער האָט נישט וויניקער פון דער מאַמען גע־קליבן נחת, ווען אַלע שכנים און באַקאַנטע האָבן געלויבט זיין בן־זקונים. מען קען זיך פאָרשטעלן, ווי עס האָט געדאַרפט זיך פילן גרויס און שטאָלץ אַ יידישע מאַמע, ווען עס איז איר איין מאָל אַקעגנגעקומען, ווען זי איז געגאַנגען אין יאַטקע איינקויפן אויף שבת, דער באַקאַנטער שטאָט־למדן און גביר ר׳ יהושע פאַלמאַן, און ער האָט זי אָפּגעשטעלט, זי באַגריסט מיט אַ גוט־מאָרגן און געזאָגט אַז ער טוט עס, ווייל זי איז די געבענטשטע מאַמע פון אַזאַ בחורל.

אַחוץ דעם וואָס איך בין געוואָרן זייער פאַרטאָן אין לערנען, בין איך אויך געוואָרן פאַנאַטיש פרום. איך האָב אָנגעהויבן מקפּיד זיין אויף דעם אויפפיר פון מיינע עלטערן און ברידער. די ברידער זיינען שוין געווען בעלי־מלאכות, שניידערס ביי מיין טאַטן. האָב איך דווקא געוואָלט אַז זיי זאָלן דאַווענען יעדן טאָג מיט גרויס כוונה, נישט פאַרגעסן אָנידער־צושטעלן נעגלוואַסער אונטערן בעט און בייניאַכט זיך חלילה נישט לייגן אָן אַ שלאָף־היטל. איך אַליין האָב פון גרויס פרומקייט זיך אָנגענייט צוויי בענדלעך אויף מיין שלאָף־יאַרמלקע און עס גוט פאַרקניפּט איידער כ׳האָב זיך געלייגט שלאָפן כדי זי זאָל חלילה זיך ניט אַראָפּגליטשן אין מיטן שלאָף. איך האָב פרייטיק אַכטונג געגעבן אַז מע זאָל פרי אויפהערן צו אַרבעטן אין שניידעריי. כ׳האָב אַליין גערוקט די טעפּלעך אין אויוון און פאַררוקט די פייערקעס. איך בין געוואָרן אַן אמתער „גאָטס סטראַפּטשע״, און מיינע ברידער האָבן מיך גערופן „קאָטשאָק״ (אַ נאָמען פאַר אַלע צו פרומע חסידים). מיינע עלטערן האָבן אָבער אויפגענומען מיין גרויס פרומקייט גוטמוטיק און גאָר שטאָלצירט מיט דעם, וואָס עס וואַקסט גראָד ביי זיי דער פרומסטער און געלערנטסטער בחור פון געגנט.

מיין טאָג האָב איך איינגעטיילט אַזוי: אין דער פרי, ד״ה פון 6־7 פאַרטאָג, פלעג איך צוזאַמען מיט די אַנדערע בחורים פון אונדזער געגנט לערנען אין שטיבל, אַ זייגער עלף פלעגן מיר דאַווענען און אַהיים גיין עסן פרישטיק. דערנאָך בין איך געגאַנגען אין שטאָט לערנען אין פּישל

טישינערס בית־מדרש און שפּעטער ביי ר׳ יאַנקעלע דיין. אַ זייגער פיר פלעג איך אַהיים גיין עסן מיטאָג און פון פאַרנאַכט — פאַר מנחה־ומעריב און נאָך מעריב ביז שפּעט אין אָוונט, ביז אַ זייגער עלף־צוועלף, פלעג איך שוין לערנען אין גערער שטיבל. אָפטמאָל, בשותפות טאַקע מיט זלמנען, האָבן מיר געלערנט יורה דעה און פּסוקים. אַמאָל האָבן מיר גע־לערנט ביי זלמנס עלטערן ברודער יחיאל, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דעם אַלעקסאַנדער רבינס אַ שוואָגער. דער דעמאָלטיקער אַלעקסאַנדער רבי האָט אַליין קיין קינדער נישט געהאַט, און יחיאל איז דערפאַר גע־רעכנט געוואָרן צווישן די חסידים ווי דעם רבינס אַן אייִדעם. איך בין געוואָרן זייער אַן ערנסטער מתמיד, טאַקע געלערנט טאָג און נאַכט. איך בין נישט געווען דער איינציקער אין אונדזער שטאָט.

## פון לעבן פון אַ בית-מדרש-בחורל

צוויי מאָל אַ וואָך, מאָנטיק און דאָנערשטיק, סיי זומער סיי ווינטער, פלעגן מיר אויף־זיין אַ גאַנצע נאַכט און לערנען. נישט אַלע האָבן דאָס געטאָן, אָבער אַ היפּשע גרופּע פון אונדזער שטיבל פלעגן טאַקע אויף־זיין די צוויי אשמורים און לערנען גאַנצע נעכט. די ייִדן אונטער דער קאָליע האָבן נישט ווייניק שטאָלצירט וואָס זייער שטיבל ווערט אַן אמתער מקום תורה. אָבער מיר, לעבעדיקע חברה־לייט, האָבן אין די נעכט אונדזערע געהאַט „ווילדע מאָמענטן״, געפּראַוועט שטיק און אַרומגע־וואַיעוועט.

אין די ווינטער־נעכט האָבן מיר ליב געהאַט צו באַקן קאַרטאָפל אינעם קאַפּלענעם אויוון פון שטיבל. מע פלעגט טאַקע נישט פאַרגעסן מיטצוברענגען קאַרטאָפל צו בראָטן פון דער היים. האָט זיך עמעצער צוגעלייגט אויף דער באַנק אַ ביסל שלאָפן, האָט ער גאַנץ פיין געקראָגן אַ שטיוול אין קאָפּ אַריין. אָדער מיר פלעגן אים גאָר מאַכן אַ פּאַנפּע, אָדער האָט עמעצער זיך פאַרזינדיקט, האָבן מיר אים געפּראַוועט אַן אמתע משכנתא און אַריינגעצימבלט ווי עס געהער צו זיין. מע פלעגט אין מיטן אַ ווינטער־נאַכט זיך אַרויסלאָזן אויף דער גאַס און וואַרפן זיך מיט שניי, נאָכדעם אַריין צום בעקער (זיין ייִנגל האָט אויך שוין געלערנט אין שטיבל) און קריגן פרישע וואַרעמע בייגל פון אויוון אַרויס, פאַר זון־אויפגאַנג, ווען מע מעג נאָך עסן אומגעדאַוונט. זומער־צייט פלעגן מיר פאַרטאָגס זיך לאָזן צום וואַסער לעבן דער ציגעלניע און גאָר זיך אָפּבאָדן און זיך טובל זיין.

נאָך די אַלע וואָוועריִשע שטיק און באַלמוטשען פלעגן מיר זיך צוריקלאָזן אין שטיבל אַריין. עס איז שוין געווען פאַרטאָגס. מיר האָבן געוועקט אַנדערע חברה, און אין שטיבל זיך ווידער גענומען צום שיעור, ווידער צו דער תורה, ווידער צו תכלית־און־ תוך־זאַכן.

אייך ווינטער האָט זיך די מאַמע געמאַכט אַ טעגלעכע מצווה צו ברענגען פאַרטאָגס וואַרעמע טיי און באַוואַרקע פאַר איר יינגל און פאַר די אַנדערע בית־מדרש־בחורים. און אויך די יידן לומדים, וואָס פלעגן קומען אין שטיבל אַריינכאַפּן אַ פּרק משניות, צי אַ בלאַט גמרא פאַרן אָנהייבן דאָס האַוועניש פון טאָג. עס איז נאָך געווען גוט פינצטער. די מאַמע פלעגט קומען אָנגעפּעלצט אין איר וואַרעמער שאַבע מיט אַ גרויסן טשייניק טיי און צוקער און מילך און עס אָוועקשטעלן באַשיידן, שוויי־גנדיק, אָבער מיט גרויס אינעווייניקסטן שטאָלץ, פאַר די פרומע פרי־מאָרגנדיקע תורה־לערנערס. אַלע האָבן איר געדאַנקט. עס איז איר זיכער צוגעקומען אַ שטיק געזונט צו זען ווי איר הערשעלע זיצט און ציט דעם גמרא־ניגון צוזאַמען מיט אַלע בני־תורה. האָט זי דאָס פאַר־דינט? פאַרוואָס בענטשן זי אַלע אַזוי?

און נישט וויניקער נחת האָבן מיינע עלטערן אין מיר דערלעבט, ווען אין אונדזער שטיבל האָט זיך געגרינדעט אַ חברה צו לערנען מיטן פשוטן עולם יעדע נאַכט נאָך מעריב אַ שטיקל עין־יעקב. מען האָט איינגעטיילט די נעכט אַז יעדן אָוונט זאָל אַן אַנדער גמרא־קענער און ווױללערנער לערנען מיטן עולם. די אַלע זאָגערס האָט מען גענומען פון די דערוואַקסענע. פון די בחורים האָט מען אויסגעקליבן בלויז מיך. און מיין ריי צו לערנען איז געווען פרייטיק־צו־נאַכט. איך דערצייל עס כדי אונדזער איצטיקער עולם זאָל דערזען, אַז דאָס אַמאָליקע לעבן אונדזערס איז נישט געווען „גאָרנישטיק". אונדזער נעכטן, פונקט ווי אונדזער אייערנעכטן און זיכער ווי אונדזער היינט און מאָרגן, האָט זיך זיין ליכט און שאָטן. אפילו ווען עס איז געווען רוי פון דרויסן, איז אי־נעווייניק געווען ליכט, ליכט וואָס וואַרעמט דורות. איך „באַרים זיך" כדי מיינע קינדער און מיינע פריינד, אפשר מער פאַרשטענדלעכע תלמידים, זאָלן פּרובירן אויך זייער אַמאָל, זייער צאַרטע קינדהייט־איבערלעבונגען איינהאַלטן און נישט אָוועקרוקן פון זייער באַוואוסט־זיין. סע ווילט זיך פשוט רעסטאַווירן פאַר זיך און פאַר אַנדערע דאָס אינהאַלטסרייכע לעבן פון דעם יידישן פוילן פון נאָענטן נעכטן, פון דעם יידישן פוילן, וואָס וועט שוין אפשר נישט קענען אויפשטיין קיין תחית המתים נאָך דעם איצטיקן וויסטן בראָך.

דערמאָן איך דאָ אויך די סצענע:

פרייטיק אויף דער נאַכט. ווינטער. דער עולם קומט זיך צוזאַמען פון די פיינע שבתדיקע פרייטיק־צו־נאַכט־מאָלצייטן. יעדע בעל־הביתטע האָט מסתמא זיך אָנגעשטרענגט אויפצונעמען די מלכה שבת ביי זיך אין הויז אויפן שענסטן אופן. די שטיבער אויסגעשייערט און אויסגעפּוצט, די מאכלים שבתדיק צוגעווירצט. די מענער פילן שוין דעם עונג שבת און ווילן הנאה האָבן פולהאַרציק פון דער שבת־רו מסתמא נאָך אַ שווערן מאַרק־טאָג אין די קראָמען אָדער אין די וואַר־שטאַטן.

אין שטיבל איז צוגערוימט. די טישן, אַ גאַנצע וואָך בלויז מיט בלעכן פאַרדעקט, זיינען איצט פאַרשפּרייט מיט טישטעכער. די שבת־ליכט ברענען נאָך. פון מיטן סטעליע לויכט און שיינט דער גרויסער בליך־לאָמפּ. יידן זעצן זיך אַרום טיש. מע נעמט אַרויס די נייע עין־יעקבס פון ספרים־שראַנק. און דאָ זעצט זיך אַוועק אויבנאָן אַ בחורל פון אַ יאָר 12 און לערנט מיטן עולם און פאַרטייטשט זיי די וואונדער־שיינע לעגענדעס פון רבה בר בר חנה, פון ר׳ יוחנן און ריש לקיש.

אַרום טיש זיצן בלויז די פּראָסטערע יידן, די בעלי־מלאכות. די לומדים זיצן פון־דער־וויטנס און שעפּן נחת פון זייער האָדעוואַניק, פון זייער גבאיס בחורל, ווען ס׳איז זיכער באַשערט צו זיין אַ מרה־הוראה בישראל.

די יידן וואָס לערנען עין־יעקב זיינען אויך נישט ווייניק שטאָלץ מיט זייער חיים־דוד שניידערס מיזיניק. און שטעלט זיך פאָר דעם שטאָלץ פון מיין טאַטן: זיין בחורל לערנט אויבנאָן תורה מיט אַן עדה יידן! דאַרף מען אַ גרעסער גליק, אַ גרעסער נחת? נישט אומזיסט האָבן טאַטע־מאַמע אַזוי ביטער אויפגענומען מיין שפּעטערדיק קאַליע ווערן. זיי האָבן זיך פאַרלוירן אַן „אייגן פייער וואָס לויכט די נשמה."

## מיין חבר נחמיהלע

דער חשובסטער איינוואוינער פון דעם נייעם יידישן קוואַרטאַל איז געווען ר׳ משה־יאַנקל מאַרטנפעלד. ר׳ משה־יאַנקל איז געווען פאַרמעגלעך, געפירט געשעפטן. דערצו איז ער געווען דער אָנגעזוע־ענטסטער למדן. האָט ער געפירט די הויפּט־גרענדע. ער האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות. כאָטש ער האָט נישט געוואָלט אָננעמען קיין שטעל פון אַ מורה־הוראה, זיינען אָפט די פרויען פון געגנט געגאַנגען צו אים

מיט שאלות און דער בית־דין פון שטאָט האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם. ר׳ משה־יאַנקל איז אויך געווען זייער אַ שיינער און קלוגער ייד; ער האָט געקענט גוט רוסיש און פּויליש און האָט דורכגעפירט גרויסע בורגרותן פון שטאָט. אין זיין הויז איז געווען דער בית־ועד פון דער תורה־אינטעליגענץ פון געגנט.

ר׳ משה־יאַנקל האָט געהאַט אַ גאַנץ פיינע משפּחה, זין און טעכטער אויך שוין חתונה־געהאַטע, מיט איידעמס און שנורן. זיין ייגסטער בחור נחמיהלע איז געווען מיין חבר. ביי איינעם פון די זין, ביי מאירן, וואָס איז געקומען פון דער לאָדזשער ישיבה מיט סמיכה, האָב איך גע־לערנט אַ צייט שיעור. (דער מאיר איז איצט אַ רב ערגעץ אין ארץ־ישראל). איך האָב שפּעטער זיך אויך געחברט מיט ר׳ משה־יאַנקלס אייניקלעך און בין אין הויז געווען אַ גאַנצער בן־בית.

די גאַנצע פאַמיליע מאַרטנפעלד פלעגט זייער שטאָלץ זיין מיט מיין לערנען. מיין חבר נחמיהלע, כאָטש ער האָט געהאַט אַ טאַטן אַזאַ למדן און זייער געלערנטע ברידער, איז גראָד קיין גרויסער למדן נישט אויס־געוואַקסן. אים פלעגט ציען צו שפּאַצירן הינטער די בודקעס, צו גיין באָדן זיך, צו קאָמאַנדעווען. ער האָט מיך אויך אַריינגעצויגן אין פאַר־שיידענע יינגלשע „שמד־שטיק״. ווען נאָך זייער יונג, האָבן מיר זיך צוזאַמען אַריינגעגנבעט אין צירק, ווען ער איז געקומען אין אונדזער שטאָט. מיר האָבן פאַרקאַטשעט די פּאָלעס פון די לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, אַרונטערגערוקט די פאות אונטער דעם היטל און מיט נאָך ייִנגלעך זיך דורכגערוקט ערגעץ דורך אַן אָפענעם פלאַץ אין דעם גרויסן לייוונט פון צירק. צוזאַמען פלעגן מיר זיך לאָזן איבער די פּלויטן פון די אַרומיקע סעדער, אַרויפקלעטערן אויף די קאַרשן־ביימער און רייסן די געשמאַקע פּירות וויפל עס האָט נאָר געקענט אַריין. אַ סך מאָל האָט אונדז דער סאַדאָווניק געכאַפּט און אונדז אַראָפּגעכאַפּט די היטלעך, האָבן מיר שוין נישט געקענט אַהיימגיין.

דער נחמיהלע האָט אפילו גרויסערהייט אין שטיבל דורכגעפירט אַ סך „ווילדע שטיק״ און ס׳איז מיר נאָך ביז היינט געבליבן אַ סימן פון מיין יוגנטלעכער חברשאַפט מיט דעם בחורעץ. אין שטיבל, אַזוי ווי אין יעדער בית־מדרש, פלעגט מען אויפן בוידעם באַהאַלטן די שמות פון די צעריסענע ספרים און סידורים. אָפטמאָל פלעגן מיר בחורים אַרויף אויפן בוידעם אַ ביסל קאָמאַנדעווען אָדער זוכן עפּעס אין די שמות. נו, גייט איינמאָל דער נחמיהלע, ווען איך בין געווען אויפן בוי־

דעם און עפּעס געבּישטערט אין די שמות, און געמט צו דעם לייטער צום בוידעם־שטיבל. איך, שלים־מזל, האָב נישט געוואוסט אַז דער לייטער איז נישטאָ, האָב איך זיך אַזוי זיכער אַראָפּגעלאָזט דורכן בוידעם־טירל, נישט געקוקט אפילו און געוואָלט זיך אַראָפּלאָזן דורך די לייטער־טרעפּ. אָבער, באַץ! איך פאַל און אין גרויס שרעק כאַפּ איך זיך אָן אין אַ פענצטער לעבן סטעליע; איז אין פענצטער געווען אַ צעבראָכענע שויב, און — איך האָב זיך אָפּגעריסן אין דעם גלאָז אַ האַלבן פינגער. מען האָט גערופן אַ דאָקטער. נחמיהלע האָט באַקומען אַ גוטן פּסק פון זיין פאָטער, אָבער איך האָב פון דעם ביז היינט אַ צעקאַליעטשעטן פינגער אין מיין רעכטער האַנט.

מיר האָבן אַ צייט נישט גערעדט. אָבער ווער קען זיך אָפּהאַלטן פון אַ „לעבעדיקן חבר״? מיר זיינען באַלד צוריק געוואָרן פריינד און — נחמיהלע האָט ווייטער געוואָיעוועט. ערשט שפּעטער, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען אין געהיים די טריף־פּסולע, איז די פריינדשאַפט אָפּגעשטעלט געוואָרן. נחמיהלע איז געווען דער ערשטער וואָס האָט מיך פאַרמסרט און מיך נאָכשפּיאָנירט, וואו איך ווער דאָס פאַרשוואונדן אויף גאַנצע טעג.

## איך פאָר אַוועק לערנען ביים זאַווירטשער רבין

אין פּיעטריקאָווער גובערניע לעבן זאַמבראָווער קוילן־גרובן און לענג־אויס דער גרענעץ מיט דייטשלאַנד, זיינען אויפגעקומען אַ צאָל אינדוסטריעלע שטעט. צווישן זיי איז געווען באַקאַנט דאָס פאַבריקשטעטעל זאַווירטשע. אין זאַווירטשע איז פאָרגעקומען אַ מחלוקה איבער רבנות, און דער רב פון איין צד האָט אויך אָנגעהויבן צו פראַווען חסידות און האָט אָנגעהויבן זיך צו רופן דער זאַווירטשער רבי.

אָט דער זאַווירטשער רבי האָט זיך משדך געווען מיט אונדזער ר׳ משה־יאַנקל מאַרטנפעלד און האָט גענומען ר׳ משה־יאַנקלס זון מאיר פאַר אַ חתן. נו, איז דער מאיר, וואָס איז טאַקע געווען אַ גרויסער קענער און וואָס איז אַהיים געקומען פון דער לאָמזשער ישיבה מיט אַ היתר־הוראה, געווען אַ נישקשהדיקער כיטריאַק און — דערצו אויך אַ גרויסער פרעסער. ער האָט טאַקע געהאַט, ווי מ׳זאָגט, אַ טאָפּלטן אַפּעטיט צום יצר־טוב און צום יצר־הרע. איז דעם חברה־מאַן איינגעפאַלן מיך איינצורײדן, אַז איך זאָל אַוועקפאָרן צום זאַווירטשער רבין לערנען, ער וועט שוין פועלן ביי זיין מחותן מיך אַריינצונעמען אין זיין ישיבה. גע־

מיינט האָט ער, ווי ער האָט שפּעטער זיך מודה געווען, מיט מיר — אַזוי ווי איך בין געווען זיין תלמיד — אויסצונעמען ביים מחותן.

ביי מיר האָט ער דאָס באַלד געפּועלט. איך האָב שוין לאַנג געוואָלט אַוועקפאָרן פון דעם היים לערנען. אַ סך בחורים פון אונדזער שטאָט זיינען זיך שוין צעפאָרן איבער פאַרשיידענע מקומות פון פּוילן און אין ישיבות פון ליטע. מיט אַ שטיקל צייט צוריק האָט עס געהאַלטן אַז איך זאָל אויך אַוועקפאָרן אין דער לאָמזשער ישיבה. כדי צו לערנען מיט התמדה און יראת־שמים דאַרף מען זיין ווייט פון דער היים, נישט האָבן קיין שטערונג פון טאַטע־מאַמע. אַ בחור אַ ירא־שמים — און איך בין מיט יעדן יאָר אין בית־מדרש געוואָרן מער פרום און טיף רעליגיעז — דאַרף איבערהויפּט ליידן און נעמען אויף זיך סיגופים און עינויים.

די בית־מדרש־בחורים אין פּוילן, ווי די ליטווישע מוסרניקעס, האָבן טיף באַגריפן דעם ענין פייניקן דעם גוף און געאַרבעט אויף זיך צו דערווייטערן זיך פון הבלי עולם־הזה. ביי אונדז זיינען געווען אַסך יונגע אַזעלכע נזירים און פּרושים. „עסן טעג" און „שלאָפן אויף דער באַנק דער האַרטער" איז געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון אונדזער גייסטיקער אַנטוויקלונג. דערפאַר האָב איך באַלד צוגעשטימט אַוועקצו־פאָרן פון דער היים. אויסזאָגן מיינע פלענער האָב איך מורא געהאַט. איך האָב געוואוסט, אַז מיינע עלטערן וועלן זיין קעגן דעם, באַזונדערס די מאַמע, וואָס האָט מיך און אַלע אירע קינדער אַזוי ברענעדיק ליב געהאַט. איז דערפאַר באַשטימט געוואָרן צווישן מיר און דעם מאירן, אַז איך זאָל אַוועקפאָרן פון דער היים אָן דעם וויסן פון מיינע עלטערן.

געדענק איך ווי אַ חול־המועד פּסח, ווען אין שטוב איז געווען אַזוי אָנגענעם פּסחדיק, האָב איך אין דער שטיל איינגעפּאַקט אַ פּעקל בגדים, אונטערוועש, דאָס שבתדיקע זיידענע קאַפּאָטקעלע, עט־לעכע ארבע־כנפות, שטיוול, ווייסע זאָקן, זיך אַרויסגעגנבעט דורך אַ פענצטער און זיך געלאָזט צום וואַרשעווער־ווינער וואָקזאַל.

מיין מאַמע איז געווען אין קיך און — אַזוי ווי איך בין געווען זייער צוגעבונדן צו איר — האָב איך מורא געהאַט אפילו אַריינצוקוקן אין קיך כדי מיין מאַמעס בליק זאָל מיך נישט אָפּהאַלטן פון דעם אַוועקפליען פון דעם היים צו אַ מקום תורה. אַ ביסל געלט האָב איך געהאַט אָנגע־זאַמלט. דער טאַטע פלעגט מיר געבן אַ רובל אַ וואָך קליינגעלט און איך האָב זיך טאַקע געפּירט — מיט אויסטיילן נדבות און קצבה־פאָנדן פון בית־מדרש — ווי די גבירישע קינדער. מאיר און נחמיהלע האָבן

ערגעץ גיך אָפּגעוואָרט און צוגעליען אויף הוצאות. מיט אַ שרעקנדיק האַרץ האָב איך מיט מיין פּעקל אויף דער פּלייצע זיך געלאָזט צום וואָקזאַל.

מיר זיינען געגאַנגען אויף זייטיקע אומוועגן כדי באַקאַנטע זאָלן אונדז נישט דערזען און — אָט זיץ איך שוין אַליין אויף דער באַן קיין זאַוויערטשע. פון וואָקזאַל האָב איך אַהיימגעשיקט אַ צעטל מיט נחמיהלען — אוי האָט ער ליב געהאַט צו גיין אויף אַזעלכע שליחותן! — וואו איך האָב דערקלערט די סיבה פון מיין אַנטלויפן: „דער רוף צו תורה״. מאיר איז אויך גלייך אַריין צו מיינע עלטערן זיי איינריידן מסכים צו זיין אויף מיין שריט. האָט מען מיך נישט געטשעפּעט.

חוץ דעם אַדרעס פון זאַוויערטשער רבין האָב איך אויך געהאַט מיטגענומען מיין חבר זלמנס אַ בריוו צו זיין ברודער און זיינע מחותנים. זלמנס ברודער האָט אויך געוואוינט אין זאַוויערטשע און איז דאָרט גע־ווען אַ רייכער מעל־סוחר. איך געדענקט שוין נישט ווי מען האָט מיך אויפגענומען ביי דעם זאַוויערטשער רבין. דער רבי האָט מיך פאַר־הערט און הנאה געהאַט פון זיין חתנס תלמיד, אָבער צו קיין טעג און צו אַן אָרט צום שלאָפן איז עס נישט געקומען. איך האָב זיך געשעמט צו פרעגן און דעם רבינס גבאי האָט אויך גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם. בין איך געבליבן שוין דעם ערשטן טאָג אַנטוישט פון מיינע גרויסע זאַוויער־טשער גליקן.

דערפאַר אָבער האָט דער מעל־סוחר מיך זייער וואַרעם אויפגענו־מען. די באַלעבאָסטע האָט גלייך מיר געזאָגט, אַז קיין נאַכט־לעגער זאָל איך נישט זוכן: איך וועל שלאָפן ביי זיי און איך וועל אויך עסן שבת ביי זיי. מען האָט טאַקע גלייך מיך פאַרבעטן אויף נאַכט־עסן און אויסגעבעט אַ ריין געלעגער.

מילא, ווי איך האָב זיך געפילט אָט די ערשטע נאַכט אין דער פרעמד קען מען זיך שוין פאָרשטעלן. צו אַלע מיינע קנאַקערישע דערגרייכונגען אין לערנען בין איך געווען אַ שעמעוודיק, פאַרפּיעשטשעט בחורל, אַ מאַמעס אַ קינד. איך האָב גאַנץ נישקשהדיק זיך אויסגעוויינט אויף דעם פרעמדן געלעגער און פאַרגעסן אַז צוליב דער תורה דאַרף מען ליידן גלות.

נאָך ערגער איז געווען ווען איך האָב געדאַרפט צומאָרגנס אַרויסגיין זוכן „טעג״. מען האָט מיר געגעבן נעמען פון יידן, און איך האָב דאָס געדאַרפט, ווי דער דרך איז געווען, גיין מבית לבית בעטן אַ „טאָג״.

אוי, האָב איך זיך געשעמט! איך האָב דורכגעלאָזן אַסך טירן, און ווען שוין אַריינגעגאַנגען אין הויז, האָב איך אַזוי שטיל און מיט מורא אַרויס־געשעפּטשעט מיין פאַרלאַנג, צי מען קען געבן אַ ישיבה־בחור אַ טאָג, אַז מען האָט אָפּט נישט פאַרשטאַנען וואָס איך וויל. קוים מיט צרות האָב איך זיך איינגעשאַפן עטלעכע טעג. מערסטע יידן האָבן מיט אַזאַ גרייטקייט און ליבשאַפט געגעבן בחורים טעג, אַז אפילו אַזאַ שעמעוו־דיקער שלימזל ווי איך האָב אויך געקענט זיך שאַפן עטלעכע טעג. האָט זיך אָנגעהויבן מיין ישיבה־בחורישן לעבן מיטן עסן טעג און איינשלאָפן מיט טרערן אין די אויגן.

צו לאַנג האָט אָבער דאָס נישט געדויערט. איך האָב עס פשוט נישט געקענט אויסהאַלטן. דאָס עסן ביי פרעמדע טישן האָט מיך געעקלט. איך פלעג פשוט מיין געשאָנקענע מתנה אָפּט צוריקגעבן, ווען איך פלעג אַרויסגיין פון דעם בעל־הבית׳ הויז. גליקלעך בין איך גאָר געווען די טעג וואָס איך האָב נישט געקענט קריגן קיין „טעג״. איך פלעג זיך קויפן עפּעס. געלט האָט מיר שוין מיין פאָטער געשיקט יעדע וואָך און די מאַמע פלעגט צושיקן אַ פּעקל געבעקס און נאַשערייען. איך האָב הנאה געהאַט פון זעמל און עפּל און זיך געזעטיקט מיט דעם מער ווי מיט די בעסטע מאכלים אויף די „טעג״. קיין צו גרויסע פעולה אין לער־נען האָב איך אויך נישט געמאַכט. עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן בענקען אַהיים נישט נאָר צוי מיינע עלטערן, נאָר אויך צום בית־מדרש און צום גערער שטיבל, צו די פּלפּולים און שמועסן אין לערנען מיט די חברים. פון דער זאַוויערטשער ישיבה איז עפּעס אויך גאָרנישט געוואָרן. און — נישט וואַרטנדיק ביז סוף זמן — ביז צו די ימים־נוראים, בין איך נאָך תשעה־באב געפאָרן אַהיים.

איך קענט זיך שוין פאָרשטעלן דער מאַמעס שמחה. איך האָב זיך אויך געפרייט, וואָס איך וועל ווייטער קענען לערנען תורה מיט אונדזערע היימישע לומדים און מיין אַפּעטיט צו ליידן גלות האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם זאַוויערטשער עפּיזאָד.

##ביים רבינס טיש אויף שבת נחמו

שבת און אַ חסידישן רבינס הויז — וואָס פאַר אַ נחתדיקער צונויפ־פאַר דאָס איז געווען! אין משך פון יאָרהונדערטער האָט מען געשריבן לידער וועגן דעם גרויסן באַדייט פון שבת פאַר דער גייסטיקער אויסלע־בונג פון דעם יידן. מלכתא שבתא! די נשמה יתירה פון דעם יידישן

מענטשן! שבת האָט באַטייט נישט בלויז באַפרייען זיך פון וואָכיקע זאָרגן און אַרומיקע עינויים; שבת האָט אויך געמיינט געזאַנג, שבת האָט געמיינט אַ דערהויבן גייסטיק לעבן. אַחוץ די געוויינטלעכע אורחים וואָס יידן האָבן געהאַט צו די שבתדיקע סעודות, האָבן זיי באַגלייט אַהיים פון קבלת שבת די הימלישע מלאכים.

און ווי גרויס איז געווען דאָס עקזאַלטירטע אויסלעבן זיך פון דעם חסידישן יידן, ווען ער איז געפאָרן צום רבין פראַווען חסידות, דאָס קומען צום רבין, זיך גייסטיק פאַרבינדן מיט אים, ווערן אַ טייל פון דעם הייליקן שיין וואָס שטראַלט אַרויס פון דעם גרויסן צדיק הדור, זיך צונויפגיסן אין איין פלאַם מיטן צדיקס נשמה. דער אמתער חסיד זויגט התלהבות און ליבשאַפט פון דעם רבינס אויגן, פון רבינס פנים. ער צאַפּלט אין זיין ליכט, זיין שיין, און זינגט מיט אים דעם ניגון און זמר פון מעשה בראשית און פון דעם אייביקן לעבן.

און ווי אמתדיק דערהויבן און פול מיט עקסטאַז איז פאַר דעם חסיד אַ שבת ביי זיין רבין, אַ שבת מיט געזאַנג, מיט רבינס תורה, אַ שבת צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער חסידים, אַ שבת פון אמתער שמחה. ס׳איז אַ גאָלדן פייערדיק ליכט. שבת און דער חסידישער ברען, שבת און דער חסידישער ניגון, שבת און די חסידישע שמחה.

גליקלעך זיינען די, וואָס האָבן מיט אמת־חסידישן ברען דורכגעלעבט אַ שבת אין אַ חסידישן הויף. איך געדענק עטלעכע אַזעלכע טיף גייסטיקע איבערלעבונגען, עקסטאַטישע שבתים פון מיינע יונגע יאָרן.

אונדזער שכן ר׳ משה־יאַנקל האָט מיך אויף שבת נחמו מיטגענומען צו זיין ראַדאָמסקער רבין. דער ראַדאָמסקער האָט נישט געהאַט אַזוי פיל חסידים ווי דער גערער אָדער אפילו ווי דער אַלעקסאַנדער, אָבער אין אונדזערע מקומות איז דער ראַדאָמסקער הויף אויך געווען זייער פּאָפּולער. דער ראַדאָמסקער הויף האָט אויך געצויגן זייער פיל חסידים פון גאַליציע און די פרומע שטעט פון ביידע זייטן גרענעץ מיט דייטשלאַנד.

איך בין געווען אַ יינגל פון צוועלף יאָר, אָבער שוין געהאַט אַ שם פון אַ שטיקל עילוי. ווען איך בין געפאָרן מיט די צענדליגער חסידים קיין ראַדאָמסק אויף שבת נחמו, האָב איך — לויט דעם אָנזאָג פון ר׳ משה־יאַנקלען — אַחוץ אַ נייע אַטלעסענע שבתדיקע קאַפּאָטע און ריינע שבתדיקע וועש אויך מיטגענומען אין מיין פּעקל אַ העפט מיט מיינע אייגענע חידושים און פשטלעך.

באַלד ווי מיר זיינען אָנגעקומען אין ראַדאָמסק זיינען מיר געגאַנגען אויף אַ געדונגענער חסידישער אכסניה, און נאָכדעם גלייך אין רבינס בית־מדרש געבן שלום דעם רבין. הונדערטער חסידים האָבן שוין גע־וואַרט אויף זייער ריי לעבן דעם גבאים טישל, וואָס האָט געשריבן די קוויטלעך פאַר יעדן חסיד. ווען עס איז אָנגעקומען אונדזער ריי און איך צוזאַמען מיט ר׳ משה־יאַנקלען זיינען אַריין אין רבינס חדר, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ טיפע אימה. דער רבי — אַ מיטליאָריקער ייד מיט אַ קליין שוואַרץ בערדל אַרום אַן איידל־ווייס פּנים אין אַ שוואַרצער זייַ־דענער קאַפּאָטע און אַ שטריימל, האָט מיר דערלאַנגט שלום־עליכם און מיר געזאָגט, אַז ער איז זייער צופרידן פון מיין באַגערן צו לערנען תורה. ער האָט געהערט פון מיר. ער האָט אויך תיכף געבעטן זיינע צוויי יינגלעך, וואָס זיינען אויך געווען אין רבינס שטוב צו ריידן צו מיר, און מיר האָט ער אָנגעזאָגט זיך צו פילן ווי אַ בן־בית מיט זיינע יינגלעך.

איך בין באַלד אַרויס פון רבין אַ גליקלעכער, די אַרומיקע חסידים האָבן געקוקט אויף מיר מיט צופרידנקייט. איך בין צוזאַמען מיט די חסידים געגאַנגען אין מרחץ אַריין.

צו קבלת שבת זיינען מיר אַלע געווען אין גרויסן רבינס בית־מדרש. הונדערטער חסידים האָבן מיט חסידישער התלהבות מקבל שבת געווען. מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף פאַרשיידענע באַרימטע רבנים פון פּוילן און גאַליציע, וואָס זיינען געקומען צום ראַדאָמסקער רבין אויף שבת נחמו. אַלע רבנים און צענדליקער חסידים זיינען געווען אין די שטריימ־לעך און חסידישע ספּאָדקעס; אַסך יינגערע בחורימלעך, ספּעציעל פון רבינס משפּחה און מקורבים, האָבן אויך שוין געטראָגן שטריימלעך. ס׳איז געווען תורה וגדולה ורינה במקום אחד. און ווי איבערגליקלעך און שטאָלץ בין איך געווען, ווען צווישן מנחה ומעריב, בעת דער עולם חסידים האָבן גערעדט מיט אַנשי שלומינו וואָס מען האָט נישט געזען אַ צייט, און אַנדערע האָבן גאָר געשמועסט אין לערנען, האָט ר׳ משה־יאַנקל מיך צוגעפירט צו עטלעכע באַקאַנטע רבנים, און יענע האָבן מיך געבעטן פאַר זיי איבערצוזאָגן אַ פּאָר פון מיינע פשטלעך און חידושים. איך האָב מיט באַגייסטערונג „אָפּגעקנאַקט״ פאַר די רבנים מיינע פשט־לעך און זיי האָבן מיר טאַקע געגעבן אַ קניפּ אין באַק און געזאָגט אַז איך וואַקס אַ בן־תורה.

נאָכן דאַווענען און נאָכן איילן עסן די שבת־וועטשערע אויף דער אכסניה האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין בית־מדרש צום רבינס טיש.

ר׳ משה־יאַנקל איז געווען איינער פון די יחוסדיקע טיש־זיצערס ביים רבין. מיר האָבן דעם רבינס ייִנגלעך צוגעפּירט צו זייער פּלאַץ, טאַקע אויבנאָן, גלייך לעבן דעם רבין. און עס האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַן אמתע פּאַרטיפּטע חסידישע עבודה פון זיין ביים רבינס טיש.

הונדערטער חסידים האָבן אָנגעפּילט דעם רבינס בית־מדרש. די וויכטיקערע חסידישע מקורבים האָבן פאַרנומען די ערטער אַרום די טיש־זיצערס. אָנגעפּראָפּט און ענג איז געווען דער גרויסער צימער. אַסך זיינען געשטאַנען אויף בענק, קאָפּ אויף קאָפּ איז מען געשטאַנען. אַנדערע זיינען אפילו געהאַנגען פון די באַלקנס וואָס האָבן אַרויסגע־שטעקט פון דער סטעליע. מיט זייערע גאַרטלען האָבן זיי זיך פעסט אַרומגעבונדן אַרום די פאַרשיידענע געזימסן און באַלקנס. אַלעמענס אויגן זיינען געווען מיט יראה געווענדט צום אויבנאָן וואו דער רבי איז געזעסן. אַ הייליקע שטילקייט האָט באַהערשט דעם גרויסן עולם, ווען זיי האָבן אַרויסגעשעפּט זייער עקסטאַז, אמונה, פרייד און באַגייסטערונג פון רבינס פּנים.

דער רבי האָט געמאַכט קידוש, האָט פאַרזוכט פון קידוש־בעכער און אַריינגעשיקט מיטן שמש דעם בעכער צו דער רביצין אין איר צימער צו טרינקען פון קידוש־וויין. נאָכן קידוש האָט מען דערלאַנגט פיש און די אַנדערע שבתדיקן מאכלים. פון יעדן מאכל האָט דער רבי טועם געווען אַ ביסל און צעטיילט די שיריים צווישן די מקורבים טיש־זיצערס. די כוונה איז געווען טועם צו זיין מסעודת מצווה, פאַרזוכן פון דעם הייליקן שבת־עונג און קדושדיקע מאכלים, זוכה צו זיין פון די עסנס אויף וועלכע דער רבי האָט אַ ברכה געמאַכט.

די מענטשן ביים רבינס טיש ווערן דורכגעדרונגען פון איין הייליקן געפיל. אַלע, אַלט און יונג, למדן און ווייניקער למדן, ווערן אַריינגענומען אין איין יום־טובדיקער גייסטיקער קייט. דער עקסטאַז קומט צום טיפסטן אויסדרוק, בעת דער רבי זאָגט תורה פאַר עולם. עס פלאַמט, עס ווערט ליכטיק.

כאָטש איך בין נאָך דעמאָלט אַזוי יונג געווען, געדענקט זיך מיר דאָס גאַנצע לעבן יענער פרייטיק־צו־נאַכט ביים רבינס טיש. מען האָט ביים טיש געזונגען אמתע פריילעכע חסידישע ניגונים. דער רבי האָט מכבד געווען איינעם פון זיינע מקורבים צו זינגען אַ „ראַדאָמסקער ניגון" און אַלע האָבן מיטגעזונגען דעם האַרציקן ניגון. דער רבי האָט איבערגעריסן דעם ניגון מיט זיפצן און עקסטאַטישע אויסרופן: „אוי,

אַ ייד, אַ ייד, אַ ייד דאַרף זיין אַ פרומער ייד! אַ ייד דאַרף לערנען תורה!״ דאָס האָט געווירקט צו פאַרטראַכטן זיך, מכוון צו זיין אין מיטן דער שמחה פון ניגון אויף דעם ענף פון יידישקייט, פון פאַרטיפטער חסידי־שער יידישקייט.

דאָס פירן טיש האָט געדויערט עטלעכע שעה. צומאָרגנס נאָכן דאַווענען איז מען ווידער געקומען צום רבינס טיש. דאָ האָב איך שוין באַקומען פון רבין אויסגעטיילט אַ חלק עוף פון שיריים, דאָס איז גערעכנט געוואָרן פאַר אַ גרויסע זכיה.ביים טיש האָבן יידן גבירים געשטעלט ווײַן פאַרן עולם. נאָך דער סעודה האָבן חסידים פאַרבראַכט אין בית־מדרש, אויסגעטייטשט איינער פאַרן צווייטן די כוונה פון רבינס תורה זאָגן. אַנדערע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין די חסידישע אכסניות, זיך משמח געווען ביי ווײַן און מעד מיט ניגונים און טענץ.

דעם טיפסטן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דעם רבינס שלוש־סעודות. ווידער איז דעם רבינס טיש געפירט געוואָרן אין דער גרויסער פליגל־סוכה, וואָס איז געווען צוגעבויט צום בית־מדרש. אַ וואונדערלעכע שטילקייט האָט געהערשט. די לעצטע שטראַלן פון דער זון האָבן דורכ־געדרונגען דורך די הויכע פענצטער און באַלויכטן די באַגייסטערטע פנימער פון די חסידים. דער רבי, זיינע מקורבים, די האַרציקע אתקינו־סעודתא־מאָטיוון, צוזאַמען מיט די לעצטע זון־שטראַלן האָבן זיך גע־זעגנט מיט דער מלכה שבת וואָס פאַרשווינדט ווי אַ גוטער חלום.

באַלד נאָך דעם שלוש־סעודות, האָט מען אָפּגעכאַפּט דעם וואָכעדיקן מעריב און אָנגעצונדן ליכט אין בית־מדרש. אַלע האָבן זיך געוואונטשן גוט־וואָך. מען האָט גענומען זיך גרייטן צו פאָרן צוריק צום טאָג־טעג־לעכן לעבן, אָבער עס האָבן באַגלייט און געוואַרעמט דאָס האַרץ די מלאכים פון שבת נחמו ביים רבין.

מיך האָבן זיי אויך געוואַרעמט. דערפאַר בין איך ביז היינט גע־בליבן דער באַגייסטערטער חסיד פון פרצעס „בעאַ־חסידיזם״, און נישט ווי דער ליטווישער מלמד פון פרצעס, „אויב נישט נאָך העכער״, וואו דער רבי ווערט באַפּוצט מיט הומאַניסטישע סאָציאַלע מצוות. איך בין געבליבן אַ חסיד נישט בלויז צוליב מעשים טובים, נאָר צוליב דער חסידישער תורה, צוליב דעם חסידישן ברען, צוליב דעם חסידישן שטיי־גער און דער חסידישער פילאָסאָפיע. רחמנא לבא בעי — גאָט וויל דאָס האַרץ, לערנט אונדז חסידות. דורך כוונה, דורך גלייבן אין געפיל, דורך עקסטאַטישן פאַרטיפטן און שמחהדיק מכוון זיין זיך קומט מען צו גאָט.

דער צדיק איז דער צנתרא דאהבה, דער גייסטיקער פֿאַרמיטלער צו גאָט. און חסידות הייסט געזאַנג, מיינט אויפֿנעמען די וועלט, די נשמה פֿון דער וועלט דורך געזאַנג, דורך דעם אַלץ אַרומנעמען געזאַנג פֿון כל עצמותי תאמרנה, אַלץ אינעם מענטש, אַלץ אין אים זינגט, ווייל אַלץ איז אַ ניצוץ מאלהי חי, ווייל אומעטום געפֿינט זיך גאָט.

ווער איך נאָך ביז היינט פֿאַרכאַפּט פֿון דעם חסידישן ניגון, פֿון חסידישן ברען אויפֿצונעמען די וועלט. בין איך נאָך ביז היינט געבליבן דער חסיד, אפֿילו ביים אויפֿנעמען די נייערע, די שפּעטערע דורות אונדזערע. דער חסידיזם אין מיינע יונגע יאָרן האָט מיך צוגעגרייט נישט אויפֿצונעמען אידייען און אידעאַלן, בלויז דורך טרוקענע סכעמעס, נאָר דווקא און אפֿשר נאָר מיטן ברען פֿון האַרצן, לויט אינעווייניקסטע כוונות, כוונות פֿון דעם אידעאַל. נישט בלויז טרוקענע הלכה, נאָר אויך די האַרציקע נשמהדיקע אגדה איז וויכטיק פֿאַר יעדער אידעאָלאָגיע און פֿאַר יעדן אידעאַל. חסידות איז אַ מעטאָד, אַן אופֿן און אַ דרך אויפֿצונעמען וועלט, אידייען, אידעאַלן. מע דאַרף זיין אַ חסידישער נאַציאָנאַלער ייד, אַ חסידישער סאָציאַליסט און פּראָגרעסיסט — הכלל, אַ חסידישער מענטש.

עס באַגלייטן מיך נאָך היינט, ספּעציעל אין שווערע טעג פֿון לעבן, די יונגע חסידישע יאָרן מיינע און די חסידישע ניגונים. איז מיר דערפֿאַר אַזוי ליכטיק פֿאַרבליבן יענער שבת נחמו אין ראַדאָמסקער רבינס הויף, ווען איך בין געוועזן אַ בחורל פֿון צוועלף יאָר.

## אין וואַרשע

נאָך אין די קינדעריאָרן איז מיר אויסגעקומען עטלעכע מאָל צו זיין אין פּוילנס הויפּטשטאָט, אין וואַרשע. איך בין אָפּט געפֿאָרן מיט מיין מוטער צוגאַסט צום רייכן פֿעטער לייב. דער פֿעטער לייב האָט געוואוינט אין זייער אַ גרויסער וואוינונג אויף שוו. יורסקא גאַס, אין פּולמאַנס הויז. ביי אים אין שטוב האָט מען שוין גערעדט פּויליש, די מומע האָט מען שוין גערופֿן „צאָטשיאַ״. עס זיינען געוועזן אין שטוב פּוילישע דינסטן און די קינדער האָבן שוין געלערנט אין פּוילישע שולן.

מיינע שוועסטער־קינדער פֿלעגן מיך נעמען שפּאַצירן אויף די אויסגעפּוצטע וואַרשעווער גאַסן און אין די שטאָט־גערטנער. פּולמאַנס הויף איז געווען אַקעגן דעם באַוואוסטן וואַרשעווער פּאַרק, קראַשינסקיס גאָרטן. אויף מיר האָבן די אַלע שיינע גאַסן געמאַכט אַ שטאַרקן איינ־

דרוק. עס געדענקט זיך אַ פּיקניק אויפן גרינעם פּלאַץ, לעבן דער ווייסל, מיט מײַנע שוועסטער־קינדער און זייער גובערנאַנטקע, און דאָס שפּאַ־צירן אויף יערוזאַלימסקי אַליי, אַ באַזוך אין דעם פּראַגער גאָרטן איבער דער אײַזערנער בריק מיט די הוידעלקעס און קאַרוסעלן און הימל־רעדער. איך פלעג זיך לאָזן צוזאַמען מיט מײַן קוזין צו דער ווייסל, דאָרט וואו די סאַדאָווניקעס פון אַרומיקע דערפער האָבן געבראַכט אויף שיפלעך עפּל און אַנדערע פּרוכטן און מיר האָבן זיך אויסגעדונגען מציאות.

איך האָב זיך גרויס געהאַלטן פאַר מײַנע חברים אונטער דער קאָליע מיט מײַנע וואַרשעווער באַזוכן. איך האָב ליב געהאַט צו דערציילן פון דעם וואַרשעווער צירק, וואוהין מען האָט מיך גענומען, פון די הויכע וואַרשעווער הײַזער, פון דעם פּאַסאַזש, וואו מײַן פעטער האָט געהאַט אַ געשעפט פון דאַמען־קליידער. וואַרשע איז מיר פון קינדווײַז אָן געווען אייגן און טייער.

ווען איך בין אַלט געווען 12 יאָר האָבן מיר זיך אויף אַ צײַט אַרײַ־בערגעצויגן קיין וואַרשע. דאָס איז געווען אין יאָר 1904. מיר האָבן גע־וואוינט אויף דער נאַוואָליפּקע־גאַס. איצט בין איך אָבער שוין געווען אַ פרום חסידיש בחורל. מיט מײַנע שוועסטער־קינדער האָב איך שוין געהאַט ווייניק צו טאָן. צו באַוואונדערן און אָנקוקן די גרויסע שטאָט איז מיר שוין נישט געלעגן אין זינען. אָנשטאָט דעם האָב איך זיך באַלד דערפרעגט אויפן נאָענטסטן גערער שטיבל, וואָס איך האָב גלייך אויס־געפונען אויף דער נאַוואָליפּיער גאַס. איך האָב דאָ ווייטער געפירט דאָס לעבן פון אַ חסידישן בית־מדרש־בחור, געלעבט אַנדערש ווי מײַן גאַנצע משפּחה און אַנדערש ווי אַלע מײַנע נאָענטע.

מײַנע צוויי ברידער זײַנען דאָן שוין געווען מיטגלידער פון „בונד״. מײַן עלטערער ברודער עזריאל האָט אפילו שוין געהאַט פאַרזוכט די קעסט פון „פּאַוויאַק״. מען האָט אים אַרעסטירט אויף אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג אין וואַלד הינטער וואַרשע. בעת איך פלעג מיט התמדה פאַרברענגען אין גערער שטיבל אויף דער נאַוואָליפּיע, פלעגן מײַנע ברידער מיט ברען זיך באַטייליקן אין דער בונדישער בירזשע אויף דער נאָענטער קאַרמעליצקע גאַס. דער „בונד״ אין פּוילן, פּונקט ווי די אַנ־דערע יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען , האָט זיך שנעל צעוואַקסן. דאָס האָבן מיר שוין געהערט אפילו הינטער די ווענט פון די בתי־מדרשים און די שטיבלעך. אַסך בחורים האָבן פאַרלאָזן די ענגע ווענט

פון בית־מדרש און זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג.

אין דעם יאָר איז געשען אַ בלוטיקער צוזאַמענשטויס. קאָזאַקן זיי־נען אומברחמנותדיק באַפאַלן אַ יידישע אַרבעטער־לוויה אויפן בית־עולם. מיין עלטערער ברודער איז אויך געווען איינער פון די באַטייליקטע און האָט זיך עפּעס ווי דורך נסים געראַטעוועט פון די קאָזאַקישע נאַ־גייקעס. אין שטאָט איז געווען אַ שרעקלעכע מהומה. עלטערן האָבן זיך געשראָקן פאַר די קינדער. עס זיינען פאָרגעקומען אַסך אַרעסטן.

מיינע עלטערן האָבן אין וואַרשע אַפּנים נישט געכאַפּט קיין גליקן אויף וועלכע זיי האָבן זיך גערעכנט. איצט איז צוגעקומען שרעק פאַר זייערע קינדער. האָבן זיי, נאָך אַ פיר־חדשימדיקן וואוינען, פאַרפאַקט דאָס ביסל האָב־און־גוטס און זיך צוריקגעצויגן קיין פּיעטריקאָוו.

איך בין געווען זייער צופרידן וואָס איך קום צוריק צו מיין בית־מדרש און מיין גערער שטיבל — ווידער אין דער היים, וואו מיינע חברים און די האַרטע בענק פון בית־מדרש האָבן מיך אויפגענומען ווי אַן אייגענעם.

## איך ווער בר־מצווה

ווען איך בין צוריקגעקומען אין מיין שטאָט, האָב איך זיך איצט ערשט מיט דעם גרעסטן ערנסט גענומען צום לערנען. איך בין דאָס יאָר שוין געוואָרן אַן אמתער „גרויסער". איך בין געוואָרן בר־מצווה.

ווערן בר־מצווה ביי אַ חסידיש יינגל אין פּוילן איז אייגנטלעך נישט פון די גרויסע גבורות. מע פּראַוועט נישט קיין צו גרויסע צערעמאָניעס. ר' משה קאָצקער, דער עלטסטער קאָצקער חסיד אין גערער שטיבל, האָט מיר אין אַ מיטנוואָך אָנגעטאָן די תפילין, וואָס דער טאַטע האָט באַשטעלט ביי מיין רבין פון שטאָט־שיעור ר' יאַנקעלע דיין. ער האָט געזאָגט מיט מיר די ברכות און מען האָט מיר געגעבן אַן עליה. ס'איז דאַכט זיך געווען אַ מאָנטיק. און נאָכן דאַווענען האָט דער טאַטע גע־שטעלט לעקעך און בראַנפן — און שוין.

אַזאַ פשוטע צערעמאָניע איז געווען חלילה ניט מחמת דער גרינג־שעצונג צו דער תורה און אירע מצוות. פאַרקערט, מען האָט אָפּגעהיט די מצוות, מ'האָט זיי געטאָן און נישט זיי „געפּראַוועט". דאָרט האָט אַזאַ בחורל ווי איך צו זיינע 13 יאָר צוגעגרייט אַ סיום אויף אַ מסכתא און טאַקע געפּראַוועט אין די ניין טעג (מיין בר־מצווה איז אויסגעקומען אין די 9 טעג) אַ פיינע פליישיקע יום־טוב־סעודה. דאָרט האָט אַ פרום יידיש

יינגל נאָך פון פריער, פאַר בר־מצווה, געטראָגן דעם יאָך פון תורה און מצוות, און יידישקייט, און געפילט אַ תכלית און אַ תוך אין דער וועלט.
(אָרעם־לעכערלעך איז איצט געוואָרן אונדזער לעבן, וואָס מיר פילן אויס מיט „ספּיטשעס" און איבערפלעכלעכע, אָפּטמאָל וואולגאַר „געפּראַוועטע" צערעמאָניעס. אפילו „מיר מאָדערנע" וואָס קריטיקירן די פלאַכע בר־מצווה יידישקייט האָבן דאָך נאָך נישט באַוויזן אויסצופילן אונדזער היינטיק יידישן לעבן מיט דעם אמתן פייער פון אַ פול פאָלקסלעבן, אַ לעבן מיט אַן אייגנאַרטיקן שטייגער, גאַנג און ריטעם. מיר האָבן פאַרביטן דאָס אַלטע מיט רעזאָלוציעס און מיט בעלעטריסטישע מעשות וועגן יידישקייט).

איין וויכטיקן באַשלוס האָט מיין בר־מצווה ביי מיר אַרויסגערופן: מיט נאָך מער פלייס זיך נעמען צום לערנען און טאַקע ווערן אַן אמתער מתמיד. דער בית־מדרש האָט אינגאַנצן מיך איינגעשלונגען. מיר — איך און מיין חבר זלמן הורוויץ — זיינען ווידער געוואָרן די צוויי הויפּט צווישן די בית־מדרש־בחורים. מיר האָבן דעמאָלט שוין געלערנט אַ שיעור מיט אַנדערע בחורים. מיר פלעגן זיך פאַרטיפן מיט אונדזערע תלמידים אין אַ האַרבן תוספות און שווערן מהרש"א. מיר האָבן זיך פאַרנומען מיט די שווערע סוגיות. מיר האָבן ערנסט געלערנט פּוסקים, די טורים, דעם יורה־דעה און חושן־משפּט און זיך גענומען גרייטן צו קריגן היתר הוראה.

נישט אַלע בחורים האָבן געקענט לערנען ביי אונדז און מיט אונדז, נאָר די געקליבענע, די בעסערע בחורים. און אָפּטמאָל פלעגט שוין אַ גאַנצע חברה מיך באַגלייטן שפּעט ביינאַכט אַהיים אונטער דער קאָליע און אויפן וועג שמועסן אין לערנען.

„שמועסן אין לערנען" און זאָגן פּשטלעך איז געווען די וויכטיקע גייסטיקע גימנאַסטיק, איבערגיין שווערע געדרייטע פּשטלעך און פּלפּולען זיך איז געווען פון אונדזערע גרעסטע פאַרגעניגנס. איין מאָל אַ וואָך, אין אַ באַשטימטער שעה האָבן די בעסערע בית־מדרש־בחורים פון שטאָט זיך צונויפגעקליבן אין פישל טישינערס בית־מדרש און זיך פאַרנומען מיט פּלפּולען זיך. מיר שטעלן זיך אַוועק לעבן דעם באַלעמער; איינער לייגט פאָר אַ שווערן ענין, אַן אַנהייב פון אַ פּשטל, און יעדערער ציט שוין ווייטער און וויזט אַרויס זיין חריפות און בקיאות. נישט אַלע האָבן געקענט מיטגיין און פלעגן אָפּט אָפּשטיין. די קענעוודיקסטע פלעגן פירן צווישן זיך אַ שאַרפן גייסטיקן געפעכט און ברענגען צו הילף אַ פאַר־

וואָרפענעם תוספות, אַ שאַרפזיניקן פני־יהושע, אַנדערע אַ שטיקל רמב״ם. דער זיגער האָט אַרויסגערופן די באַגייסטערונג ביי די אַרומיקע, און נישט בלויז ביי די בחורים, בית־מדרש־בחורים, נאָר אויך ביי די דער־וואַקסענע, יידן מיט בערד, וואָס פלעגן אָפט זיך צוכאַפן אָדער דורך די געשרייען צוגעצויגן ווערן צו האָרכן די העלדישע בקיאות פון זייערע באַליבטע בית־מדרשניקעס.

אַמאָל פלעגט מען אין מיטן איבעררייסן דעם שאַרפזיניקן וויכוח, ווען דער „שטומער וואָווע״ האָט זיך באַוויזן. אָט דער שטומער פאַר־וואָרלאָזטער קאַליקע, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין טישינער בית־מדרש און דאָרטן געשלאָפן, איז געווען אַ וואַסערטרעגער. פאַרן אָרט אין בית־מדרש האָט ער געדאַרפט אָנפילן דעם כיור מיט וואַסער. ווען חברה האָבן אים דערזען, האָט מען פאַרגעסן אין אַלע טיפע וויכוחים און — צוריק געוואָרן יונגע לעבעדיקע קינדער. מען האָט גענומען זיך רייצן מיט אים, אים פאַרטשעפען מיט די פולע קאַנען, הייסן אים דאַוו־נען, וואָס ביי אים איז עס געווען אַן אַרויספלאַפלען ווילדע, אומפאַר־שטענדלעכע קלאַנגען. חברה האָבן געפרעגט צי ער וויל חתונה האָבן מיט דער משוגענער מרים (אַ באַוואוסטע משוגענע אין אונדזער שטאָט). מען האָט אים געהייסן נאָכמאַכן די מארשן פון די סאָלדאַטן. דער עולם פלעגט קייכן פון געלעכטער ווען ער פלעגט מיט טאַקט צומאַרשירן. אַנדערע האָבן אים גאָר געוואָלט אַוועקלייגן אויף אַ משכנתא אָדער גע־וואָרפן אויף אים אַ צעפוילטע עפל, אָדער אים געצופט ביי זיין לאַנגער קאָלטענעוואַטער שוואַרצער באָרד. די ווילדע שטיק הערן אויף, ווען דער שטומער, און אויפגערייצטער, וואַרפט זיך אויף אונדז מיט די קאַנען, אָדער לאָזט אַרויס אַ ווילד, מאוימידיק, משוגע געוויין. פלעגט מען אויף אים שוין רחמנות האָבן, אים איינגעמען, געבן עטלעכע גראָשן מחילה־געלט און זיך ווידער נעמען צו תורה.

אַ גרויס געשעעניש פאַר אונדזערע פיעטריקאָווער מפלפלים איז געווען דער יערלעכער באַזוך פון אָסטראָווצער רבין. דער אָסטראָווצער רבי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן ביי אונדז דער אָסטראָווצער עילוי, איז געווען איינער פון די באַרימטע גאונים און רבנים פון פוילישן יידנטום אָנהייב איצטיקן יאָרהונדערט. דאָס איז דער באַוואוסטער רב פון פוילישן שטעטל אָסטראָווצע ר׳ יחיאל, וואָס האָט געפאַסט 6 טעג אַ וואָך, און איז געווען איינער פון די פראָמינענטסטע רעליגיעזע פירער פון פוילישן יידנטום. ער האָט אויך אַרויסגערופן באַוואונדערונג און

שטוינונג פון דער מעדיציניִשער וועלט מיט זיין אַסקעטיש לעבן און דיעטע פון גרוגרת דר׳ צדוק. ער איז געווען אַן אָרעמען בעקערס אַ זון און האָט פון זיין יינגסטער יוגנט אָנגענומען אויף זיך אַ לעבן פון סיגופים און עינוים.

ר׳ יחיאל אַסטראָווצער איז געווען מיין אידעאַל סיי מיט זיין גאוני־נות אין לערנען סיי מיט זיין פרומקייט, און סיי מיט דעם וואָס ער, אַ בעל־מלאכהס אַ זון, האָט אַזוי הויך דערגרייכט. ער איז געווען ר׳ יהושע שידלאָווסקיס איידעם. פלעגט ער קומען יעדן יאָר אויף עטלעכע טעג צו אונדז אין שטאָט צו גאַסט צו זיין שווער כדי מקיים צו זיין די מצווה פון כיבוד־אב.

ביי אונדז אין שטאָט האָט ער נישט געפירט קיין טיש, אויס דרך־ארץ צו זיין שווער וואָס איז געווען אַ גערער חסד. דערפאַר פלעגט ער פאַרבעטן די בית־מדרש־בחורים אַרויפצוקומען צו אים און שמועסן מיט אים אין לערנען.

מיר זיינען אָנגעקומען אין ר׳ יהושע שידלאָווסקיס רייכער וואוי־נונג אַ זייגער 1־2 ביי טאָג. דער רבי האָט ערשט נאָר וואָס געדאַווענט, ער פלעגט דאַווענען מיט אַ מנין מקורבים אין זיין שווערס וואוינונג. ער האָט אָבער נישט אויסגעטאָן טלית און תפילין אַ גאַנצן טאָג. ער איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ טיף איינגעפאַלן פּנים און אַ שוואַרץ גרוילעך בערדל. ער האָט גערעדט מיט זייער אַ שטילער שוואַכער שטים און האָט זיך געטומען תיכף מיט אונדז שמועסן און אַרויסווייזן חריפות און בקיאות, אַז אַסך חברים מיינע האָבן נישט געקענט „מיטשווימען" צו־זאַמען מיט דעם שאַרפזיניקן אַסטראָווצער עילוי אין ים התלמוד. מען האָט געמוזט אַליין זיין געניט באַוואָפנט מיט ש״ס און פוסקים כדי צו קענען קלעטערן מיט אים און כסדר איינפלאָנטערן און אויספלאָנטערן זיך מיט אים אין די האַרבע און שאַרפע פשטל־געוועבן. די געציילטע, די מער צוגעפאַסטע, זיינען געבליבן מיט אים ביז פאַרנאַכט. נאָכן דאַווי־נען אין מנין טאַקע אויפן אָרט מנחה ומעריב, האָט דער רבי, אַן אָפּגע־שוואַכטער, ערשט אויף־דער־נאַכט אויסגעטאָן דעם טלית ותפילין, זיין שוויגער האָט אים אַריינגעבראַכט אַ האַלב גלאָז מילך און אַ שטיקל זעמל אָדער בייגל מיט פּוטער.

ווי באַוואוסט האָט ער אַזוי געלעבט, אַחוץ שבת און יום־טוב, ווען מען דאַרף הנאה האָבן פון רייכערע תענוג־שבת־מאכלים — בשר ודגים וכל מטעמים, ביז אין טיפער עלטער. אַזאַ לעבן איז געווען איינער פון די זיבן וואונדער פון דער מעדיציניִשער וועלט.

# מיין כלל-טוערײ

נאָך בר־מצווה בין איך געוואָרן נאָך מער גאָטספאָרכטיקער. איך פלעג זיך מיטן גאַנצן האַרצן צו הערן צו די מגידים, וואָס דרשענען פאַרן עולם צווישן מנחה ומעריב. עס זיינען געקומען באַוואוסטע מגידים און משולחים פון די ליטווישע ישיבות, וואָס האָבן מיט זייערע דרשות און מיטן ספּעציעלן דרשה־ניגון ווירקן נישט בלויז אויף די פּשוטע יידן, נאָר אויך אויף די לומדים און אויך אונדז בחורים.

ווען מען האָט דורך מודעות געלאָזט וויסן, אַז אַ באַרימטער מגיד וועט דרשענען אין דעם און דעם בית־מדרש, איז דער בית־מדרש אָנ־געפּילט געוואָרן פון וואַנט צו וואַנט. דער מגיד פלעגט מיט זיינע וואונ־דער־שיינע משלים, מדרשים און מוסר־מעשיות פאַרכאַפּן דעם עולם. מען איז אינגאַנצן פאַרכישופט געוואָרן. אין האַרצן האָט מען באַשטימט צו זיין אמת־ערלעכע און גאָטספאָרכטיקע יידן. אָפטמאָל האָט אַזאַ מגיד געבעטן פאַר אַ ישיבה אָדער פאַר אַנדער רעליגיעזן מוסד, פלעגן די בית־מדרש־בחורים שוין זיין „אין קאָמיטעט" אים אַרויסצוהעלפן. מיר זיינען מיט אים מיטגעגאַנגען אין די פאַרשיידענע בתי־מדרשים און קלויזן, אים אַרומגעפירט צו די גבירים פון שטאָט.

איז מיר אויסגעקומען אָפטמאָל צו זיין דער הויפּט־פירער פון משולחים, צונויפקלייבן פאַר אָרעמע לומדים, אויך אויף חתונה מאַכן אַ טאָכטער. איך האָב אויך אַרומגעפירט פאַרשיידענע אורחים מיט כתבים, געהאָלפן משולחים פון די ארץ־ישראלדיקע כוללים, געקליבן פאַר אָרעמע חסידים, מיטגעהאָלפן אין מסחר מיט אתרוגים, הושענות. מיר האָבן געשאַפן אַ קאַסע אויסצוהאַלטן אָרעמע בית־מדרש־בחורים. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ חברה תיקון־ספרים, וואו יעדערער האָט איינ־געצאָלט דאַכט זיך אַ 25 קאָפּיקעס אַ חודש צו פאַררעכטן צעריסענע ספרים. בכלל, איך בין שוין פון מיינע יינגסטע יאָרן געווען אַ כלל־טוער און אַ „קולטור־טרעגער". פאַר משה רבינוס יאָרצייט אָדער ערב יאָרצייט פון אַ גרויסן רבין פלעגן מיר זיך אַרויסלאָזן פון הויז צו הויז און קלייבן ליכטלעך און אין דער יאָרצייט־נאַכט, ספּעציעל ז' באדר, (משה רבינוס יאָרצייט), פלעגט דער גאַנצער בית־מדרש באַלויכטן ווערן פון הונדערטער ליכטלעך וואָס מיר האָבן צוגעטריפט צו די מיט בלעך־באַדעקטע טישן. געווען אמת טאַקע קליינטשיקע, גראָשנדיקע ליכטלעך, אָבער אַזויפיל און מיט אַזעלכע פרום־ערלעכע הערצער גע־געבענע און אָנגעצונדענע. האָבן זיי דען נישט העלער און ליכטיקער

געשיינט פאַר אונדזערע נשמות ווי די היינטיקע גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן?

מיין פרומקייט איז געווען אַ פאַנאַטישע. איך האָב זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט זיין אַליין ערלעך און פרום, נאָר צוזאַמען מיט אַלע פרומאַקעס פון שטאָט גענומען קעמפן קעגן די אַפּיקורסים און מהרסים וואָס האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן אין גרויס־פּוילן.

אַחוץ די רעוואָלוציאָנערע אידייען, וואָס האָבן וואָס אַ מאָל אַלץ מער פאַרכאַפּט די יידישע יוגנט, איז שוין דעמאָלט אין פּוילן אויך געווען אַ גרויסע ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס האָט אויך זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרשפּרייטן די מאָדערנע העברעאישע ליטעראַטור און שאַפן מאָדערנע העברעאישע דערציאונג־אינסטיטוציעס. אין יעדער שטאָט אין פּוילן זיינען שוין געווען ציוניסטישע פאַראיינען און אַ העברעאיסטיש־משכילישע אינטעליגענץ. ביי אונדז אין פּיעטריקאָוו איז געווען טעטיק דער משכיל און ציוניסט משה פיינקינד און אַ גאַנצע גרופּע אַרום אים. פון צייט צו צייט פלעגט איינער פון אונדזערע בחורים זיך אָפּרייסן פון אונדזער סטאַדע און „פאַרבלאָנדזשען" אַהין. מיר האָבן געקוקט אויף די משכילים און ציוניסטן, פּונקט ווי אויף די „ציציליסטן" און אחדות־לייט, מיט שנאה, קעגנערשאַפט, ווי אויף אמתע פּושע־ישראל.

נו, נעמען די משכילים און גרינדן ביי אונדז אין שטאָט אַ חדר מתוקן, אַ מאָדערנע העברעאישע שול מיט די אַלע קליפּערלעך פון די דאַמאָלסט פּאָפּולערע חדרים מתוקנים, פון דעם טיפּ קרינסקיס גימנאַזיע אין וואַרשע. אונדזערע חסידים באַשליסן נישט צו לאָזן אַזאַ זינד זיך באַפעסטיקן אין אונדזער הייליקער קהלה. וואָס הייסט? גאָר לערנען דקדוק און ריידן העברעאיש און לערנען מיט קינדער „פּסוק" אַנשטאָט גמרא, און די אַלע חכמות גויאישע תורות, און אין אוניפאָרמען, אין בלויזע קעפּ און ביי לערער גלוחים! האָט דער רב אַריינגעלייגט אין חרם אָט דעם נייעם חדר מתוקן. פון חדר מתוקן האָט מען געמאַכט מסוכן. ס'הייסט נישט קיין רעפאָרמירטער חדר, נאָר אַ געפערלעכער חדר, נאָכדעם האָט מען גערופן אויף שבת אַלעמען קומען דאַוונען אין דער גרויסער שול אַריין, וואו די לערערס און מלדים פון חדר מתוקן האָבן געדאַוונט. נישט גיין דאַוונען האָבן אפילו אָט די דעמאָלטיקע אַפּיקורסים זיך נישט דערוועקט! און גאַנץ קהל וועט מקיים זיין די מצווה: ובערת הרע מקרבך: מיט שטעקנס און פּעטש פאַרטרייבן די „צעשטערער פון הייליקן הויז יעקב."

ווען איך און מיינע חברים זיינען שבת געקומען אין דער שול־גאַס, איז שוין די גאַנצע גאַס געווען פול מיט מענטשן. פון אַלע שולן, בתי־מדרשים און שטיבלעך איז מען געקומען אויף דער „הייליקער מלחמה". מיר האָבן שוין אין שול גישט געקענט אַריינגיין. נאָר מען האָט אונדז איבערגעגעבן אַז מען האָט, ווי אמתע קרובים פון פּנחס בן אליעזר בן אהרן הכהן, גוט אויסגעפּאַטשט די פּושעי־ישראל, זיי פאַרטריבן פון שול און זיי געוואָרנט, אַז מע וועט זיי עוקר מן השורש זיין, אויב זיי וועלן נישט אַליין צעשטערן די נעסט פון זינד.

האָב איך געוואוסט, אַז איך וועל אינגיכן אַליין ווערן איינער פון דער זינדיקער מחנה און אַז די סטרא אחרא ר"ל פון השכלה און ציוני־ליזם וועט מיך אויך אַריינכאַפּן אין דער זינדיקער נעץ? מיט עטלעכע יאָר שפּעטער בין איך געוואָרן אַ אַריינגייער ביי איינעם פון די לע־רערס פון דעם חדר מתוקן. ער האָט דאָס מיך „קאַליע געמאַכט". איך בין אפילו אַ צייט שפּעטער געוואָרן אַ געהילף־לערער אין דעם חדר מתוקן, וואָס די פרומע פּעטש האָבן נישט פאַרטריבן פון אונדזער היי־ליקער קהלה.

## וואָס זשע ווייסטו ביי דער גמרא, קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער?

אין די איינפּאַכע, אָבער האַרציק־ערלעכע ווערטער פון צוויי לידער, דער „גמרא־ניגון" און „מאי קאָ משמע לן", איז אונדזער גרויסן יידישן דיכטער אברהם רייזען געלונגען אויף דעם וואונדערלעכסטן אופן אי־בערצוגעבן די נשמה און גייסט פון דעם בית־מדרש און ישיבה־בחור. יונגע מענטשן, מיט הערצער געלייטערטע דורך טעג און נעכט אין רע־ליגיעזע פאַרטיפונגען, האָבן אין גמרא־ניגון אויסגעגאָסן די טיפע נשמה־בענקשאַפטן און די ווייען צו שלמות און דערהויבונגען. אָבער נישט קיין פאַרדאַרטע, פאַרטרוקנטע לעבנס האָבן האַרציק אויסגעזונגען דורך דער אַלטער גמרא־מעלאָדיע זייער צער אויף זייער אייגענע אונטער־גייענדיקע לעבנס. ס'איז גיכער געווען אַ צער פון גלות השכינה, פון וועלן אַריינדרינגען אין די סודות פון וועלט און לעבן. דער ערנסטער בית־מדרש־בחור האָט נישט פאַרוועלקט זיינע טעג ביי דעם „אמר רבא" און „אמר אביי", נאָר ער האָט ביי די דפים פון דער גמרא מיטגעשפּונען דאָס גייסטיקע לעבן פון פאָלק. „אין בית־מדרש קום", זינגט ביאַליק, „אין אַלטן און פאַרעלטערטן, וועסטו אפשר דערזען מיט דיינע אויגן וואָס ס'האָבן דיינע אבות זייער הייליקייט באַהאַלטן". דעם ישיבה־

בחורס טעג זיינען נישט געווען קיין פּוסטע, זיין לעבן איז בשום אופן
נישט געווען קיין מאָנאָטאָנס. ער האָט געלעבט אַ פול נשמהדיק גליק־
זעליק לעבן. הלוואי וואָלטן מיר מאָדערנע געווען אַזוי גליקלעך, אַזוי
זיכער מיט אונדזערע טעג, מיט אונדזערע ניגונים, הלוואַי! די פרי־
ערדיקע דורות זיינען געווען אַזוי גליקלעך־זיכער מיט זייער גאָט, מיט
זייערע טעג, אילוזיעס, חלומות. אָבער לאָמיר זיי נישט באַדויערן.
הלוואַי וואָלטן מיר איצט געהאַט אַ ביסל פריילעכע אילוזיעס!

איין מאָל שטיי איך זיך אַזוי אַליין אָפּגעזונדערט לעבן אַ שטענדער
אין פישל טישינערס בית־מדרש און לערן פאַר זיך, פאַרטיפט אין אַ
סוגיא. דער שטענדער איז געווען לעבן אַ פענצטער. כאָטש מענטשן
זיינען פאַרבייגעגאַנגען, האָט עס מיר נישט געשטערט צו הייבן זיך פריי
אויף די כוואַליעס פון ים התלמוד. איך האָב דאָך דאָ ביי דעם ווינקל
לעבן פענצטער פאַרברענגט שוין געגוג טעג. און אין מיין גליק, גליק
פון תורה, האָב איך זיך אַזוי אומגעשטערט געצויגן די אַלטע מעלאָדיע
פון גמרא־ניגון. פלוצעם דערזע איך ווי אין דרויסן אויפן גאַס לעבן
פענצטער שטייט אַ פּאָרל, אַ „פּריץ מיט פּריצה", זיי קוקן אויף מיר
מסתמא אַ לענגערע צייט און דער מאַן רופט זיך אָן: „טשעגאָ טי פּלאַ־
טשעס כלאָפּיעץ?" קיין צופיל פּויליש האָב איך נישט געקענט, אָבער
די ווערטער האָב איך פאַרשטאַנען: „יינגל, צוליב וואָס וויינסטו?"
האָב איך געוויינט? אפשר יאָ? האָב איך דען באַוויינט מיינע „יונגע
יאָרן" וואָס ווערן „פאַרדאַרט און פאַרוועלקט?" זיכער נישט. אַזוי
האָבן מיר דאָך אַלע געלערנט. צוזאַמען מיט די אַלטע הייליקע ווערטער
און האַרציק־טרויעריקע גמרא־קלאַנגען האָבן מיר אויסגעגאָסן אונד־
זער צער אינאיינעם מיט דער שכינה, וואָס „ברומט ווי אַ טויב" אויפן
חורבן בית־המקדש. נישט אויף זיך האָבן מיר געקלאָגט, נאָר אויף דער
שכינה וואָס איז אין דער פרעמד, און אויף דער פאַרבלאָנדזשעטקייט פון
וועלט און מענטש.

אפשר האָב איך געלערנט מיט מער עקסטאַז ווי אַסך אַנדערע. אפשר
האָב איך צו פיל האַרץ אַריינגעלייגט אין דעם „אמר רבא, אמר אביי".
האָט מען מיר טאַקע אין דעם זעלביקן בית־מדרש פאָראויסגעזאָגט:
„בחורל, מיר געפעלט נישט דיין ניגון: כ'האָב מורא אַז דו וועסט זיך
נישט צולאַנג האַלטן ביי אונדז". מסתמא האָט יענער ייד, אַ מבין אויף
„געזאַנג", דערקענט אין מיין ניגון אויך שוין אַנדערע טענער, טענער
פון ספקות, פון וועלן אַריבערגיין אויף יענער זייט פרגוד...

דערווייל האָבן, מיין פרומקייט און מיין התמדה דערגרייכט די העכ־

טטע מדרגה. ס׳האָט דעמאָלט ביי אונדז אין שטאָט פאַרוויילט דער חפץ־חיים, דער באַרימטער גאון און רעליגיעזער פירער. אין יענע יאָרן איז ער נאָך נישט געווען פאַררעכנט פאַר דעם הויפּט־זייל פון רעגיליעזן יידנטום אין איראָפּע, ווי ער איז געוואָרן שפּעטער. זיין ראַדונער ישיבה איז שוין געווען באַוואוסט און דער חפץ־חיים פלעגט קומען צו אונדז דרוקן זיינע ספרים. פּיעטריקאָוו איז געווען אַ צענטער פון יידישע דרוקערייען. ער און זיינע אַרויסהעלפערס האָבן אויך אַרויסגעגעבן מוסר־ביכלעך אויף יידישן און זיך דורכטענהן מיט די אַפּיקורסים און רעוואָלוציאָנערן.

די דרוקעריי וואו דער חפץ־חיים האָט געדרוקט זיינע ספרים איז געווען אַקעגן דעם גערער שטיבל, וואו איך האָב געלערנט; האָט ער געדאַוונט ביי אונדז אין שטיבל און האָט אָפטמאָל געשמועסט מיט אונדז בחורים. כאָטש מיר זיינען געווען פּוילישע חסידישע בחורים, און ס׳איז אונדז פרעמד געווען דער גאַנצער אופן פון חפץ־חיימס ליטווישן דרך, — האָט ער, אָט דאָס נידעריקע יידעלע מיט זיינע איינפאַכע רייד און וואונדערלעכער פּשטות (ער האָט פאַר אונדז נישט אַרויסגעוויזן זיין גרויס לומדות), — אויף אונדז אַזוי טיף מאָראַליש געווירקט, אַז אַסך פון אונדז זיינען געוואָרן אין גאַנצן אַנדערש. אָנשטאָט זיך צו „באַווייזן״ מיט אונדזערע פּשטלעך און גרויסער חריפות, האָבן מיר גאָר גענומען מעין זיין אין מוסר־ספרים, און אַפילו אויף יידיש. מיר האָבן זיך פאַר־טיפט אין די האַרציקע ווערטער פון דער יידישער מוסר־ליטעראַטור. אויף אונדזערע שפּאַצירן אין די אַרומיקע וועלדער — מיר פלעגן ליב האָבן צו שפּאַצירן גרופּעסווייז אין גרויסע טיפע וועלדער, אין דעם וואַלבערדזשער און סילעוועער וואַלד, — אין די הייסע זומערדיקע נאָכ־מיטאָגן — האָבן מיר שוין געשמועסט נישט בלויז אין לערנען, נאָר אויך זיך איבערגעגעבן די משלים און די רייד פון דעם „מאַדנעם ליט־וואַק״, וואָס רעדט צו אונדז אַזוי פּשוט און ערלעך. אַביסל האָט זיך אין דער פּוילישער יידישער שטאָט דערפילט אויך דער גייסט פון חפץ־חיימדיקער פּשטות און דורך משולחים דער גייסט פון די סלאָבאָדקער מוסרניקעס.

נאָך מיין בר־מצווה איז געווען אַ תקופה, ווען איך באַשטים איינ־גאַנצן זיך אָפּגעבן בלויז צו דער „הייליקער תורה״. איך באַשליס ביי זיך: איך וועל מער קיין דברי־חול נישט ריידן, שטענדיק לערנען, שטענדיק זיין מיט אַ הייליקן ספר, בשכבך ובקומיך. איך נעם אויף זיך

מיט קיינעם נישט צו ריידן דברים בטלים. איך דערווייטער זיך פון מיינע חברים. איך נעם נישט קיין אָנטייל אין די פאַרשיידענע שטיפערישע שטיק, און זעץ זיך אַוועק אין אַ באַזונדערן ווינקל. איך באַשטים דאָס יאָר איבערצוגיין אַליין גאַנץ ש״ס, דאָס מאָל בלויז די גמרא מיט רש״י. געווירקט אויף מיר האָט אַ פרעמדער בית־מדרש־בחור, פיל עלטער פון מיר. מען האָט געזאָגט אויף אים אַז ער איז אַ בעל־תשובה, אַז ער ריכט אָפּ גלות. מע דערקענט עס אין זיין רונד בערדל. ער זיצט אַליין טעג און נעכט און לערנט און לערנט. ער רעדט מיט קיינעם קיין וואָרט נישט, אַחוץ ווען ער דאַרף אונדז עפּעס פרעגן ווענן אַ האַרבער סוגיא. זיין מאָדנע נזירישע פירונג האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. נו, פאַרוואָס זאָל איך נישט ווערן אַזאַ מתמיד? ־ וועלכער מענטש איז דאָס נישט זינדיק? ווערן אַ בעל־תשובה!

איך האָב אפילו אין דער היים מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אַרויס־געדעט, אַפילו נישט מיט מיין מאַמען, וואָס איך האָב זי אַזוי ליב גע־האַט. אַפילו ביים עסן פלעג איך שטענדיק אַריינקוקן אין אַ ספר. איך האָב אויפגעגעבן אַלע שיעורים און פריערדיקע געוואוינהייטן און „סאָ־ציאַלע באַשעפטיקונגען.״

אַליין, אָבער שטענדיק מיט דער גמרא, מיט אַ ספר, האָב איך איצט פאַרבראַכט טעג און נעכט, כסדר ביים „אמר רבא״ און „אמר אביי״. אויף מיין יינגלשן שטייגער זיך דערווייטערט פון אַלע בעלי־עולם־הזה, אָבער זיכער אַלץ מיט אַן אינעווייניקסטן נשמה־גליק, מיט אויסגעליי־טערטער פרייד מיט מיין גאָט, מיט מיין גלויבן. אַזוי האָב איך געלעבט פול, גאַנץ און גליקלעך, און דאָס איז געווען מיין לוין. מיין גוטער מאַ־מעס לוין, וואָס איך האָב דאַן אַפילו נישט גערעדט מיט איר כדי נישט מבטל תורה צו זיין, וואָס איז געווען איר לוין?

איז ווי זאָגט ביאַליק אין זיין וואונדערלעכער פּאָעמע „דער מתמיד״:

ער זעט דאָך אַ לוין פאַר זיין מי זיין שווערער,
מען רופט אים אי מתמיד, אי עילוי — אין צווייען:
אי מתמיד, אי עילוי — דאָס זיינען צוויי שטאַפּלען
אין לייטער פון תורה אין ריזיקן־הויכן —
ווי ווייט איז דער שטאַפּל פון גאון פון זיין שוין:
ס׳איז גרינג דען אַזאַ מין מדרגה דערגרייכן?

## דאָס יאָר 1905

1905 איז באַוואוסט ווי דאָס יאָר פון דער ערשטער רוסישער רע־וואָלוציע. דער פאַרהאַסטער צאַר ניקאָלאַי איז געווען געצוואונגען צו שענקען דעם פאָלק געוויסע פרייהייטן און תיכף זיי צוריקגענומען. נאָך דעם מאַניפעסט פון 17־טן אָקטאָבער קומען רדיפות, פאָגראָמען, בלו־טיקע עקזעקוציעס.

אַפילו אין ווענט פון בית־מדרש און דורך מיין מתמידישער אָפּגע־זונדערטקייט זיינען אַריינגעדרונגען די הילכיקע אויפברויזנדיקע טענער פון דעם מוטיקן קאַמף קעגן פינצטערן צאַריזם. „ציציליסטן" זיינען שוין געווען ביי אונדז אַסך. מיינע ביידע ברידער זיינען געווען אַקטיווע מיטגלידער פון „בונד". מיין עלטערער ברודער איז אַפילו געווען — ווי איך האָב שפּעטער זיך דערוואוסט — איינער פון די הויפּט־פירערס פון דער שטאָטישער בונדישער אָרגאַניזאַציע און אַ מיטגליד אין ראַ־יאָנעם קאָמיטעט. קינדער פון אַסך פון אונדזערע שכנים און באַקאַנטע זיינען איינמיטן דער נאַכט אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דעם גרויסן פּיעטריקאָווער קרימינאַל. עטלעכע שוועסטערקינדער מיינע האָט מען אַפילו פאַרשיקט אין ווייטן סיביר.

גאַנץ פוילן איז געווען אין אויפרודערונג. עלטערן האָבן געציטערט פאַר זייערע קינדער. די יידישע יוגנט, רייך און אָרעם, אַחוץ די וואָס זיינען פאַרבליבן אין די בית־מדרש־ווענט, האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דעם גרויסן רעוואָלוציאָנערן מאַרש און פרייוויליק געגעבן בלוט און לעבן פאַרן גרויסן באַפרייאונגס־קאַמף.

די בית־מדרש־בחורים האָבן געקוקט אויף די פּורצי גדר מיט דער זעלביקער קעגנערשאַפט און פאַרביטערונג ווי אַסך פון די דערוואַקסענע פרומע יידן. מע טאָר זיך נישט פאַרטשעפּען מיט מלכות, דינא דמלכותא דינא: מען טאָר נישט וועלן זיך מישן אין גאָטס פירונג פון דער וועלט. און ווער זיינען זיי, די שנעקעס? גאָרנישטן וואָס ברענגען בלויז אומ־גליק אויף יידן. מען וועט אונדז אַלעמען צוליב די ציציליסטלעך חרוב מאַכן. און זעט ווי זיי פירן זיך: גאָר אָן שום גאָט און אָן אמונה אין האַרצן! מחלל שבת זיינען זיי, עסן טרפות ר"ל, האָבן נישט קיין דרך־ארץ פאַר עלטערע.

און ווען עס פלעגט טרעפן אַז די בונדיסטן אָדער די אַנדערע פאַר־טייען האָבן אַ שבת אָדער אַ יום־טוב פלוצלונג „פאַרכאַפּט" אַ שול צי אַ בית־מדרש און דאָרט דורכגעפירט אַ פאַרזאַמלונג, אַוועקגעשטעלט פאַט־

רולן און וואַכן ביי דער טיר, און אַרויסגעשטעלט זייערן אַ בעל־דרשן און קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט פון פּלאַץ, — פלעג איך, צוזאַמען מיט די אַנדערע פרומע בחורים, זיך פאַרשטאָפּן די אויערן און נישט מחלל שבת זיין מיט זייערע מוקצהדיקע אַפּיקורסישע רייד.

עפּעס האָט מיך יאָ געצויגן צו אָט די מאָדנע בחורים מיט די לאַנגע האָר, קיילעכדיקע גלחישע קאַפּעליושן און פּעלערינעס. אַסך פון זיי זיינען געווען פריערדיקע חברים פון שטיבל און בית־מדרש. עפּעס האָבן אויף מיר געווירקט די ערלעכע, נאַאיווע, האַרציקע רעוואָלוצי־אָנערע לידער וואָס מיינע ברידער האָבן געזונגען אין דער היים:

„אַ גוטער פריינד, ווען איך וועל שטאַרבן . . .״

אָדער:

„אַ בליק ווען איך גיב אויף דער אַרבעטער־וועלט
צעגייט מיר מיין האַרץ מיט געוויין.״

ווידער האָבן מיך ניגונים און ווערטער פאַרכאַפּט. זיינען זיי טאַקע אַזעלכע ימח־שמוניקעס, אָט די וואָס גיבן אַזוי מוטיק און פריי אַוועק זייער לעבן פאַר דעם אָרעמען? קענען זיי זיין אַזוי זינדיק, די וואָס „עס צעגייט זיי דאָס האַרץ פאַר געוויין״, ווען זיי טראַכטן, אַז „אַרמוט און דחקות און הונגער און קעלט איז פול ווי דאָס אויג קען נאָר זען?״

עס האָבן שוין זיכער זיך אָנגעהויבן אַריינצוגנבענען צו מיר אין האַרצן שטילע טענער פון די נייע מעלאָדיעס. אָבער דערווייל האָב איך זיך געשטאַרקט און פאַרטריבן די סטרא אחרא. איך האָב מיט נאָך מער פרומקייט זיך פאַרטיפט אין דער תורה. זאָלן די כוואַליעס פון דרויסן שטורעמען און ברומען. איך האָב זיך נאָך פעסטער פאַראַנקערט אין מיין ים התלמוד.

עס איז געווען בעת דעם גרויסן שטרייק אין גאַנצן צאַרישן רוס־לאַנד. עס גייען נישט די באַנען. עס אַרבעטן נישט די פאַבריקן. אַפילו די רעגירונג־אָנגעשטעלטע פון פאָסט און טעלעגראַף האָבן אָפּגעשטעלט זייער אַרבעט. כאָטש כ׳האָב נאָך ניט געוואוסט פון דעם פסוק „ווען דיין שטאַרקע האַנט נאָר וויל בלייבן אַלע רעדער שטיל״,—האָב איך עס שוין דערפילט. עס ווערט דערקלערט איבערן גאַנצן לאַנד קריג־צושטאַנד. נאָך ניין אַזייגער אין אָוונט טאָר מען זיך נישט באַווייזן אין די גאַסן. איבער דער שטאָט פּאַטרולירן דראַגונער אויף פערד. מיט זייערע אויפ־געשטעלטע ביקסן און שפּיזן וואַרפן זיי אָן אַן אימה אויף דער באַפעל־

קערונג. מיר אָבער אין בית־מדרש לערנען אַלץ אונדזערע טעגלעכע שיעורים. פאַרקערט, ערשט אין אַזאַ שעת־חירום דאַרף מען זיך מער באַשיצן מיטן כוח פון דער תורה. איך צעטייל ווי פריער מיין טאָג אין דריי אשמורות: אין דער פרי לערן איך אין שטיבל אונטער קאַליע, נאָך פרישטיק אין פישל טישינערס בית־מדרש און ביינאַכט אין גערער שטיבל.

דאָס גערער שטיבל ווערט אָבער פאַרשלאָסן פאַר ניין אַ זייגער, ווייל נאָך ניין טאָר מען דאָך ניט גיין אין גאַס. חברים בעטן מיך צו גיין אַהיים פריער ווייל איך וואוין דאָך ווייטער פון אַלעמען. אָבער איך וויל נישט דערלאָזן צו ביטול־תורה. לערן איך צוזאַמען מיט אַלעמען און לאָז זיך פאַר ניין אַזייגער אַהיים דורך דעם מקום, פאַרביי דעם גובערנאַ־טאָרס גאָרטן.

איך בין אַליין אין גאַס. אַלע קראָמען זיינען פאַרמאַכט. מען זעט נישט קיין לעבעדיקן מענטשן. אָבער איך גיי זיך מיר אַליין פאַרטיפט אין רעיונות. פלוצלינג שפּרינגען מיר אַקעגן דריי קאָזאַקן צי דראַגונער אויף פערד, מיט אויפגעשטעלטע ביקסן אין די הענט. זיי רינגלען מיך אַרום און לאָזן מיך נישט ווייטער גיין.

איך דערשרעק זיך גוט. עפּעסריידן זיי צו מיר, אָבער איך פאַרשטיי נישט קיין וואָרט. איך זאָג זיי: „ז בוזשניצי״ (פון דער שול). די פּאָר פּוילישע ווערטער האָב איך נאָך געקענט אַרויספּלאָפּלען. זיי זיינען זיך מישב, קריכן אַראָפּ פון די פערד און באַזוכן מיך. שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס: די רעוואָלוציאָנערן פלעגן אַמאָל שיקן אַזעלכע פאַרשטעלטע בית־מדרש־בחורים מיט זייערע שליחות. איך שווער זיך אויף יידיש, אויף פּויליש. „יאַ זבוזשניצי״ — שריי איך.— איך וויַיז זיי מיינע כשרע ציצית און טלית־קטן, און עפּעס האָבן זיי מיר געגלויבט. עפּעס האָבן מיינע ביטערע, כשרע, יינגלשע טרערן און ציצית וויַיך גע־מאַכט די הערצער אפילו פון דעם צאַרס קאָזאַקן. זיי האָבן מיך געהייסן גיין, אָבער זיי זיינען מיך נאָכגעריטן. וואָלט עמעצער געזען ווי איך גיי מיט אַזאַ חשובן קאָנוואָי, וואָלט מען זיכער געמיינט, אַז מען פירט דאָ אַ באַרימטן רעוואָלוציאָנער, כאָטש אַ גערשוני, אַ קאַבאַקאָוו. אָבער פאָניעס קאָזאַקן האָבן דאָ אַהיימגעפירט פּאָד קאָנוואָי נישט מער ווי אַ פאַרעקשנטן בית־מדרש־בחור, וואָס האָט נישט געוואָלט פאָלגן טאַטע־מאַמע און פריינדלעכע חברשע רייד זיך נישט צו לאָזן אין אַזעלכע משחיתדיקע נעכט אַליין פון שטיבל אַהיים.

די קאָזאַקן האָבן מיך געפירט ביז אַהיים, אַריינגעקוקט דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס אין אונדזער וואוינונג, צי עס וואוינען ניט דאָרט קיין געפערלעכע באָמבע־וואַרפערס און צאַרן־מערדער.

נאָך גוט וואָס זיי זיינען טאַקע נישט אַריינגעקומען אין אונדזער הויז. נאָך גוט וואָס ס'איז זיי ניט איינגעפאַלן צו מאַכן אַן „אָביסק" ביי אונדז, ווייל ווי איך האָב שפּעטער זיך דערוואוסט האָבן גראָד מיינע ברידער דעמאָלט געהאַט אין דער היים אַ סך „טריפענע סחורה". מיין עלטערער ברודער האָט געהאַט באַהאַלטן אַ טייל פון בונדישן אַרכיוו און מיין מיטלסטער ברודער האָט, ווי ער האָט מיר שפּעטער דערציילט, געהערט צו דער בונדישער „באָיעוואָי" און אין אַ גרוב לעבן פּלאָמפּ אויפן הויף האָט ער געהאַט באַהאַלטן אַ היפּש ביסל „שפּייערס" און אַנדערע כלי־זין פון אַרסענאַל פון דער אָרגאַניזאַציע.

ווען די קאָזאַקן וואָלטן זיך טאַקע נישט פאַרלאָזט אויף מיינע נאַ־איווע פאַרזיכערונגען „יאָ זבוזשניצי", וואָלט מיין גאַנצע משפחה מסתמא שוין אָפּגעריכט דעם נאָענטן סדר אין סיביר אָדער אפשר נאָך ערגער.

אין דער היים האָב איך פון מיין „באַגעגעניש" קיינעם נישט דער־ציילט. איך האָב געזאָגט אַז פון איצט וועל איך שוין אַ גאַנצן טאָג לער־נען אין שכנישן שטיבל אונטער דער קאָליע.

## טעג וואָס האָבן אויפגערודערט מיין בית־מדרש־וועלטל

און אָט זיינען געקומען די גרויסע אָקטאָבער־טעג פון 1905. דער צאַר האָט געשאָנקען זיינע „קינדערלעך" אַ קאָנסטיטוציע און אַ גאָס־דאַרסטווענע דומע, — אַ פּאַרלאַמענט. אין גאַנצן לאַנד אַ גרויסע פאָלקס־שמחה. פרייד, דעמאָנסטראַציעס, מאַרשן און פּאַראַדן. דאָס פאָלק האָט געזיגט. דאָס פאָלק האָט צעבראָכן די גרויזאַמע בלוטיקע אַליין־הער־שאַפט. מען האָט געמיינט, אַז אָט קומט די אמתע באַפרייאונג. סיי פּוי־לישע, סיי יידישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס האָבן הויך געשטיגן. אַ כוואַליע פרייד מיטן נצחון האָט דורכגעברויזט איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. דעמאָנסטראַציעס מיט פּאַראַדן, פרייהייט־פענער און אויפשריפטן און פּלאַקאַטן האָבן געוויט איבער די גאַסן. אַלע, אַלע, ייד און קריסט, אַלט און יונג, בעל־מלאכה און קרעמער זיינען געווען אין די דעמאָנסטראַציעס. פרומע יידן האָבן פאַרגעסן אָן די עוולות פון די אַפּיקורסישע ציציליסטלעך. מען האָט דערזען, אַז די

„קינדער", די בנים שובבים, האָבן געבראַכט גאָר גוטס און ליכטיקייט אין לאַנד. אָט די טריאומף־כוואַליע האָט אַפילו דורכגעבראָכן די ווענט פון בית־מדרש. ווען עס זיינען פאָרגעקומען די גרויסע דעמאָנסטראַציעס אין שטאָט איז קיינער נישט געבליבן אין בית־מדרש. אַלע, אַלע זיינען אַרויס „אין די גאַסן צו די מאַסן", אויב נישט זיך אַקטיוו צו באַטייליקן אין די פאָלקס־אויסדרוקן פון דער געוואונענער פרייהייט, איז כאָטש צוקוקן זיך צו דעם גרויסן וואונדער.

אַלע, אַלע פון בית־מדרש־בחורים ביז יידן מיט בערד, האָבן פאַרלאָזט דעם בית־מדרש צו „זיין מיטן פאָלק", אַלע אַחוץ אַ פאָר פאַרעקשנטע מתמידים און טשודאַקעס, וואָס אַפילו אָט די אויסערגעוויינלעכע פאַסירונג האָט נישט געקענט ברעכן. איך בין צוערשט אויך געווען צווישן די איינגעשפאַרטע בית־מדרש־בלייבערס. אין שטיבל אונטער דער קאָליע בין איך אַליין געזעסן דעם ערשטן טאָג פון דער דעמאָנסטראַציע, בעת אַלע חברים מיינע האָבן מיך געוואָלט מיטשלעפּן צו די פאַראַדן. אָבער דאָס איז נאָר געווען דעם ערשטן טאָג! צומאָרגנס בין איך אויך געווען אויף דער גובערנאַטאָרסקי גאַס און זיך צוגעקוקט צו די גרויסע פאַראַדן.

אייגנטלעך בין איך דאָך גאָר געווען אַ נאָענטער מחותן צו די אַלע יום־טובים. מיינע צוויי עלטערע ברידער זיינען דאָך געווען פון די הויפּט־אָנטיילנעמערס אין די בונדישע דעמאָנסטראַציעס. מיינע שוועסטערקינדער האָב איך דערקענט אין די פאַרשיידענע מאַרשן פון די פאַרטייען. אַפילו עטלעכע בית־מדרש־בחורים און שטיבל־חברה, וואָס זיינען שוין אַפּנים לאַנג געווען באַהאַלטענערהייט צווישן די „אחדות־לייט", האָבן דאָס מאָל אַראָפּגעריסן די מאַסקעס און אָפן זיך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע פון פאָלקס־פרייד איבער דער געוואונענער פרייהייט.

אין אַ פרימאָרגן, מסתמא אין די ערשטע פרייהייטלעכע אָקטאָבערטעג, איז כמעט די גאַנצע שטאָט געווען לעבן קרימינאַל. טויזנטער און טויזנטער האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי די טויערן פון דער גרויסער טורמע, ספּעציעל ביי יענע טורמע־געביידעס וואו עס זיינען געווען פאַרשפּאַרט די פּאָליטישע אַרעסטירטע. מען האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער, און איך האָב דערקענט די לידער, וואָס מיינע ברידער האָבן געזונגען אין דער היים. די פאַרשפּאַרטע האָבן מיטגעזונגען, און די פּאַטרולן און די סאָלדאַטן האָבן קיינעם נישט געטשעפּעט.

באַלד האָבן זיך דערהערט קלעפּ און געשרייען פון די אַרעסטאַנטן,

אַז מען זאָל זיי אַרויסלאָזן. און די טויזנטער אַרום קרימינאַל האָבן מיט־געשריען און געדרופן, אַז מען זאָל די פאַרשפּאַרטע רעוואָלוציאָנערן אַרויסלאָזן פריי. קיינער האָט זיך מער נישט געשראָקן פאַר דעם צאַרס דינערס. אין דער לופט האָט זיך געפילט אַ פאַרערונג פאַר די וואָס האָבן אָוועקגעגעבן זייער פרייהייט און זייער יוגנט כדי צו באַפרייען רוסלאַנד.

און אָט האָבן זיך די גרויסע שווערע טויערן פון טורמע געעפנט. הונדערטער אַרעסטאַנטן זיינען אַרויסגעלאָפן באַפרייטע און גליקלעכע צו זייערע קרובים און חברים, וואָס האָבן געוואַרט אויף זיי. אַך, ס׳אַראַ פרייד־געשריי פון פאָלק! ס׳אַראַ גליק זיך צו זען מיט די קינדער, שוועס־טער און ברידער און פריינד!

גלייך האָבן די באַפרייטע רעוואָלוציאָנערן זיך אָנגעשלאָסן אין די פאַראַדן, און די דעמאָנסטראַציעס פון זייערע פאַרטייען. ווידער יום־טובדיקע מאַרשן פון פאַרטייען, יידישע און פוילישע איינס לעבן צווייטן, איינע געשלאָסן אין דער אַנדערער. קיין אונטערשייד פון ייד און קריסט, קיין אונטערשייד פון יונג און אַלט. אַלע, הייסט עס, האָבן נאָך אַ שווערן בלוטיקן קאַמף זיך דערשלאָגן צו זייער פרייהייט. אַלע זיינען געווען ווי אין דעם דאַמאָלסטיקן ליד: זיגרייכע „סאָלדאַטן פון דער פריי־הייטס־אַרמיי.״

די גאַנצע שטאָט איז געוואָרן איין יום־טובדיקע יובלענדיקע עדה. אַפילו מיר, די בית־מדרשניקעס, האָבן אינסטינקטיוו דערשפּירט די וויכטיקייט פון דעם מאָמענט. און נאָך אַלעמען האָבן דאָך אונדזעריקע אייגענע געהאָלפן צוגרייטן אָט דעם מאָמענט. האָבן דאָך מאַמעס פון אונדזערע נאָענטע אַזוי פיל טרערן געגאָסן איבער זייערע יונגע קינ־דער, וואָס מען האָט פאַרשפּאַרט אין די טורמעס, פאַרשיקט אין וויטן סיביר. האָט מען דאָך פון אונדזער שטאָט אַ צאָל יונגעלייט געהאַנגען אויפן הויף פון דער גרויסער טורמע. זיי זיינען דען טאַקע געווען פאַר־ברעכערס? זיי האָבן דאָך געבראַכט זייער יונג לעבן אַ קרבן פאַר טובת הכלל. יאָ, אויך אַ טייל פון אונדזערע בית־מדרש־בחורים האָבן גע־פילט די פרייד, און אויך איך, וואָס האָב געהאַט אייגענע „סאָלדאַטן אין דער פרייהייטס־אַרמיי.״

אָבער דער טיראַנישער ניקאָלאַי האָט באַלד חרטה געהאַט וואָס ער האָט געשאָנקען זיין פאָלק אַ דומע מיט אַ קאָנסטיטוציע. עטלעכע טעג נאָכן 17־טן אָקטאָבער האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויזאַמע שטראָף־עקס־פּעדיציעס. עס קומען די בלוטיקע אָקטאָבער־טעג, באַגלייט מיט די מוראדיקסטע פּאָגראָמען אין פאַרשיידענע שטעט פון גרויס־רוסלאַנד.

צו אונדז אין שטאָט האָט זיך אויך געטראָגן די טרויעריקע שוואַרצע בשורות פון צאַרישער נקמה אויף די רעוואָלוציאָנערן און יידן. ביי אונדז זיינען קיין פּאָגראָמען נישט געווען, אָבער, די פינצטערע רעאַק־ציע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. און אין די לעצטע דעמאָנסטראַציעס פון אָקטאָבער האָבן מיר שוין געזען גרויסע שוואַרצע לענטעס אין די פּאַראַדן פון די יידישע פּאַרטייען מיט פּראָטעסט־אויפשריפטן וועגן דעם צאַרס בלוטיקע נקמה־פּאָגראָמען אויף יידן.

אַלע האָבן דערפילט אַז דער האָניג־חודש פון פאָלקס־פרייד ענ־דיקט זיך; אַלע האָבן געשפּירט אַז דער צאַריזם הייבט ווידער אויף זיין שווערע לאַפּע צו צעברעכן די געוואונענע פרייהייטן. אין אונדזער בית־מדרש־וועלטל, וואָס איז צערודערט און אויך אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין די אָקטאָבער־טעג איז אַ גאַנצע צעמישעניש. די גרויסע טעג, וואָס האָבן אונדז אָוועקגעשלעפּט פון די גמרא־בלעטער, האָבן אונדזער פאַר־שלאָסענע וועלט ברייט געעפנט פאַר דעם דרויסן. די פונדאַמענטן פון אונדזער איינגעצוימט לעבן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שאָקלען. עס איז געוואָרן קאָנטיקער און קאָנטיקער דער אָוועקגאַנג פון די בתי־מדרשים און שטיבלעך אין דער וועלט אַריין. אין אָט דעם מאַרש האָבן איך זיך שוין אויך באַטייליקט.

## די אַלטע פונדאַמענטן קרישלען זיך

נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין 1905, קומט אין רוסלאַנד אַ גרויסע רעאַקציע. מיר לעבן אין די פינצטערע סטאָליפּין־טעג. דאָ און דאָרט רייכערן זיך נאָך האַלעוועשקעס פון רעוואָלוציאָנערן פייער. עס איז נאָך געבליבן אַ שטיקל סימן פון דער קאָנסטיטוציע און פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט מיט וואַל־קאַמפּאַניעס און פאַרטיי־ליסטן. אָבער אין גאַנצן לאַנד האָבן די רעגירונג־רעפּרעסיעס אָנגעמאַכט אַ גרויסן חורבן.

ביי דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט האָבן זיך נאָך דעם דורכפאַל אָנגעהויבן באַווייזן פאַרשיידענע שטימונגען פון דעפּיטיזם און אַנ־טוישונג. פון איין זייט קומט די „סאַנינסטוואָ" און פון דער צווייטער זייט להבדיל פאַרשיידענע גאָט־זוכענישן. די ליטעראַטור איז פול מיט אָנגעווייטיקטע סימנים פון פּעסימיזם און פאַרביטערונג. נאָך 1905 האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ גרויסע עמיגראַציע פון צאַרן־לאַנד. טוי־זנטער און טויזנטער אַנטוישטע רעוואָלוציאָנערן זיינען אַנטלאָפן פון דער קלאָגעדיקער סטאָליפּין־ממשלה. אַנדערע זיינען געלאָפן מחמת

פאַרביטערונג און פאַרצווייפלונג, און אַנדערע פשוט זיך צו ראַטעווען פון רעאַקציאָנערן נקמה־דאָרשט. מען איז געלאָפן אַנהייבן אַ נײַ לעבן אין נײַע לענדער; מען איז געלאָפן זוכן אַ געזינטערן באָדן פאַר זיך. מען איז געלאָפן פון די טורמעס, פון סיביר, פון קאָזאַקישע נאַגייקעס. מען איז אויך געלאָפן ווייטער צו פון דעם קאַמף פאַר פרייהייט, ווייטער שפינען דעם חלום פון אַ ליכטיקן מאָרגן אויף אַ נײַעם, מער צוגעפּאַסטן באָדן.

נאָך דעם יאָר 1905 פאָרן מײַנע ברידער אַוועק קיין אַמעריקע, קיין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. גענומען אַהין האָט זיי דער פעטער לייב, דער רײַכער פעטער פון וואַרשע, וואָס דורך די יאָרן נאָך מײַן מומעס טויט איז ער שוין אויסגעוועזן אַ וועלט און צום סוף זיך באַזעצט אין קאַנאַדע און אַראָפּגעבראַכט זײַן פאַמיליע און אויך מײַנע ברידער.

אין דער היים בין איך געבליבן דער איינציקער. מײַנע עלטערן וואָס האָבן זיך זייער געשראָקן פאַר מײַנע ברידער, מע זאָל זיי נישט אַרעסטירן און האָבן זיי דערפאַר וואָס גיכער אַרויסגעפּטרט קיין קאַ־נאַדע, האָבן געמיינט אַז מיט מיר וועלן זיי כאָטש זײַן זיכער.

מײַנע ברידער זײַנען אַוועק קיין אַמעריקע, ווי אַסך אַנדערע יונגע־לײַט פון אונדזער שטאָט. נאָך דער יוגנט זײַנען געפאָרן אויך זייערע עלטערן. מען איז אַוועק פון אונדזער געגנט אונטער דער קאָליע און פון אַנדערע געגנטן פון דער שטאָט.

אין אונדזער בית־מדרש האָבן זיך באַוויזן נײַע פּנימער, מען האָט געזאָגט, געוועזענע ציציליסטן, וואָס ווילן ווערן בעלי־תשובה. פלעגן זיי זיך אָפּט אַרײַנכאַפּן אין פישל טישינערס אָדער אין אַן אַנדערן שטאָ־טישן בית־מדרש. אין די שטיבלעך האָבן זיי מורא געהאַט זיך צו באַ־ווײַזן: די גערער בחורים און יונגעלײַטלעך אויף קעסט האָבן אויך גע־קענט דערלאַנגען פּעטש. די נײַע „געסט" נעמען אַרויס אַ ספר, אַן עשרים־וארבע און שטילערהייט פאַרטיפן זיי זיך אין ספרים וואָס זיי האָבן שוין לאַנג נישט געהאַלטן אין די הענט. שפּעטער, ווען איך האָב שוין גע־לייענט ליטעראַטור, האָב איך פון ווײַטערס דראַמעס, פון פּרצעס און הלל צייטלינס אַרטיקלען, באַגריפן ווער עס זײַנען אָט די „שטומע" געסט אונדזערע. אָבער לכתחילה האָבן די פרעמדע אַרויסגערופן בײַ אונדז, בית־מדרשניקעס, מאָדנע געפילן. ווער זײַנען זיי? וואָס ווילן זיי דאָ? ווי קומען אָט די אַפּיקורסים צו אונדזערע הייליקע ספרים? אַ סך פון די נײַע פּנימער האָבן אַפילו מיט אונדז געוואָלט פאַרפירן

שמועסן, זיך דערנענטערן צו אונדז. אָבער מיר האָבן זיך געהאַלטן ווייט פון זיי, כאָטש נייגעריק זיינען מיר יאָ געווען צו ריידן מיט זיי.

און נישט בלויז נייגעריק צו ריידן מיט זיי זיינען מיר געווען. ביי אונדז, איינגעשטעלטע בית־מדרש־בחורים, האָבן זיך אָנגעהויבן עפּעס צו רירן. די טעג וואָס האָבן אויפגערודערט די וועלט האָבן אויך אין די ענגע בית־מדרש־ווענט אַריינגעבראַכט נייע שטימונגען, נייע געפילן. וואָס איז דאָס אַלץ? וואָס טוט זיך דאָ? מע דאַרף אַלץ באַטראַכטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו וועקן אַ חשק צו קוקן אויף יענער זייט פּרגוד. איז טאַקע אַלץ אַזוי אין אָרדענונג? עס האָבן זיך גענעפּנט די טויערן צום דרויסן. מען האָט אָנגעהויבן קלערן טאַקע מה למעלה ומה למטה.

אין גערער שטיבל און אין די בתי־מדרשים האָבן בחורים אויך אָנגעהויבן צו האָבן ספקות אין די אַלטע דרכים. ס׳זיינען אויפגעקומען זוכענישן פון נייע תורות. דאָס איז נישט געגאַנגען אַזוי שנעל און גלאַ־טיק. מען האָט דורכגעמאַכט געגנוג ביטערע טעג מיט געגנוג שלאָפלאָזע נעכט און קאַמפן מיט זיך און די אַרומיקע סביבה, ביז מען איז איבער־געקומען.

אַסך פון אונדזעריקע האָבן דאָס ערשטע מאָל געהערט פון די אַלע אידעאַלן און אידייען וואָס האָבן פאַרכאַפּט די אַנדערע טיילן פון דער יידישער יוגנט.

סאָציאַליזם? דאַרף מען טאַקע זאָגן גאָט אַ דעה ווי צו פירן זיין וועלטל? איז טאַקע נישט קיין חילוק צווישן ייד און גוי?

ציוניזם? וואָס איז מיט אונדזער משיחן? קען עפּעס אַ גוי, אַ ד״ר הערצל זיין אונדזער באַפרייער, אונדזער געזאַלבטער? און דאַרף מען מקצר את הקץ זיין? און וואָס איז מיט די אַלע הייליקע אני־מאמינס פון ביאת המשיח און תחית המתים?

און די אַלע נייע ספרים וואָס זיי לייענען אויף לשון קודש? גאָר מאַכן פון פּסוק אַ געטשקע? אַנשטאָט צו לערנען גמרא און פּוסקים, לערנט מען גאָר דקדוק און עפּעס מאָדנע מעשיות און שירים. אַזוי „באַל־מוטשעט״ מען אָפּ טעג? איז דאָס אַ תכלית?

און ווער זיינען זיי אָט די נייע וועגווייזערס אונדזערע? משה פּיינ־קינד, דער אַלטער אַפּיקורס מיט דער אויסגעפּוצטער באָרד? די לע־רערס פון חדר מתוקן, די פּורצי גדר, די וואָס ליגן אין חרם ביי אַלע ערלעכע יידן פון שטאָט? אָדער גאָר אפשר די ציציליסטישע פירער־לעך, די סטודענטן און די אַלע רעדנער זייערע, די וואָס זיינען מחלל

שבת בפרהסיא און עסן אַפילו טריפות? צי גאָר די שנײדער־יונגען און די מוידן זייערע וואָס שעמען זיך נישט צו שפּאַצירן צוזאַמען אויף זייערע בערזעס, אין גובערנאַטאָרס גאָרטן, אויף די בודקעס און קאָמאַנדעווען צוזאַמען? און מעג מען אַפּווענדן זיך פון וועג פון די עלטערן? און מעג מען זיך אַפילו צוהערן צו די מאָדנע מסיהים?

אַוועקטרייבן דאַרף מען די אַלע שטרויכל־רייד און שרעקלעכע מחשבות. שטאַרקער זיך קלאַמערן צו גאָט און זיין דרך! די דרויסנדיקע וועלט איז סיווּי נאָר אַ פּרוזדור. מיר גרייטן זיך צום אמתן געטלעכן לעבן. דאָס אַלץ איז דאָך נאָר הבלי עולם־הזה.

אָבער דער וואָרעם פון ספק איז אַ געפערלעך באַשעפעניש. כאַפּט ער זיך נאָר אַריין אינעם מענטשן, לאָזט ער אים שוין נישט אָפּ, ביז ער פרעסט אים איינגאַנצן אויף. באַזונדערס איז עס אמת ווען די גריזשענדיקע קשיות נעמען עגבערן דעם נאַאיוו־פרומען. אַריבערגעקוקט נאָר אַ ביסל אויף יענער זייט פּאַרקאַן, ציט דאָך שוין אַהינצו. דו ווערסט שוין אַ קרבן פון דיינע ספקות. דער אַלטער באָדן גליטשט זיך אַוועק פון דיינע פיס. ווען דו ביסט „געבענטשט" מיט דעם כאַראַקטער פון „יקוב הדין את התר", איז קוים באַהערשט דיך עפּעס אַן אידיי, מוזסטו, דערגיין דעם פולן אמת, ווי ביטער די אויספירן זאָלן ניט זיין. און די סביבה אַרום דיר העלפט נאָך מער צו צערודערן דיינע פריערדיקע אמתן, — ביסטו שוין אַ פאַרפאַלענער. דו ווערסט שוין אויף דיין אַלטן, באַקוועמען און זיכערן שטול נישט בלייבן זיצן. דו וועסט מוזן סוף־כל־סוף אַוועק פון דיין פריערדיק וועלטל, אַוועק זוכן נייס, זיך צעשיידן מיט אַלטע גלויבנס. און אַפילו קעמפן קעגן דעם אַלטן און אייגענעם שטייגער.

## דער וויכוח

דער ערשטער גרויסער שטויס צו מיין פּאַלן און קאַליע ווערן איז געווען אַזוי: די פּאַרשיידענע פּאַרטיי־פירערס, אויך משכילים, האָבן נאָך פריער אָפּט אַריינגעשיקט זייערע חברה־לייט זיך צו פּאַרטשעפּען מיט די בית־מדרש־בחורים און אָנהייבן מיט זיי צו דיסקוטירן וועגן זייערע זיכערע גלויבנס און זיי פּאַנגען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אָדער ציוניסטישער אידיי. נאָך פאַר אָקטאָבער 1905, איז זיי אָפּט געלונגען צו כאַפּן אַזעלכע „בלודנע שעפּעלעך". אַזעלכע „מיסיאָנערן" האָט זיך איינגעגעבן צו פּאַרטשעפּען און אַריינצוכאַפּן אין קלעם די אונדזעריקע ווען זיי זיינען געווען טאַקע אַליין געוועזענע בית־מדרש־

בחורים, אָדער אייגענע ברידער אָדער אַמאָליקע נאָענטע חברים, וואָס מיר האָבן זיי גוט געקענט, האָבן זיי מוסר געזאָגט אויף זייערע עבירות און געוואָלט זיי צוריקברענגען צו גאָט און זיין תורה.

נו, איז איינמאָל האָט אונדז אַזאַ חברה־מאַן, אַ בית־מדרש־חברס אַ ברודער, וואָס האָט אויך געוואוינט אונטער דער קאָליע, צוריקגעקומען פון וואַרשע צי פון לאָדזש. ער איז דאַכט זיך געווען אַ טיכטיקער טוער פון די ס. ס. און ער נעמט זיך פאַרטשעפּען מיט מיר און מיט זיין ברודער וועגן דעם, צי מע דאַרף טאַקע זיצן און וואַרטן אויף משיחן, צי מע מעג עפּעס אַליין טאָן, צו ברענגען משיחס צייטן.

און אַט דער ימח־שמוניק באַנוגנט זיך נישט בלויז מיט פאַרטשעפּען זיך מיט אונדז אין דער היים. ער קומט אָפּט אַרויף אין שטיבל אַריין, קומט צו אין פישל טישינערס בית־מדרש אַריין. און ער יאָדעט אונדז און טשעפּעט זיך און וויל נאָר, אַז מיר זאָלן מיט אים מסכים זיין. ווערט צווישן די בחורים, די חברים מיינע אַ געררודער, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דעם מסית ומדיח. מיר באַשטימען איין מאָל פאַר אַלעמאָל מיט אים צו האָבן אַ וויכוח און אים גוט דערלאַנגען, און איין מאָל פאַר אַלע־מאָל פּטור ווערן פון דעם פאַרפירער.

ער איז מסכים. חברים קלייבן מיך אויס צו זיין זייער ראש המדברים. פאַרוואָס עפּעס מיך? איז אפשר ווייל קיין אַנדערער האָט נישט געוואָלט. ביי מיר איז אָפּטמאָל איצט אויך אַקטיוו דער נאַרישער יצר־הרע צו זיין אַ שליח־ציבור און זיך „שטעלןביים עמוד“. און אפשר מחמת איך האָב שוין אַ ביסל זיך געהאַט אָנגעהערט אין דער היים פון מיינע ברידער די אַלע נאַרישע טענות זייערע, וועל איך אפשר גיכער קענען מקיים זיין דעם ודע מה שתשיב. אַ חוץ דעם בין איך דאָך, הערשל חיים דודס, געווען אַ בית־מדרש־זייל.

מיר באַשטימען אַ צייט. איך הייב זיך אָן צו גרייטן צו דעם גרויסן וויכוח. קודם לייען איך איבער אַ צאָל מוסר־ספרים פון חפץ־חיים און אַנדערע, טאַקע אויף יידיש, כדי צו קענען ענטפערן מיט „זייער שפּראַך“. איך לייען אויך אַ ביסל פון די בראָשורן זייערע, כאָטש איך האָב מסתמא ווייניק פאַרשטאַנען דעם זשאַרגאָן און די באַרימטע דיאַלעקטישע דריידלעך פון דער דאַמאָלסטיקער יידישער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור. איך בין אויך מעיין אין פאַרשיידענע ספרים פאַר חזוק האמונה. איך מיין אַז איך וועל דעם פורץ־גדר עוקר מן השורש זיין.

ווען דער וויכוח איז פאָרגעקומען אַ נאָכמיטאָג אין פישל טישינערס

בית־מדרש, האָב איך טאַקע אַרויסגעוויזן מיין גאַנצע צוגעגרייטע בקיאות. שאַרף און מיט ברען האָב איך דעם צד שכנגד באַוויזן אַז יידן מוזן זיך פאַרלאָזן בלויז אויף גאָט, אַז דער בשר ודם ר״ל טאָר אין גאָטס דרכים זיך נישט מישן און נאָך אַזעלכע „פאַרשיידענע אמתן". איך רעכן נישט אַז מיין קעגנער האָט אַזוי שטאַרק זיך צוגעגרייט צו דעם וויכוח ווי איך. איך האָב מורא אַז ער איז בכלל קיין צו גרויסער קענער אפילו אין זייער תורה, אין די ספרים חצונים, אויך נישט געווען. האָב איך מיט פאַנאַטישן ברען אים פאַרניכטט כעפרא דארעא. איך האָב, הייסט עס, אין דעם וויכוח מנצח געווען, זיך אָנגענומען הייסט עס, נקמה ד׳ צבאות.

אָבער דאָס איז ביי מיר געווען לפנים ווען. אינעווייניק אין האַרצן האָט זיך מיין זיכערקייט און מיין גלויבן גענומען וואַקלען. איך האָב פאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט. און אפשר איז יענער צד יאָ גערעכט? מע מוז דאָך הערן וואָס דער צווייטער צד טענהט. און טאַקע פאַרוואָס טאָר איך נישט וויסן מה למעלה ומה למטה?

אין דער דעבאַטע בין איך אַרויס ביי מיין צד דער העלד, דער זי־גער. אָבער פאַר זיך לעצמי, ביינאַכט אויף מיין געלעגער, האָב איך באַ־שטימט אַריינצוקוקן, מעיין זיין אין די נייע ספרים. לאָמיך טאַקע באמת זען וואָס דער צווייטער צד טענהט! איך מוז קריגן די נייע ספרים, איך מוז אויך בודק זיין די נייע תורה. און ערשט דורכדעם וועט געשטאַרקט ווערן מיין אמתער גלויבן. איך וויל נישט זיין קיין בלינדער גלויביקער. איך וויל פאַרשטיין פאַרוואָס איך האָב מיין גאָט. און פון יענער שלאָפ־לאָזער נאַכט נאָך מיין דערפאָלגרייכן וויכוח האָט מען וועגן מיר אויך געקענט שוין זינגען דאָס וואָס פרץ שרעקט זיך וועגן זיין בית־מדרש־העלד, וועגן מאָנישן:

א גאָט, האָב רחמנות,
זיי זוכן נקמה!
האַלטן יידן תענית
פאַר דער נשמה!

עס שווינדלט די אויגן,
הייס ווערט און קאַלט,
זי הענגט אויף אַ הערל,
אָט, אָט, אָט, זי פאַלט.

ס'איז נישט געגאַנגען גלאַטיק און גרינג. מיין אָפּרייסן זיך אינ־גאַנצן פון בית־מדרש, פון גערער שטיבל און פון דער חסידישער קאַ־פּאָטע, האָט געדויערט דריי יאָר, פון 14־טן יאָר מיינעם ביז מיין 17־טן יאָר, ווען איך בין אָנגעקומען קיין קאַנאַדע. אוי, זיינען דאָס געווען שווערע ביטערע יאָרן, יאָרן פון טיפן אינעווייניקסטן קאַמף, פון ביטע־רער פאַרצווייפלונג און געראַנגל מיט מיין גלויבן. זיי זיינען אויך געווען יאָרן פון גרויסן קאַמף מיט אַ סביבה, וואו דו ביסט געווען איינער פון אירע „שיינדלעך" און וואָס האָט דיך נאָכדעם גערודפט און געפּייניקט, געלייגט אין חרם און פאַרטריבן מיט שנאה. דאָס זיינען געווען יאָרן פון פאַרצווייפלטן צוקוקן זיך ווי דו פאַרשאַפסט די גרעסטע ליידן דיין ליבער מוטער און דיין שטאָלצן שוויגנדיקן פאָטער, יאָרן פון צעשיידן זיך מיט אַלץ צו וואָס דו ביסט געווען צוגעבונדן מיט דער נשמה, דורך טעג און נעכט פון דיינע ערלעכסטע יינגסטע יאָרן.

עס איז נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען צו וואַרפן גלויבנס. פאַר יע־דער בייער זאַך, פאַר יעדן באַנייטן געדאַנק האָט מען אָוועקגעגעבן געזונט האַרץ און נשמה־גריזשעניש. די יוגנט איז דעמאָלט געווען טיף־ערלעך, „באַאיווו" און נישט אַזוי „סאָפיסטיש־קלוג" און אידייאיש לייכטזיניק ווי שפּעטער. דעמאָלט האָט מען נאָך פאַרגאָסן טרערן — לאַכט נישט — ווען מען האָט זיך געשיידט מיט אני־מאמינס. ספּעציעל איז דאָס אמת געווען בנוגע אונדז, געוועזענע פרומע יונגעלייט. פאַרן אַוועקגיין פון אַלטן בית־מדרש האָבן מיר אַסך, זייער אַסך, באַצאָלט.

נאָך יענער באַרימטער דעבאַטע, ווען איך באַשליס אַריינצוקוקן מאחורי הפרגוד, ווער איך און נאָך עטלעכע חברים אַן אָפּטער אַריינ־גייער אין פּנחסעס קוילן־סקלאַד. דער פּנחס איז ביי אונדז געווען איינער פון די הויפּט־פירערס פון די משכילים אין שטאָט. ער איז געווען אַן אײדעם פון אַ באַקאַנטן גביר וואָס האָט געהאַט עטלעכע קוילן־סקלאַדן. ווען ער האָט חתונה געהאַט, איז ער אויך געווען אַ באַקאַנטער עילויאי־שער בחור פון אַ שטעטל אַרום אונדז. צוליב זיין שם האָט טאַקע דער גבירישער קוילן־הענדלער אים זיך איינגעשאַפּט פאַר אַן אײדעם, און עס האָט אים נאָכדעם גוט באַנג געטאָן.

פּנחס האָט נאָך דער חתונה „זיך איבערגעקערט" און איז צוגעשטאַ־נען צו דער יונגער אַקטיווער גרופּע משכילים און העברעער פון שטאָט. ער איז געוואָרן אַ פירער פון די ציוניסטישע טוערס און איינער פון די הויפּט־גרינדערס און טאַקע פון די הויפּט־לערערס פון ציוניסטישן

חדר מתוקן. ער איז געווען אַ גרויסער קענער פון די השכלה־ספרים. כדי נישט צו פיל ווי צו טאָן זיין פאַרביטערטן שווער, וואָס האָט אוודאי געחלומט אַז זיין לומדישער איידעם זאָל ווערן אַ רב, און אויך כדי נישט ווי צו טאָן זיין יונגער פרוי וואָס איז געבליבן אַן אמתע פרומע יידישע טאָכטער, כאָטש זי האָט זיך נישט געוואָלט גטן מיט איר מאַן, איז ער ווייטער געגאַנגען אָנגעטאָן אין לאַנגע אָרטאָדאָקסישע מלבושים, האָט נישט פאַרפעלט צו דאַווענען יעדן טאָג און זיך געפירט פרום ווי אַלע יידן. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט פנחסן צו ווערן דער פירער און דער אידעאַל פון אַלע משכילים פון שטאָט פון אַסך יונגע בית־מדרש־ניקעס, וואָס זיינען נתחמץ געוואָרן. דאָס קאָנטאָר־שטיבל ביי אים אין קוילן־סקלאַד לעבן שטאָט־מאַרק איז געוואָרן דער בית־וועד פון דער משכילישער יוגנט.

מיר, בית־מדרשניקעס, האָבן זיך געהיט, מע זאָל אונדז ניט זען, ווען מיר כאַפּן זיך אַריין אין „סמאָלס נעסט". דורך באַהאַלטענע וועגן און אומוועגן, אין די צווישן־שעהן פון בית־מדרש־שיעורים האָבן מיר זיך אַהין אַריינגעכאַפּט, זיך געהיט אַז פנחסעס ווייב, וואָס האָט געקוקט אויף אונדז קרום, מיט שרעק און שנאה, זאָל נישט זיין אין קאָנטאָר.

מיך האָט אַהין געפירט אַ חבר מיינער פון גערער שטיבל, אייגנט־לעך אַ תלמיד מיינער, אַ בחורל אַ ביסל יינגער פון מיר, וואָס האָט ביי מיר געלערנט אַ שיעור און האָט אָפּנים אויך אָנגעהויבן צו „בלאָנדזשען". דער פנחס איז געווען זיינס אַ פעטער און נאָך יעדער דעבאַטע האָט ער מיר געזאָגט אַז ער קען נאָך אַזעלכע ציוניסטן און „אויפגעקלערטע" און ער קען מיך ברענגען צו זיי. פישל מאַלץ האָט ער געהייסן, אָט דער נייער זוכנדיקער חבר מיינער. ער פלעגט מיך אָפט באַגלייטן אַהיים נאָך די שפּעטע ווינטער־נעכט אין גערער שטיבל. מיר זיינען געוואָרן זייער נאָענט, טאַקע בלב ונפש, און צוזאַמען געזוכט די ענטפערס אויף די פראַגעס וואָס האָבן אונדז געעגבערט.

ווען פישל האָט מיר פאַרגעלייגט צו גיין מיט אים צו זיין פעטער פנחס, האָב איך פאַרגעסן מיין שעמעוודיקייט און בין מיט גרויס חשק און בייגער געלאָפן. פנחס האָט מיך אויפגענומען זייער פריינדלעך. ער האָט שוין געהערט פון מיר, האָט ער געזאָגט. און ער איז וויליק מיר אַרויסצוהעלפן אין מיינע ספקות. איך זאָל נאָר נישט מורא האָבן. ער איז אויך געווען אַ באַוואוסטער בחור אין זיין שטעטל. ער וועט מיר העלפן. ער וועט מיר לייען גוטע ספרים. ער וועט מיט מיר ריידן וועגן

אַלע עניִים וואָס מאַטערן מיך. דאָס מיינט נישט, אַז איך דאַרף ווערן אויס פרום. אָט פירט ער זיך נאָך פרום, אָט זיינען ספרים פון רמב״ם, פון גרויסע יידישע גאונים, גרויסע לומדים. ס׳איז נישט קיין עבירה אַריינצוקוקן אין די אַלע ספרים. און פאַרוואָס טאַקע נישט ווען פאַר־שטיין קבלה? און פאַרוואָס נישט פרובירן ריכטיק פאַרשטיין די רייד און די וואונדערלעכע שפּראַך פון די נביאים?

געערדט האָט צו מיר פנחס אַזוי ערלעך און ערנסט. און געמיינט האָט ער אויך טאַקע אַלץ אַזוי ערלעך און ערנסט. איך וועל אים פאָלגן. איך וועל אַהיים נעמען די ספרים. דאָס איז נישט ביטול־תורה, נישט באַלמוטשען. איך מוז דערגריין דעם אמת פון דעם אַלעם! און איך ווער שוין איינער פון די געהיימע אַריינגייערס צו פנחסן. און שטענדיק נעמט ער מיך אויף אַזוי פריינדלעך און באַקענט מיך מיט נייע חברים. איך דערזע ביי אים אויך באַקאַנטע פּנימער, געוועזענע און איצטיקע חברים פון בית־מדרש. איך קום אַפילו שוין שטילערהייט אַריין אין חדר מתוקן.

מיט דער צייט ווערט פנחס מיין נייער רבי. טריט ביי טריט פאַר־נעמט ער ביי מיר אין האַרץ דאָס אָרט פון ר׳ יאַנקעלע מורה־הוראה. אויך אים, אָט דעם וואונדערלעכן, ראַפינירטן, אמת־מאָדערנעם אינטע־ליגענט, געדענק איך אייביק און איך בין אים דאַנקבאַר פאַר די גרויסע אמתן, בעסער פאַר דעם חשק צו דערגריין אמתן וואָס ער האָט אין מיר אַריינגעגעבן. איך הער אַז ער איז איצט אַ פּראָפעסאָר אין אַ גימנאַזיע אין ארץ־ישראל. זאָל ער דאָרט זיין געבענטשט. סיי אין זיין אויפפיר, סיי אין זיין איידלקייט, סיי אין זיין גרויסן וויסן, און סיי אין זיין מע־טאָד צו דערוועקן ביי יונגע מענטשן אַ חשק און אַן אייפערדיקייט צו זוכן און געפינען אמתן — האָט איך קיין סך אַזעלכע אין מיין לעבן נישט געטראָפן.

## צווישן צוויי וועלטן

צו פנחסן אין קוילן־סקלאַד זיינען אַריינגעקומען ביט בלויז משכילים און ציוניסטן, נאָר אויך באַהאַלטענע רעוואָלוציאָנערן, גע־וועזענע בית־מדרש־בחורים. אַ סך פון דער משכילישער יוגנט האָבן דעמאָלט אויך געביטן זייערע אני־מאמינס, פון ציוניסטן גאָר גע־וואָרן סאָציאַליסטן, בונדיסטן. האָט מען אין דעם קליינעם קאַנטאָרל פון קוילן־סקלאַד אָנגעהויבן זיך שפּאַרן און דיסקוטירן. איך בין פשוט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די היציקע דעבאַטעס און שפּאַרענישן.

ווי דער שמאַכטנדיקער וואַנדערער אין מדבר כאַפּט זיך צו צו אַ גע־
פונענעם וואַסער־לאָגל, האָב איך מיט בהענענדיקן אינטערעס זיך צו־
געהערט צו די אַלע רייד וועגן די פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן און
אידעאָלאָגיעס, ווי אַזוי צו לייזן די יידן־פּראַגע, ווי אַזוי צו פאַרשטיין
דעם סאָציאַליזם, ווי אַזוי צו פאַרבינדן ייד און וועלט.

אַ טייל פון דער יידישער יוגנט האָט נאָך דער דערשטיקטער רע־
וואָלוציע נאָך אַלץ געפירט די באַרימטע דיסקוסיעס וועגן די אַלע
פּראָבלעמען. די פאַרשיידענע פּאַרטייען האָבן געוואָלט אָנהאַלטן זייער
שליטה אויף דער גאַס. מען האָט זיך געריסן איבער איינפלוס און
העגעמאָניע. מען האָט ביי די פאַרשיידענע וואַל־קאַמפּאַניעס גע־
וואָלט געווינען שטימען פאַר דער אָדער יענער ליסטע. נאָך דעם
דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן אַן אימפּעטיקע
קולטור־טעטיקייט אויף דער יידישער גאַס. מען האָט איינגעזען, אַז
אַנשטאָט צו קעמפן קעגן דער בלוטיקער צאַרישער הערשאַפט, וואָס
איז ווידער געוואָרן אַזוי פעסט אויפן זאַטל, זאָל מען בעסער זיך
אָפּגעבן מיט לערנען די מאַסן, בויען און שאַפן קולטור־אינסטיטוציעס.
עס האָבן זיך גענומען גרינדן פאָלקס־ביבליאָטעקן, דראַמאַטישע פאַר־
איינען און געזאַנג־פאַראיינען, („הזמיר", „די האַרפע"). עס זיינען
אָרגאַניזירט געוואָרן אָוונט־קורסן און לעקציעס. האָט אויך בנוגע
דער אַרבעט זיך צעפלאַקערט אַ פּאַרטיי־קאָנקורענץ. האָב איך דער־
פאַר נאָך באַוויזן, כאָטש מיין שפּעטערן צוקומען צו די אַלע קרייזן,
צו הערן די באַרימטע פּאַרטייען־פּאָלעמיק און דיסקוסיעס מיט שאַרפע
חילוקי־דעות.

פלעג איך ביי פּנחסן אין קאַנטאָר שטיין אין זייט און שלינגען די
דיסקוסיעס; כאָטש אַ סך ווערטער און רייד האָב איך ניט פאַרשטאַנען,
האָב איך אָבער געשפּירט אַז עפּעס ווילן זיי דאָך פאַרט גוטס, אָט די
יונגעלייט. זיי האָבן דאָך אַזעלכע גוטע כוונות, זיי דינען דאָך זייער
פאָלק און דער וועלט אַזוי געטריי, אַזוי ערלעך. איך וועל אויך אַזוי
זיין. איך וועל אויך מיין לעבן און מיינע יאָרן אָוועקגעבן צו פאַר־
שטיין די אַלע וויכטיקע פּראָבלעמען. און איך וועל אויך מיין לעבן
און מיינע יאָרן אָוועקגעבן פאַר מיין פאָלק און דער וועלט.

אָבער דערווייל איז מיין הויפּט־אינטערעס געווען די תוכיקע פּראָ־
בלעמען וועגן וועלט און וועגן גאָט. טיפע רעליגיעזע גריבלענישן און
ספקות האָבן אָנגעהויבן צו עגבערן מיר אין מוח. פּנחס האָט מיר אין
אָנהייב געגעבן צו לייענען פאַרשיידענע לייכטע ספרים וועגן פילאָסאָ־

פישע פראָבלעמען. ער האָט אויך מיט מיר און מיט מיין חבר פישל מאַלץ געלערנט העברעאישן דקדוק. ער האָט אונדז געגעבן העברע־אישע ביכער, בעלעטריסטישע און אַנדערע ווערק. ער האָט אונדז אָנגעוויזן אויף דער רייכקייט פון תנך און אַז לערנען תנך איז ניט באַלעמוטשען, ווי די „חסידישע פאַנאַטיקער" ווילן אונדז איינריידן, אַז עס איז אַ הויכע מדרגה לערנען און פאַרשטיין די רייד פון די נביאים, פון אַן עמוס, אַ ישעיהו. ער האָט אונדז באַקאַנט מיט די פּאָעטן פון שפּאַניע. ער האָט אונדז אויך אָנגעוויזן אַז דער רמבם איז געווען ניט בלויז דער גאון פון יד חזקה, נאָר אויך אַ גרויסער געלערנטער און פילאָסאָף. ווי אַ געניטער פירער, האָט ער אונדז ביסלעכוויז אַריינגע־פירט אין דער טיפער אידייען־וועלט פון די גרויסע יידישע פילאָסאָפן און דענקערס. מיר האָבן געשלונגען די אַלע פאַר אונדז נייע רייד מיט דעם גרעסטן דאָרשט. ווי ווייכער טייג זיינען מיר געווען אין זיינע הענט, און ער האָט אונדזערע יונגע נשמות געקנעט און געפורעמט.

אין זומער־פאַרנאַכטן פלעג איך און נאָך עטלעכע אַזעלכע חברה־לייט זיך אַרויסגנבענען פון בית־מדרש און מיט פּנחסן און זיין קאַמ־פּאַניע גיין שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, לעבן דעם פוילישן צמענ־טאַזש, לעבן דעם וואַלבאַזשער וואַלד. גרופּעסווייז זיינען מיר געגאַנגען, און פרעכטיק און איינדרוקספול פלעגן זיין די שפּאַצירן. אַרום און אַרום ציען זיך שיינע פעלדער און גערטנער. די זון מיט אירע לעצטע שטראַלן געזעגנט זיך מיט אַ גרופּע יונגע בית־מדרש־בחורים, וואָס גנבענען זיך אַוועק פון אַן איינגעזופּטענער, וואָרעם־באַקוועמער סביבה, זיי גנבענען זיך אַוועק פון ענגע פיר ווענט, ווייל זיי האָבן געהערט שטימען און רופן פון אַ ברייטער דרויסנדיקער וועלט. גייען מיר אַזוי פאַרלעכוויז אוןריידן וועגן די ענינים וואָס רירן אָן די טיפסטע און וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון מענטש און וועלט: גאָט, אחדות הבורא, השארת הנפש, גאָט און וועלט, מענטש און וועלט, ייד און גוי, און וואָס איז און ווי אַזוי זאָל קומען דער אחרית־הימים. פּאַרטיי־לייט רייסן זיך וועגן זייערע באַזונדערע אני־מאמינס. כאָטש מערסטע חברה גייען געקליידט אין קורצע „דייטשע קליידער", רופן מיר, די עטלעכע בית־מדרשניקעס, מיט אונדזערע חסידישע קאַפּאָטעס און סאַמעטענע היטלעך און פּאות, ניט אַרויס ביי די אַרומיקע שפּאַצירנדיקע קיין צופיל שאלות. דער עולם ווייס אַז דאָס זיינען פּנחסעס נייע „יאַטן", אַז מען „ראַטעוועט" שוין מסתמא ווידער „בלאָנדזשענדיקע נשמות" פון געווער שטיבל און פון בית־מדרש. אדרבא, אַלע זיינען

גוט צו אונדז, מען צערטלט אונדז און מען קעכלט זיך מיט אונדז. די פאַרשיידענע פאַרטיי־פירערס ווילן אונדז אַריבערגעווינען אויף זייער זייט. שלעפּט מיך למשל נחמן דער פּאַפּיראָסן־מאַכער צום „בונד״ און אברהם בעלכאַטאָווסקי צו די פּועלי־ציון. משה פיינקינד וויל פון מיר מאַכן אַ ציוניסט און אַ העברעאיסט, זלמן מאַרגאָליס אַרבעט אויף מיר, אַז איך זאָל ווערן אַ יידישיסט און אַ סיימיסט. און כאָטש די אַלע פאַרטיי־רייד קלעפּן זיך צו מיר זייער ווייניק, פיל איך אָבער אַז די אַלע רייד זיינען דברים העומדים ברומו של עולם און אַז איך געפין זיך אין אַ וואונדערלעכער חברותא.

דאָס אַוועקדרייען זיך פון בית־מדרש האָט געדאַרפט זיין אין געהיים. ניט אין דער היים און ניט אין בית־מדרש האָט קיינער ניט געטאָרט פון דעם וויסן. איך האָב אָנגעהויבן צו לעבן אַ טאָפּלט לעבן, אַ מין ד״ר דזשייקל און מר. הייד. אין בית־מדרש האָב איך זיך נאָך אַלץ געפירט זייער פרום. איך האָב געלערנט מיט חשק און מיט ברען די אַלע שיעורים און סוגיאָס פון ש״ס ופוסקים, איך האָב זיך נאָך אַלץ באַטייליקט אין די פאַרשיידענע „סאָציאַלע פונקציעס״ פון בית־מדרש. אָבער אין געהיים בסוד האָב איך זיך וואָס אָפטער אַוועק־געגנבעט פון דער האַרטער באַנק און באַהאַלטענערהייט, צי אויפן בוי־דעם פון בית־מדרש, אין פנחסעס קאַנטאָר און להבדיל אין די אינטימ־סטע פלעצער אַרום בית־מדרש, געלייענט און געשלונגען די אַלע ביכער און בראָשורן וואָס איך האָב נאָר געקראָגן אין יידיש און אין העברע־איש. איך האָב געלעבט אין צוויי וועלטן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתע מלחמה צווישן די צוויי רשויות, צווישן דעם רבס, דעם ראש הישיבהס, און פנחס דעם משכילס, צווישן דעם גערער שטיבל און די פאַרנאַכטיקע שפּאַצירן מיט חברה משכילים. זייער אַ ביטערער געראַנגל איז פאָרגעקומען צווישן אָט די צוויי וועלטן. און איך? איך בין אָפּטמאָל געוואָרפן געוואָרן ווי אַ פּילקע אַהין און צוריק, פון איין עקסטרעם צום צווייטן.

עס זיינען געווען ביי מיר ביטערע, שלאָפלאָזע נעכט. איך האָב זיך אָפט פאַרשוואָרן מער צו פנחסן ניט צו גיין. מע טאָר ניט, ס'איז אַן עבירה אַריינצוקוקן אין די אַלע ספרים חצונים, מע טאָר ניט אַרויסקריכן פון וועג פון די עלטערן, איך גיי ניט מער! אָבער ווי אַ כישוף האָט מיך אַהין געצויגן. די סטרא אחרא האָט מיך שוין גוט אַריינגעכאַפּט אין איר נעץ.

שווערע טעג זיינען פאַר מיר און פאַר אַלע חברים מיינע פון

בית־מדרש, פון אָנהייב פון דער השכלה ביז די שפּעטערע יאָרן, געווען אַט דער קאַמף צווישן די צוויי וועלטן, אַט דער שטרייט צווישן „אַלט און ניי". אַ סך מאָל פרעגט זיך: האָט זיך געלוינט? האָבן מיר דען אין דעם נייעם דעם אמת געפונען? וואָס איז אַלט און וואָס איז ניי? ווערט נישט „דאָס נייע" שנעל אַלט און פאַרוויאַנעט?

## איך לעב ווי אַ מאַראַן

דער טאַטע איז אויך אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. עפּעס איז געגאַנגען אונדז זייער שלעכט אין פּרנסה־זאַכן. די מאַמע האָט זייער געבענקט נאָך די ברידער. דער טאַטע איז געפאָרן קיין אַמעריקע צו זיין מיט די קינדער נאָר אַ קורצע צייט, אָנזאַמלען געלט און קומען אַהיים. וועגן דעם אַז מיר זאָלן אַלע דאַרפן אַוועק קיין אַמעריקע האָט מען ניט געטראַכט. ערשטנס, ווער וויל דאָס זיך באַזעצן אין דעם טריפענעם לאַנד? אַחוץ דעם ווי וועל איך זיך אַריינפּאַסן אַהין, אין דעם גויאישן אַמעריקע, ווען אַט אַט קריג איך דאָך באַלד סמיכה? אַט־אַט וועט מען גאָר דעם בן־זקונים דעם עילוי פאַרקנאַסן צו אַ ייד אַ גביר און אים באַזאָרגן מיט אייביקע קעסט און אַ פיינעם נדן.

איך האָב דערציילט דער מאַמען אַז איך בייט די צייט און דעם אָרט פון די שיעורים. איך וועל מער שעהן אין טאָג לערנען אין די בתי־מדרשים און גערער שטיבל. מיין טייערע מאַמע האָט מיר אַלץ געגלייבט. איך אָבער אָנשטאָט צו גיין אין בית־מדרש, האָב זיך גאָר פאַרגנבעט צו פּנחסן און שוין צו אַנדערע משכילים.

איך פלעג עטלעכע מאָל אַ וואָך אַפילו אַריינגנבענען זיך אין חדר מתוקן. די לערערס האָבן מיך שוין דאָרט געקענט. פּנחס איז דאָרט געווען דער לערער פון תנך. האָט מען מיך דאָרט מקרב געווען. ווען איך האָב זיי דערציילט, אַז איך בין אויך געווען צווישן די בוקמי ד" און געהאָלפן יענעם שבת זיי פאַרטרייבן פון שול, בין איך גאָר געוואָרן ביי זיי אַ מיוחס. איינער פון די לערערס איז געווען אַ יונ־גערמאַן, בערשאַדסקי, אַ שוועסטערקינד פון באַוואוסטן העברעאישן בעלעטריסט מיט דעם נאָמען. האָט ער מיר דערציילט וואונדער־מעשיות וועגן זיין שוועסטערקינד דעם שרייבער, ווי ער איז אויך פריער געווען אַ בית־מדרשניק. איך האָב זיך באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון השכלה און מיט דער מאַרטיראָלאָגיע פון די משכילים און די ערשטע קעמפערס פאַר „ליכט" אויף אונדזער גאַס. האָב איך ביי זיך באַ־שטימט נאָכצוגיין נאָך די טריט פון די קעמפערס קעגן אייגענע מורדי אור. איך בין אויך גרייט צו קרבנות! יהיה מה שהיה, איך וועל

אויך זיין פון די וואָס ברענגען ליכט אויף אונדזער גאַס און וועל העלפן צעשטערן די נעסט פון „פינצטערניש".

באַלד איז אויף מיר געקומען אַ גרויס גליק.

צווישן די נייע חברים פון דעם געהיימען קרייז מיינעם זיינען אויך געווען די צוויי זין פון שלמה בעלכאַטאָווסקי, וואָס איז געווען אַ באַרימטער יידישער דרוקער פון אונדזער שטאָט. ביי אים אין דרוק האָבן זיך דעמאָלט געדרוקט אַ סך ביכער פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט פאַרמאָגט איינס פון די גרעסטע הייזער אין שטאָט מיט עטלעכע אָפיצינעס. ביי אים איז געווען זייער אַ גרויס ביבליאָטעק־צימער מיט הונדערטער ספרים פון דער אַלטער און נייער העברעאישער ליטעראַטור, אויך שוין אַ סך ביכער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, און אויך ספרים אין אַנדערע שפּראַכן.

נו, באַשטים איך, אז איך זאָל איבערלייענען די אַלע יידישע און העברעאישע ביכער. מאַכט מען פאַר מיר אַ שליסל צו דעם ביבליאָ־טעק־צימער און איך נעם זיך „צו לעבן" אין דער ביבליאָטעק מיטן זעלביקן חשק און התמדה וואָס פריער אין בית־מדרש. איך שטיי אויף זייער פרי. מיינט מיין גלייביקע מאַמע אַז איך גיי אין בית־מדרש. אָבער אָנשטאָט דעם גנבע איך זיך אַריין, דורך דעם הינטער־טויער לעבן קרימינאַל, אין בעלכאַטאָווסקיס ספרים־אוצר. קיינער טאָר ניט וויסן, קיינער פון דרוקעריי טאָר מיך ניט זען. איך כאַפּ זיך צו צו די שאַפעס ספרים און שלינג די ביכער מיט דעם זעלביקן אימ־פּעט ווי פריער די בלעטער פון דער גמרא. איך קום אַהיים עסן און גיי ווידער אין דעם פאַרבאַהאַלטענעם מקום מנוחה מיינעם. פאַר־שטייט זיך, אַז אין געוויסע שעהן באַווייז איך זיך אויך אין גערער שטיבל, אין בית־מדרש, אין שטיבל הינטער דער קאַליע.

חברה נעמען דערשמעקן אַז איך ווער צו אָפּט פאַרשוואונדן. מיין טייערער חבר נחמיהלע, משה יאַנקלס בנאק, שפּיאָנירט מיר נאָך. איך היט זיך, אָבער אין שטאָט מורמלט מען שוין. עפּעס הייבט זיך אָן צו בורען. איך פיל אַז די ערד ציטערט אונטער מיר. אָבער די ביכער דאָרט ביי בעלכאַטאָווסקין אַנטפּלעקן מיר דאָך אַזוי פיל סודות, פאַר־ענטפערן מיר דאָך אַזעלכע וויכטיקע, עגבערנדיקע שאלות. טאָ זאָל מען מורמלען, זאָל נחמיהלע זיך חכמהן, וואוהין איך גיי. ס'איז ניט קיינעמס עסק. איך מוז דערגיין די טיפע אמתן פון דער גרויסער וועלט. שלינג איך בוך נאָך בוך. אַ סך ביכער נעם איך אַהיים און לייען גאַנצע נעכט אויפן געלעגער. איך לייען ווי אין פיבער, ווי אין

היץ, כאַאָטיש, אָן סיסטעם. דאָ אַ ספר וועגן ספּינאָזאַ און דאָ מענ־דעלעס „קליאַטשע", דאָ די שירים פון אבן גבירול און דאָ אַ בוך וועגן געאָגראַפיע. זיכער צעמישן זיך די אַלע ענינים ביי מיר אין יונגן מוח. איך וואַרף זיך ווי אין אַ היגערפלעט.

און דאָ מוז איך זיך היטן, שטאַרק היטן, מענטשן קוקן מיר שוין נאָך. מע ווייזט מיר שוין אַרויס אַז מען איז מיך חושד אין אָפּקערן זיך פון גלייכן וועג. מען חברט זיך שוין נישט אַזוי מיט מיר, מען איגנאָרירט מיך. באַשטימט איך — זיך נאָך מער צו היטן, נישט אַזוי פיל אָוועקצוגנבענען זיך פון שיעור. פאַרקערט, איך ווייז ווידער אַרויס אַ פאַרשטאַרקטן אינטערעס אין בית־מדרש־לעבן. אַ צייט גיט זיך עס מיר איין צו פאַרטרייבן די חשדים, זיך אויסצודרייען פון די אַלע בליקן, פול מיט חשדים. אָבער אויף ווי לאַנג? איך לעב טאַקע ווי אַ מאַראַן. באַהאַלטן פון די אַרומיקע, טראָג איך זיך אַרום מיט מיין סוד, מיט מיין גליקלעכן סוד פון אַ לעבן מיט ביכער, פון אַ לעבן מיטן רמבם. איך מאַך מיר לעכער אין די קעשענעס פון ווינטער־מאַנטל און האַלט דאָרט שטענדיק ביכער. און וואו עס מאַכט זיך, וואו איך קען נאָר, כאַפּ איך אַרויס פון די לעכער פון מאַנטל די באַהאַלטענע ביכער און לייען און לייען — אין בית־מדרש בעת קיינער זעט ניט, הינטער דער גמרא; אין דער היים אויפן געלעגער, בעת איך האָב געזאָגט מיין ליבער מוטער אַז איך לייען גוטע ערלעכע מוסר־ספרים. שטענדיק געלייענט, שטענדיק מעין געוועזן אין אַ ספר. האָב איך מיר טאַקע גוט קאַליע געמאַכט די אויגן, און בין יענעם ווינטער שיעור ניט בלינד געוואָרן און האָב פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן צו טראָגן ברילן.

און אָט פאַרקריך איך אויפן בוידעם פון אונדזער שטיבל. איך נעם זיך לייענען מענדעלעס „קליאַטשע". פאַרגעס איך זיך און פאַר־לייען זיך אַזוי שעהן. איך ליג אויף אַ זאַק שמות און שלינג די האַר־ציקע, די ביטערע ווערטער פון דער אומגליקלעכער קליאַטשע. איך האָב שוין פאַרשטאַנען אַז דאָס איז נאָר אַ משל, אַז דאָס שילדערט דער גרויסער מענדעלע די טיפע טראַגעדיע פון יידישן פאָלק. און כאָטש איך בין געוועזן שוין אַ פּיפּצן־יאָריקער בחור, צעקלעמט מיר אַזוי דאָס האַרץ אויפן פינצטערן גורל פון דער קליאַטשע, אַז פון מיינע אויגן גיסן זיך ביטערע טרערן. ווען איך בין נאָך עטלעכע שעה אַראָפּ אין בית־מדרש, האָבן חברה מיר דערזען אַ פאַרוויינטן. מען

מיך מאָדנע אָנגעקוקט: וואָס איז מיט אים? וואָס טוט זיך מיט אים?

דער יידישער גורל האָט מיך געפייניקט. טאָג און נאַכט האָב איך זיך געמוטשעט און געקלערט ווי אַזוי צו העלפן פאַרענטפערן די ביטערע פּראָבלעם פון יידישן פאָלק. ווען עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ ציוניסטישער וועלט־קאָנגרעס, האָב איך מיט גרויס אינטערעס געלייענט אין יידישע און העברעאישע צייטונגען די נייס פון ציוניסטישן קאָנגרעס. כ׳האָב געלייענט די נביאישע רייד פון מאַקס נאָרדוי, ווי טיף פלאַמענדיק ער האָט געשילדערט פאַר דער וועלט דעם ביטערן גורל פון דעם ליידנדיקן יידישן פאָלק און געפאָדערט פאַר אים יושר און גערעכטיקייט. טיף איינגעקריצט האָבן זיך מיר די רייד און דאָס נביאישע פנים פון דעם גרויסן יושר־מאָנער. און איך באַשליס מיט נאָך מער פעסטקייט אָפּצוגעבן דאָס לעבן פאַרן קאַמף לטובת אונדזער פאָלק.

צוערשט איז מיר געווען פריקרע צו גלויבן אַז אַזאַ „גוי" ווי נאָרדוי, אַן אַפּיקורס זאָל זיין דער איצטיקער וועלט־נביא פאַר אונדזער באַלייטיקטער אומה. פונקט ווי עס איז מיר געווען נאָך מער פריקרע מיט צוויי יאָר צוריק, בעת איך בין נאָך געווען דער מתמידישער בית־מדרש־בחור און געלערנט דעם שיעור אין דער ישיבה פון ר׳ יאַנקעלע דייך, ווען פלוצלינג איז אַ בחור, דאַכט זיך אַ פרעמדער בית־מדרשניק פון שטעטל לאָסק, אַריינגעלאָפן מיט אַ יאָמערדיק געוויין און אויסגעשריי: הערצל איננו. ער האָט פאַר אַלעמען פאַנאַנדערגעוויקלט אַ בלאַט־צייטונג און באַוויזן אונדז דאָס איינדרוקספולע פנים פון דעם גרויסן יידישן בעל־חלומות. מאָדנע האָבן מיר געקוקט אויף דעם פרעמדן בית־מדרשניק, וואָס איז טאַקע פון דעמאָלט אָן פאַרשוואונדן פון אונדזער שטאָט.

איצט האָב איך שוין פאַרשטאַנען. איצט האָב איך אויך דערפילט די גרויסע אבידה וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט מיטן פריצייטיקן טויט פון דעם גרויסן פרייהייט־העלד, וואָס איז געקומען צו אונדז פון דער פרעמד. איצט האָב איך מיט דעם טיפסטן דרך־ארץ און ברען זיך פאַרטיפט אין די פאַטעטישע נביאותן פון ד״ר נאָרדוי: וויפל ליבע צו אונדזער אומגליקלעך פאָלק עס שטעקט אין זיי, וויפל עקל און שנאה צו די אונטערדריקערס אונדזערע.

איין מאָל גייענדיק אין גאַס, פאַרטיפט אין טרויעריקע מחשבות וועגן אונדזער ביטערן גלות, הייב איך אָן זיך פאָרצושטעלן, אַז איך בין אויך אַ מין ד״ר נאָרדוי. איך קום צום ציוניסטישן קאָנגרעס, האַלט

דאָרט אַ רעדע און וויקל אויף פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר דעם גע־וויסן פון דער וועלט די אַלע ברענעדיקע ליידן פון אונדזער לאַנגן וואַנ־דער־וועג, און איך מאָן יושר, און אַפּעליר צו די טרעגערס פון פראָ־גרעס, צו די דענקערס, צום געוויסן פון די פעלקער. און אין מיין גרויסן ענטוזיאַזם צערייד איך זיך אַזוי הויך און מיט פּאַטאָס, אַז איך פאַרגעס זיך אַז דאָס שפּאַציר איך, אַ פאַרשטעלט בית־מדרש־בחורל, אויף די גאַסן פון אַ פרומער יידישער שטאָט אין פוילן.

איך דערזע מיין טעות. ווידער קוקן מענטשן אויף מיר מאָדנע: וואָס איז געוואָרן מיט זייער הערשל חיים דודס?

## מיינע עלטערנס טראַגעדיע

מיין טאַטן איז אַמעריקע צו פיל נישט געפעלן געוואָרן. אין אַ יאָר אַרום איז ער צוריק אַהיים געקומען, אַליין אָן די ברידער. ער איז גע־קומען צוריק אויך דערפאַר, ווייל ער האָט איינגעזען אַז פאַר מיר איז דאָס זיכער נישט קיין פּלאַץ. ער האָט נישט געוואוסט, אַז דורך דעם יאָר וואָס ער איז אַוועק האָב איך זיך אַ היפּש ביסל אַוועקגערוקט פון בית־מדרש. ער האָט מיט דעם געלט וואָס ער האָט געבראַכט פון אַמע־ריקע געעפנט אַ שניידעריי־געשעפט און געהאָפט צוריק אָנצוהייבן צו פירן דאָס באַלעבאַטישע לעבן וואָס פריער.

איך האָב זיך איצט גענומען מער היטן אין מיין מאַראַנען־לעבן, דאָך האָט זיך דער קלאַנג וועגן מיין קאַליע ווערן מער און מער פאַר־שפּרייט. אונדזערע שכנים האָבן זיך שוין דערוואוסט פון מיין אָפּקערן זיך. מען האָט מיך אַפילו שוין אָנגעהויבן שטראָפן און מוסרן, צי איך האָב נישט קיין רחמנות אויפן טאַטן, וואָס איז צוליב מיר צוריקגעקומען פון אַמעריקע, אויף מיין מאַמען וואָס וועט זיכער נישט קענען אַזוי רו־איק איבערלעבן דעם קלאַפּ, ווען זי וועט אויסגעפינען אַז איר הערשל, איר עילוי, איז אויך אַוועק אויפן וועג פון די עלטערע זינדלעך און חברט זיך מיט די אחדות־לייט.

כאָטש איך האָב פיל מאָל צוגעזאָגט צו די גוט־מיינענדיקע מוסר־זאָגערס אַז איך וועל שוין מער נישט האָבן צו טאָן מיט די חברה־לייט, אָבער איך האָב מער נישט געקענט זיך אָפּרייסן פון מיין נייעם רבין פּנחס און פון זיינע לייט. איך האָב זיך מער געהיט, אָבער אַלץ ערנסטער געלייענט די ביכער פון בעלכאַטאָווסקיס ביבליאָטעק, אַלץ מער גע־

שלונגען די צייטונגען, זשורנאַלן און בראָשורן וואָס איך האָב נאָר גע־קענט קריגן.

ר׳ משה־יאַנקל, דער חשובסטער בעל־הבית פון געגנט, איז גע־שטאָרבן. ר׳ משה־יאַנקל האָט מיך זייער ליב געהאַט. די לעצטע חדשים פאַר זיין קראַנק ווערן, בעת מיין טאַטע איז נאָך געווען אין קאַ־נאַדע, האָט ער אַפילו אָנגעהויבן צו לערנען מיט מיר און מיט זיין בחור בחמיהלע אַ שיעור. יעדן פאַרטאָג, אַרום זעקס אַזייגער אין דער פרי, איידער האָט ער זיך גענומען צו די טעגלעכע געשעפטן, פלעג איך אַריינ־קומען צו אים אין הויז אַריין און לערנען. מיר, איך און מיין מאַמע, האָבן דעמאָלט געוואוינט אין אַ דירהלע לעבן ר׳ משה־יאַנקלען, טיר לעבן טיר. פלעגן מיר אַזוי גוט אַריינלערנען — איך דענק ס׳איז געווען גטין — ביז אַ זייגער ניין־צען אין דער פרי. ר׳ משה־יאַנקל האָט הנאה געהאַט פון מיין תפיסה און בקיאות, פלעגט ער עס טאַקע איבערגעבן דער מאַמען, און די מאַמע פלעגט דורכלעבן אַ טיפן נחת און שטאָלץ וואָס ר׳ משה־יאַנקל לויבט אַזוי איר בחורל.

ר׳ משה־יאַנקל האָט אַפּנים זיך שוין דערוואוסט פון מיין אַוועק־בלאָנדזשען, נחמיהלע האָט אים זיכער דערציילט. אָבער ווי אַ ייד אַ חכם, האָט ער מיר נישט געזאָגט קיין אָפענעם מוסר. און אפשר איז עס ביי אים נישט געווען קיין צו גרויסער חטא, ווייל איך פלעג אויך אים זען אַריינקוקן אין מורה נבוכים און כוזרי. ער האָט אויך געקענט גוט רוסיש און פויליש און פלעגט אָפט שרייבן פּאַשיידענע פּראָשעניעס צום גובערנאַטאָר פאַר דער שכנישאַפט און זיך אָננעמען פאַר זיי אין גע־ריכט. ס׳קען זיין, אַז דער ר׳ משה־יאַנקל איז יונגערהייט אפשר אויך געווען „געכאַפּט אַ ביסל״ און זיך „אויסגעהיילט״. האָט ער מסתמא געטראַכט, אַז דורך מער מקרב זיין מיך וועט ער מיך אויך ראַטעווען.

ביי די שיעורים פלעגט ער מיט מיר אויך אָפטמאָל ריידן וועגן טיפע תוך־זאַכן, וועגן די עיקרים פון אמונה, וועגן רוח פון גלויבן, ווי דער מענטש קען אַליין נישט זיין קיין חכם, ווי ער מוז זיך פאַרלאָזן אויפן שכל פון דער געטלעכקייט. ער האָט גערעדט פון די גרויס מענטשן וואָס האָבן אין זייערע ספרים אָנגעוויזן פאַר אונדז דעם דרך הישר, דעם גלייכן וועג צו פאַרשטיין די וועלט. ר׳ משה־יאַנקל האָט זיך איצט, בעת דער טאַטע איז נישט אין דער היים, באַטראַכט פאַר מיין גייסטיקן אַפּיטרופּס, און מיט גוטסקייט, מיט פריינדלעכע ווערטער וועט ער מיך צוריקפירן אויפן גלייכן וועג.

אפשר וואָלט ער טאַקע, — סיי מיט זיין האַלטן זיך, סיי מיט זיין אויטאָריטעט, סיי מיט וואונדערלעכן היטן זיך מיר נישט ווי צו טאָן, און פּרובירן ווירקן מיט פריינדלעכע און גוטע ווערטער — מיך טאַקע פאַרהיט און אָוועקגעשלעפּט פון מיינע נייע רביים. אָבער דאָ איז ער פּלוצעם זייער קראַנק געוואָרן. אין געגנט האָט עס אַרויסגערופן שרעק און אויפרודערונג. ר׳ משה־יאַנקל האָט געקריגן אַ מסוכנדיקע לונ־גען־אָנצינדונג און איז געוואָרן יעדן טאָג אַלץ מער און מער חרוב־קראַנק. אַלע שכנים פון אונטער קאַליע האָבן מיט וויטאָג צוגעזען ווי זייער גייסטיקער פירער און פּראָמינענטסטער שכן גייט אַוועק פון זיי. מען האָט געגעכטיקט ביי אים אין הויז. מען האָט זיך איינגעטיילט אין מנינים און שעהן־לאַנג געזאָגט תהילים אין שטיבל. אויף מיר האָט ר׳ משה־יאַנקלס קראַנקייט געווירקט זייער שלעכט. איך פלעג אויך נעכ־טיקן אָפּט אין דעם קראַנקנס צימער, איך פלעג אויך מיט כוונה זאָגן תהילים און בעטן אויפן געזונט פון מיין טייערן רבין. דורך די יאָרן איז טאַקע געשלאָסן געוואָרן אַזוי ווי אַ בונד צווישן דעם גרויסן למדן און גביר און דעם יינגערן בית־מדרש־בחורל. ער האָט מיך זייער ליב גע־האַט און איך אים אויך. און איצט נעמט ער אַזאַ אינטערעס אין מיינע זוכענישן און גריבלענישן און וויל מיך פאַרהיטן פון אָפּטרעטן פון גלייכן וועג.

ר׳ משה־יאַנקל איז געשטאָרבן ביינאַכט. ווען איך, צוזאַמען מיט נאָך בחורים און שכנים זיינען צוזאָרגנס אַריין אין הויז פון גרויסן מת, איז זיין עלטסטע טאָכטער, ווי באַר זי האָט מיך דערזען, אַרויס מיט אַ שרעק־לעכער יללה, און דערציילט, אַז אין די לעצטע מינוטן פאַר גסיסה האָט איר טאַטע מיך גערופן און געמורמלט, אַז ער שעמט זיך פאַר מיר, אַז ער שעמט זיך פאַר הערשל חיים דודס.

אַלע האָבן מיך מאָדנע אָנגעקוקט. יאָרן שפּעטער ווען איך טראַכט פון דעם, פאַלט מיר איין אַז אפשר האָט ער זיך טאַקע געשעמט ווען ער האָט אין די מינוטן פאַרן טויט דערזען אַז דאָס לעבן פירט זיך נישט מיט שכל און מיט יושר. ער האָט אפשר אין די לעצטע רגעס פאַרן טויט דערזען די גאַנצע צוועקלאָזיקייט פון לעבן און שטרעבונגען. ס׳קען זיין אַז ער האָט זיך אויך דערמאָנט וואָס ער האָט יונגערהייט געלערנט אין די ספרים חצונים אַז מע קען נישט און מע דאַרף נישט אַלעמאָל זאָגן: „ברוך דיין אמת!“ און ער, דער גרויסער און שטאַרקער ר׳ משה־יאַנקל, האָט זיך פאַרשעמט פאַר דעם צווייפלדיקן יינגל הערשל.

זיין טויט האָט געמאַכט אַ טיפן רושם אין דער גאַנצער שטאָט. צו דער לוויה זײַנען געקומען טויזנטער יידן פון דער גאַנצער געגנט. עס זײַנען אויך געקומען רבנים און באַוואוסטע ראַדאָמסקער חסידים פון אומגעגנט. דער זאַוויערטשער רבי מיט זײַנע מקורבים זײַנען געקומען — ר׳ משה־יאַנקלס מחותן. איך מיט נאָך יידן זײַנען געגאַנגען צום וואָקזאַל אים באַגעגענען. דער רבי האָט מיך צוגערופן און געהייסן זיך אַרײַנזעצן אין זײַן קאַרעטע. איך בין אַזוי אין רבינס קאַרעטע דורכגעפאָרן די גאַסן פון אונטער דער קאַליע, בין איך ביי אונדזערע שכנים, אַפילו די וואָס האָבן שוין געמורמלט אויף מיר, ווידער חשוב געוואָרן. מײַן מאַמעס פרייד און שטאָלץ איז געווען אין לשער.

אָבער אַפילו וואָס ר׳ משה־יאַנקל האָט אין די לעצטע מינוטן פאַרן טויט מיך דערמאָנט און אַפילו דער גרויסער כבוד צו פאָרן אויף דער לוויה אין דעם זאַוויערטשער רבינס קאַרעטע האָבן מיך נישט „גערעַ־טעוועט" און וואָס ווייטער און ווייטער בין איך אַלץ טיפער פאַרקראָכן „אין בלאָטע".

אין שטאָט האָט זיך שוין אָפן אָנגעהויבן צו טומלען וועגן מיר. דאָס ריידן איז שוין דערגאַנגען אַהיים. „גוטע־פריינד" מײַנע האָבן דער־ציילט, אַז איך לערן נישט מער רעגולער אין די בתי־מדרשים, אַז מע זעט מיך נישט אין גערער שטיבל. דער הויפּט מסור פאַר מײַנע עלטערן איז געווען נחמיהלע. ער האָט יעדעס מאָל געברענגט אַנדערע „פּאָטשטן", מיט וועמען איך בין געגאַנגען, וואו ער האָט מיך געזען. מײַנע עלטערן האָבן אים פיל מאָל געהייסן גיין, ער זאָל זיך נישט דערוועגן צו ברענגען אַזעלכע נייסן. מײַן טאַטע האָט אים שפּעטער גאָר אַרויסגעוואָרפן פון הויז פאַר זײַנע בשורות. דאָס איז אָבער געווען לפנים וועגן, נישט צו ווייזן פאַר לייטן זײַן ביטערע אַנטוישונג מיט זײַן בחור דעם עילוי, אָבער אינעווייניק האָט ער זייער טיף געליטן. מײַן מאַמע איז קראַנק געוואָרן פון ליידן און פאַרצווייפלונג. און מײַן שטאָלצער פאָטער, וואָס איז צו־ליב מיר צוריקגעקומען פון אַמעריקע, איז אויס גרויסן ווייטאָג און פאַרביטערונג געוואָרן זייער פאַרטרויערט. ער האָט זיך עפּעס אײַנגעאַנצן געביטן. אָנשטאָט דער פריערדיקער פריילעכער גבאי פון שטיבל, וואָס איז שטענדיק געווען פול מיט לעבעדיקע רייד, וויצן און שפּאַסן, איז ער איצט גאָר שטענדיק אַרומגעגאַנגען פאַר־מרה־שחורהט און שווייגנדיק.

ביי מײַנע ליבן עלטערן איז מײַן קאַליע ווערן געווען די גרעסטע טראַגעדיע אין זייער לעבן.

# מיינע נייע חברים

אין דער נייער סביבה מיינער האָב איך זיך איינגעשאַפט אַ גאַנצע ריי נייע חברים. נישט אַלע זיינען געווען נייע פּנימער. טייל זיינען געווען מיינע באַקאַנטע בחורים פון בית־מדרש אין שטיבל. אַנדערע זיינען אָבער שוין געווען גאַנץ אַנדערע בחורימלעך. איך האָב זיך איצט באַקאַנט מיט עטלעכע גימנאַזיסטן און סטודענטן, פיל עלטער פון מיר. איך האָב זיך באַקאַנט מיט די פירערס פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען און קולטור־אינסטיטוציעס, מיט די לערערס פון אָוונט־קורסן, מיט די אָנפירערס פון דעם דראַמאַטישן פאַראיין. פריער האָב איך זיך אַ ביסל געקווענקלט צו מישן זיך מיט די אַלע באַוואוסטע אָנפירערס פון די ציִיליסטן, איך האָב זיך אויך איבערהויפּט געשעמט צו ריידן מיט די אַלע פרעמדע. מיט דער צייט איז מיין שעמעוודיקייט און מיין שרעקן זיך אַוועק און עס האָט נישט גענומען לאַנג און איך, מיט מיין לאַנגער קאַפּאָטע, בין געווען אַן אָנגענומענער אייגענער אין די אַלע קרייזלעך פון אונדזער שטאָט־אינטעליגענץ. אָבער אַלץ האָט נאָך געמוזט זיין ביי מיר קאָנספּיראַטיוו. אָפיציעל בין איך נאָך אַלץ געווען אַ בית־מדרש־בחור. איך דערמאָן נאָר עטלעכע פון מיינע נייע פריינד: פישל מאַלץ, איז געווען אַ בחורל פון בית־מדרש. זיין פאָטער איז געווען אַ וויכטיקער חסיד פון גערער שטיבל. מיט פישלען פלעג איך אָפט שפּאַצירן אין די נעכט און דיסקוטירן, און נישט בלויז דיסקוטירן נאָר טאַקע טיף איבערלעבן די אַלע רעליגיעזע בלאָנדזשענישן און זוכענישן, וואָס האָבן מיך באַהערשט. פישל מאַלץ איז געבליבן מיין געטרייסטער חבר ביז מיין אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. ווי איך האָב שפּעטער געהערט, איז נאָכדעם פאָרגעקומען אַן אָפּענער ריס צווישן אים און זיין פאַנאַטישן טאַטן דעם גערער חסיד. פישל איז געוואָרן אַן אָפּענער היינט־וועלטיקער און איז אויך געוואָרן אַ באַוואוסטער רעדנער און פירער ביי די צעירי ציון. ער איז פאַר אַ צייט געווען דער געהילף־פּרעזידענט פון שטאָט־ראַט.

אברהם קאַן, אויך אַ חסידס אַ זון. זיין פאָטער, ר׳ הירש לייב קאַן, איז געווען איינער פון די הויפּט־מקורבים ביים ראַדזינער רבין, ער האָט געזאָלט אַמאָל טאַקע ווערן דער רבי פון די ראַדזינער, די וואָס טראָגן תכלית. ער איז געווען אַ גרויסער גביר און אַן אייגנטימער פון אַ סך הייזער. מיט דעם חבר מיינעם אברהם האָט פּאַסירט אַ מאָדנע זאַך. ווען ער איז קאַליע געוואָרן און האָט אָפּן אָנגעהויבן אַרומצוגיין מיט די אחדות־לייט, האָט זיין פאָטער אים זייער געפּייניקט. מען האָט אים

אַרויסגעוואָרפן פון הויז און ער איז אַרומגעגאַנגען שטענדיק אַ הונגע־ריקער מיט צעריסענע שיך און זיך אויסגעהאַלטן פון נדבות פון חברים. אין שטאָט איז געווען אַ קאָכעניש, און די מוטער זיינע איז זייער קראַנק געוואָרן. האָבן חברים אים געהייסן צוריק אַהיימגיין און צוזאָגן, אַז ער וועט שוין זיין גוט און פרום. אָבער אין געהיים וועט ער ווייטער קענען זיין פאַרבונדן מיט זיי. דער שטרענגער פאָטער האָט אים מוחל געווען. אברהם האָט אַראָפּגעוואָרפן די דייטשע קורצע קליידער וואָס ער האָט שוין פון פריער געטראָגן, די פּעלערינע און דעם רונדן קאַפּעליוש, צוריק אָנגעטאָן זיינע חסידישע קליידער און איז צוריקגעקומען לער־נען אין פישל טישינערס בית־מדרש. זייער הויז איז טאַקע געווען אַקעגן דעם בית־מדרש. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ שוין אָפן היינטוועלטיק לעבן איז דעם בחור געווען שווער זיך צו איינצוקוועטשן ווידער אויף אַ גאַנצן טאָג אין בית־מדרש.

בלייבט ביי זיינע בעלי־יועצים (פּנחס און די אַנדערע) אַז ער זאָל זאָגן אין דער היים, אַז ער וויל עטלעכע שעה אַ טאָג לערנען אין דער היים מיט אַ שותף און איך זאָל דאָס זיין דער שותף. דער טאַטע זיינער איז אויך געווען אַ גרויסער וואָל־סוחר, מיט אַ קאַנטאָר אין לאָדזש און פלעגט גאַנצע וואָכן נישט זיין אין שטאָט. נו, איז זיין צופרידענע וואוילע מאַמע, וועלכע האָט נאָך געמיינט, אַז איך בין נאָך אַלץ דער הויפּט־בית־מדרש־בחור פון שטאָט, געווען גליקלעך וואָס איר אברהם איז געוואָרן שוין אַזאַ בעל־תשובה. זי איז געקומען צו מיר אין בית־מדרש אַריין, זי האָט אויך צוערשט עס געזאָגט מיין מוטער, און מיך פאַרבעטן צו קו־מען לערנען מיט איר אברהמען צו זיי אין הויז אַריין. איך האָב גערן אָנגענומען דעם פאַרשלאָג. דער בחור האָט געהאַט אַ גרויסן באַקוועמען אייגענעם צימער. האָבן מיר זיך גענומען צוזאַמען לייענען די ביכער פון פּנחסעס און בעלכאַטאָווסקיס ביבליאָטעק. די מוטער זיינע פלעגט יעדן טאָג אַריינשיקן צו אונדז אין צימער פיינע פרוכט און קאַלטע גע־טראַנקען. מסתמא האָט זי שפּעטער איינגעזען איר טעות. זיכער האָב איך איר אברהמלען נישט מחזיר למוטב געווען. וועגן אים האָב איך געהערט אַז ער איז שפּעטער אַוועק אין דער שווייץ, האָט אויסגעשטודירט אויף ד״ר פילאָסאָף און האָט בעת דער (ערשטער ?) וועלט־מלחמה זיך גענומען דאָס לעבן.

איך האָב שוין געהאַט אַ גאַנצע ריי באַקאַנטע נישט פון בית־מדרש. די ברידער בעלכאַטאָווסקי, די וואָס האָבן מיר איבערגעגעבן זייער

גרויסע ביבליאָטעק, זיינען געווען פון די אָנפירערס פון פועלי־ציון, און בין טאַקע אַדאַנק זייער השפעה באַווירקט געוואָרן פון פועל־ציוניס־טישן אידעאַל.

אברהם מאַרגאָליס, זייער אַ וואוילער בחור, האָט פאַרמאָגט לעבן זייער גרויסן הורטאָוונע שפּייז־סקלאַד אַ קאָנספּיראַטיוון צימער. דאָרטן פלעג איך זיך טרעפן מיט דעם פריערדיקן לערער פון דער זשאַנדאָווער שול ליטמאַנאָוויטש.ביידע זיינען געווען פוע״צ. אין קאָנספּיראַטיוון צימער פון אברהם מאַרגאָליס האָב איך אויך געטראָפן פירערס פון די אַנדערע פּאַרטייען, נחמענען פון „בונד״. ער איז געווען אַ פּשוטער וואוילער בחור וואָס האָט מיך געוואָלט ראַטעווען פון די ציוניסטלעך און האָט אויסגעפירט בלויז אַז איך בין געוואָרן אַ באַגייסטערטער אָנ־הענגער פון יידישיזם. אַהין איז אַריינגעקומען עפּעס אַ שגץ אַ סטודענט און מיטגליד פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס., אַן אמתער גוי. ער פלעגט מיט מיר ריידן דורך אַ דאָלמעטשער ווייל איך האָב קיין פּויליש דאָך נישט געקענט. סיי מיט זיין גויאישקייט סיי מיט זיין נעמען אַ טיפן אינ־טערעס אין יידישע צרות און סיי מיט זיין חברן זיך מערסטנס מיט יידן איז ער געווען פאַררעכנט ביי מיר פון די אמתע חסידי אומות העולם. געהערט האָב איך אַז מען האָט דעם בחור שפּעטער פאַרשיקט אויף איי־ביק קיין סיביר.

געטראָפן אין דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר פון אברהם מאַר־גאָליס האָב איך שוין אויך מיידלעך, טעכטער פון באַוואוסטע חסידים פון שטאָט. אָבער פון בית־מדרש איז מיר אויף שטענדיק פאַרבליבן אַ שעמעוודיקייט צו ריידן צו מיידלעך. ווען איך האָב דאָרט באַגעגנט אויך מיידלעך, פלעג איך טאַקע זיך פילן זייער אומבאַקוועם און אַוועק־גיין. חברה האָבן שוין געוואוסט מיין שוואַכקייט און מיך אָפּגעלאָזט.

איין מאָל איז עפּעס אַראָפּגעקומען אַ באַוואוסטע דראַמאַטישע טרופּע אין שטאָט־טעאַטער, דאַכט זיך די באַרימטע קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ. כאָטש איך האָב נאָך נישט פאַרשטאַנען קיין רוסיש, באַשליסן חברים מיך אויך צו נעמען אין טעאַטער אַריין. כדי אָבער מע זאָל מיך נישט דערקענען, בייט איך אינגאַנצן מיינע מלבושים. חברה ברענגען מיר עפּעס אַן „אובראַניע״ (אָנצוג) פון עמעצן, איך פאַרשאַר די פּיאות טיף אונטערן היטל: איך טו אָן עמעצנס קורצן פּאַלטן און גיי צום ערשטן מאָל אין „דייטשע קליידער״ מיט אַלע חברה־לייט זען אַ טעאַטער־פאָר־שטעלונג. מיין פאַרשטעלן זיך איז מסתמא גאַנץ געלונגען, ווייל כאָטש

איך בין אין אָוונט דורכגעגאַנגען דורך יידישע גאַסן האָט קיינער מיך נישט דערקענט. בלויז אין טעאַטער האָב איך געזען אַ באַקאַנט פּנים פון אונטער דער קאָליע. איך האָב דאָרט געזען די שיינע יאַדעשאַ, לאָזער ניסענזאָנס טאָכטער. זי האָט מיך מסתמא דערקענט, זי האָט אויף מיר געוואָרפן אַזאַ מאָדנעם בליק, אָבער פאַר איר האָב זיך נישט געדאַרפט שרעקן. איך האָב זי דאָרט געזען גאָר מיט אַן אָפיציר, מסתמא אַ גוי נאָך... נו, האָבן מירביידע געהאַלטן דעם סוד.

## דער חרם און דעם טאַטנס פּאַטש

אין שטאָט האָט זיך שוין גוט געקאָכט וועגן מיר. וואָס ווייטער האָב איך אַראָפּגעריסן אַלץ מער די מאַסקע און אָפן געגאַנגען אין גאַס מיט די לערערס פון פּנחסעס גרופּע, מיט די אַלע פאַרשיידענע פירערס פון די פּאַרטייען און פרייער אינטעליגענץ.

די גוטע מענטשן פון שטיבל און פון שטאָט ווילן מיך נאָך אַלץ ראַטעווען. מע שיקט גאָר אונטער שדכנים צו מיין טאַטן מיך וואָס שנע־לער חתונה צו מאַכן. מען רעדט מיר שידוכים מיט גבירישע קינדער מיט אַ סך נדן, מיט אַ רבס אַ טאָכטער פון אַ שטעטל אַרום, וואָס הגם ער ווייסט אַז איך בין קאַליע געוואָרן, וויל ער מיך אַלץ נעמען פאַר אַן איידעם און מסתמא מַחזיר לטוב זיין. עס העלפן אָבער נישט די אַלע רייד. איך בין שוין איצט געוואָרן אָפענער און מוטיקער. ווידער וועקט זיך ביי מיר אויף דער ישוב הדין את ההר. איך טו דאָך קיין שלעכטס נישט, איך וויל בלויז לעבן לויט מיינע אידייען. קיין זאַך קען מיך — זיכער נישט צוליב פּראַקטישע אויסרעכענונגען, — אָוועקפירן פון מיין וועג, אָוועקנעמען פון מיין אמת.

איין מאָל קומט צו מיר דעם רבס אייניקל, וואָס האָט צוזאַמען מיט מיר געלערנט אויף ר׳ יאַנקל דיינס שיעור, אַז דער רב וויל מיך זען, דער רב האָט הייסט עס געשיקט נאָך מיר. נו, בין איך דאָך שוין אין מיין עקשנות און אַזוי גערופענער „אומקאָמפּראָמיסלעכער פּרינציפּיעלער אויסגעהאַלטנקייט" צום רב נישט געגאַנגען. כ׳האָב עפּעס אימעצן גע־זאָגט אין מיין יינגלשער נאַאיווקייט, אַז אויב דער רב וויל מיך — זאָל ער קומען צו מיר. געוויס איז עס פון מיר געווען אַ נאַרישע חוצפּה. וואָס הייסט, דער 80־יאָריקער גאון און מרא דאתרא, ר׳ שמחה יאיר, דער באַרימטער קאָצקער חסיד, זאָל קומען צו אַ פּופּצן־יאָריקן בחורל. איך האָב מיט דעם אַזוי שלעכט נישט געמיינט. אָבער באַלד איז מען

דערפון געוואויר געוואָרן אין שטאָט. אין גערער שטיבל איז געוואָרן אַ גאַנצע מהומה. מע דאַרף דעם חוצפּהניק, דעם פאַרשייטן סמאַרק, גוט אויספּאַטשן. איך האָב שוין מורא אַריינצוגיין אין גערער שטיבל. און באַלד לאָזט מען מיר וויסן, אַז אין איין גערער שטיבל פון שטאָט און אין דעם נייעם שטיבל, וואו עס דאַוונען די יינגערע מער מיוחס־דיקע איידעמלעך און קעסט־קינדער, האָט מען מיך אַ שבת ביים דאַוו־נען געלייגט אין חרם אַריין, דאָס הייסט מען האָט פאַרזאָגט אַלע בחורים מיט מיר קיין שום מגע־ומשא נישט האָבן. „גוטע־פריינד" האָבן דאָס מיר אויך באַלד איבערגעגעבן.

באַלד ווערט קעגן מיר אָן אָפענע באַוועגונג אין אַלע בתי־מדרשים פון שטאָט. איין טאָג געפין איך שוין אַ צעטל אויף דער טיר צו פישל טישינערס בית־מדרש אַז מען וויל נישט, איך זאָל דאָרט אַריינקומען. מע הייבט גאָר אָן אמתדיק מיך צו באָיקאָטירן. איז פון מיין זייט האָב זיך געפילט ווי אַן אמתער העלד, אַ מאַרטירער פאַר ליכט קעגן פינצ־טערניש, אַ קעמפער קעגן פאַנאַטיזם און ווילדן קלעריקאַליזם. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט מיר מסתמא עס אויך גוט ווי געטאָן. דאָ, אין דעם בית־מדרש, וואו איך האָב פאַרבראַכט אַזוי פיל שיינע יאָרן, וואו איך בין געווען דער וויכטיקסטער לערן־בחור; דאָ וואו איך האָב שטענדיק געשפּילט די הויפּט־ראָלע ביי די פּשטל־דיסקוסיעס, ביי דעם שמועסן אין לערנען, — דאָ לאָזט מען מיך נישט אַריין! קיינער רעדט נישט צו מיר. מע קוקט אויף מיר מיט שטעכיקע, שפּיזלדיקע בליקן, אַזוי ווי איך וואָלט געווען דער גרעסטער פאַרברעכער, דער ערגסטער פּושע־ישראל.

אין דער השכלה־ליטעראַטור, וואו עס ווערט געשילדערט דער קאַמף צווישן די אַלטע און נייע דורות, די מלחמה בין האבות והבנים, איז איבערגעטריבן די „שוואַרצקייט" פון אַלטן דור און די „ליכטיקייט" פון נייעם דור. אָבער ווער עס האָט אויף זיינע פּלייצעס איבערגעלעבט און אָנטיילגענומען אין היסטאָרישן קאָנפליקט פאַר מער וועלטלעכקייט, פאַר „אַרויסגיין פון די געטאָ־ווענט", ווי מיר האָבן עס דאַן גערופן, — דער ווייסט אָט די טעג קיין מאָל נישט קענען פאַרגעסן. עס קריצט זיך איין טיף אין אַ מענטשלעכער נשמה אָט אַזאַ חרם־מאָמענט. עס ווירקן אויף שטענדיק די יונגע טראַגישע גאָט־זוכענישן. און קען דען אַ פיינ־פיליקער מענטש אָפּווישן אויף שטענדיק פון זיך די האַרץ־רייסנדיקע זיפצן פון אַ ליידנדיקע פרומע מאַמע און די זיך איינעסנדיקע שטילע בליקן פון אַ פאַרצווייפלטן טאַטן, ווען מע קומט זיי אָנזאָגן די בשורה

אַז זייער זון, וואָס האָט אָט־אָט געדאַרפט קריגן סמיכה און אפשר ווערן אַ מורה־הוראה בישראל — ליגט גאָר אין חרם?

און זאָל מען נישט מיינען, אַז די מעשיות האָבן געטראָפן העט־אַמאָל, אין „פינצטערן מיטלעלטער" און אַז אַלע שילדערונגען זיינען שוין אַלט־געבאַקענע פאַרצייטיקע פּאַסירונגען. ניין, מיט מיר האָט די מעשה געטראָפן, און נישט בלויז מיט מיר, נאָר מיט אַ סך פון יענעם דור.

האָט מען דאָך ביי אונדז דערציילט מעשיות פון די רדיפות קעגן ה. ד. נאָמבערג, וואָס האָט געהאַט משפחה אין אונדזער שטאָט. ער האָט זיך אָנגעהערט מיט די מיוחסדיקע הורוויצעס, וויפל האָט ער געליטן, און פון נאָך אַזעלכע דערנאָך באַוואוסטע יידישע פּערזענלעכקייטן. ניין, נישט פאַרעלטערט איז איצט די געשיכטע פון אונדזער השכלה־מאַרטיראָלאָגיע. עס לעבן נאָך איצט ביי אונדז אַ סך פון אירע העלדן. דער חילוק איז נאָר וואָס איצט איז אונדזער קולטור־לעבן ברייטער געוואָרן און אונדזער ליטעראַטור־טעמאַטיק האָט באַקומען גרעסערע און ווייטערע האָריזאָנטן. אונדזער מאָדערנער השכלה־וועג איז אויך שוין נישט אַזוי ענג און פאַרעקשנט ווי פריער. מיר זיינען טאַקע אַוועק פון בית־מדרש, אָבער מיר האָבן אויך דערזען די שיינקייט און די אינע־ווייניקסטע גייסטיקייט פון דער אַלטער קולטור. האָבן מיר בלויז אַוועק־געוואָרפן די שאָלעכץ, אָבער מיר פּרובירן אויפהיטן דעם תוך און זיך וואָרעמען ביים אייביקן פייער פון דעם יידישן אַמאָל. מיר האָבן טאַקע זיך אויסגעהאַקט אַ נייעם וועג פון אוראַלטן וואַלד אַרויס, אָבער מיר קומען אָפט צוריק און רוען זיך אויס אונטערן שאָטן פון זיינע טויזנט־יאָריקע ריזן־ביימער. מיר פּרובירן פאַרבינדן דאָס אַלטע מיטן נייעם, מיר פּרובירן ממשיך זיין די גאָלדענע קייט, זי נישט איבעררייסן. דער פּאַר, מיין איך, האָט דער נייערער דור משכילים נישט אָנגעוואָרפן אַזאַ מיאוסן נאָמען אויפן בית־מדרש־לעבן ווי די ערשטע משכילישע שריי־בער. אפשר האָבן זיי, די ערשטע, עס געדאַרפט; אפשר איז נייטיק געווען אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ צו געבן מיט דער טיר, בעת מען האָט פאַר־לאָזט דעם בית־מדרש. שפּעטער, ווען עס איז אַנטשטאַנען שוין אַ פאָלקסטימלעכע יידישע אינטעליגענץ און עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די גרויסע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען, האָט שוין די ליטעַ־ראַטור נישט געקענט אַזוי שוואַרץ מאָלן דאָס לעבן פון די מאַסן. מען האָט שוין נישט געקענט קומען צו דער קליאַטשע מיט טענות, למאי זי טאַנצט נישט אַזוי פיין ווי די פאַנסקע צאַפּעס; מען האָט שוין פאַר־

שטאַנען מענדעלעס וואונדערלעכן ענטפער: „אַ טאַנץ גייט נישט פאַרן עסן!"

אונדזער נייערע אינטעליגענץ, די וואָס האָט דורכגעמאַכט די רע־וואָלוציע פון 1905, האָט נישט געקענט מיט איין האַנט געבן אַ לאַך אָפּ, אַ פאַרמשפּט טאָן צו אונטערגאַנג דאָס איינגעפּעסטיקטע יידישע פאָלקס־לעבן. אָבער באַצאָלט פאַר זייער אַוועקגיין פון אַלטן לעבן האָבן זיי אויך געענוג. איך בין אַן עדות.

ווען די נייס וועגן לייגן מיך אין חרם אַריין און אַז מען לאָזט מיך שוין נישט אַריין אין פישל טישינערס בית־מדרש האָט דערגרייכט טאַטע־מאַמע, איז אונדזער שטוב געוואָרן אַן אמתער חורבן. די מאַמע איז געוואָרן זייער קראַנק האָט געקראָגן אַ שטאַרקע אַטאַקע פון קאָפּ־ווייטאָג און עפּעס אַ שלוקערץ־קראַנקייט. דער טאַטע האָט מיר גאָר־נית געזאָגט, נאָר איז גאַנצע טעג אומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער און טיף־פאַרטרויערטער. און דאָ טראָגט אַלץ נחמיהלע אָן נייע ראַפּאָרטן און נייע בשורות. דער איינציקער פּלאַץ וואו איך לערן נאָך איז געווען אין אונדזער שטיבל אונטער דער קאָליע. אָבער דאָרט רעדט אויך כמעט קיינער נישט מיט מיר. איין מאָל טרעפט מען מיך גאָר זיצן לער־נען תנ"ך אָן אַ היטל. איך ווייס נישט וועלכער ווילדער יצר־הרע עס האָט מיר אונטערגעזאָגט צו טאָן אַזאַ נאַרישקייט, מסתמא אַ יינגלש צו־להכעיס־געפיל. דער ייד וואָס האָט מיך געכאַפּט שייגעצט מיך גוט אויס. איך ענטפער אים אַז איך האָב נישט קיין מורא פאַר אים, אַז צוליב דעם וואָס ער האָט געגעסן מיט אַ יאָר מער ברויט ווי איך — דאַרף איך פאַר אים קיין דרך־ארץ נישט האָבן.

איך זיץ אויך גאַנצע שעהן אַליין אין דער היים. איך רייד מיט קיינעם נית. אַן עלנטער, אַ פאַרביטערטער דריי איך זיך אַרום אין הויז. איין מאָל קומט דער טאַטע צו צו מיר ווי איך זיץ אַזוי לעבן מיין טיש און קוק אַריין אין אַ ספר. דערזעט ער ווי איך זיץ און לייען דעם „מורה נבוכי הזמן" פון נחמן קראָכמאַל. ער כאַפּט דאָס בוך אַרויס פון מיין האַנט און צערייסט עס אויף שטיקלעך, און לאָזט מיר דערצו אויך אַראָפּ אַ געזונטן פּאַטש אין באַק. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן וואָס איך האָב באַקומען אַ פּאַטש פון מיין טאַטן. מסתמא האָט ער אין דעם פּאַטש אַרויסגעגעבן זיין גאַנץ פאַרביטערונג און אומגליקלעכע אַנטוישונג. די מאַמע האָט געקראָגן אַ שרעקלעכע שלוקערץ־אַטאַקע. און איך לויף אַוועק פון דער היים און איך קום נישט צוריק אַ גאַנצע נאַכט.

פון יענעם פּאַטש אָן האָב איך נישט גערעדט מיטן טאַטן עטלעכע יאָר, ביז איך בין געקומען קיין אַמעריקע.

## ביינאַכט אין וואַלד

אַ שרעקלעך געפיל און מוראדיקער אַנגסט האָט מיך באַהערשט, ווען איך בין אַרויס פון הויז.

דער טאַטע, וואָס האָט מיך שטענדיק אַזוי רעספּעקטירט, וואָס האָט שטענדיק מיט שטילן שטאָלץ אַרויסגעוויזן מיר אַזאַ ליבשאַפט און קיין דעות ניט געזאָגט אין מיינע פּירונגען ; דער טאַטע וואָס האָט שטענדיק, בעת אָפּגעבן מיך קליינערהייט אין אַ חדר, אויסגערעדט מיטן רבין אַז קעגן מיר זאָל ער נישט אויפהייבן קיין האַנט, — זאָל איצט מיך פּאַטשן, זאָל אַרויסווייזן צו מיר אַזאַ ביטערן כעס !

און פאַרוואָס נעמט די מאַמע די אַלע זאַכן אויף אַזוי ביטער־פאַר־צווייפלט ? פאַרוואָס איז זי קראַנק געוואָרן ? מיין איך דען איר ווי צו טאָן ? האָב איך זי דען נישט זייער ליב ? איך קען אָבער, איך טאָר אָבער ווייטער נישט לעבן אין „פינצטערניש״. וואָס טו איך דען ? איך וויל דערגיין דעם אמת וועגן וועלט, גאָט און לעבן. טו איך דען אימעצן שלעכטס ? איך קען נישט — ווי אַנדערע — מאַכן קאָמפּראָמיסן. איך מוז לעבן ווי מיין האַרץ און דער אמת דיקטירט מיר. אָבער פאַרוואָס דאַרפן מיינע עלטערן זיך נעמען אַזוי צום האַרצן ? זיי האָבן דאָך מיך שטענדיק געלאָזט טאָן וואָס איך פאַרשטיי.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט מיין חבר פישל מאַליק. מסתמא האָט ער אויך גראָד דעמאָלט געהאַט צרות אין דער היים. זיין פאָטער האָט אים די גאַנצע צייט זייער געפּייניקט. פישלס פאָטער איז געווען אַ שאַרפער און כעסדיקער גערער חסיד, און ער האָט געהאַט שוין גענוג חרפּות פון זיין קרוב פּנחס. דאַרף זיך נאָך די קללה אַריינרייסן צו אים אין הויז ?

פישל און איך האָבן זיך פאַרנומען אויף אַ שפּאַציר אין אַ וועלדל אַריין, דאָרט הינטער די בודקעס. מיר האָבן ליב געהאַט צו מאַכן אַזעלכע איינזאַמע שפּאַצירן אין די אָוונטן און שמועסן וועגן אַלע ענינים וואָס האָבן אונדז אינטערעסירט, וועגן די ביכער וואָס מיר האָבן דורכן טאָג איבערגעלעבט, וועגן אונדזערע „פאַרצווייפלטע קאַמפן״ מיט דער אַרומיקער סביבה. מיר פלעגן אויך אַרומריידן וועגן די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק. מיר האָבן זיך שוין גענוג

אָנגעהערט און אָנגעלייענט די פּאָלעמיקעס און דיסקוסיעס פון די אַלע פּאַרטייען און זייערע פּראָגראַמען. מיר האָבן געוואָלט זיך דערגרונטעווען צום אמת פון די אַלע קעגנזייטיקע אידעאָלאָגיעס. אפשר וועלן מיר קענען געפינען אַ פּאַראייניקונגס־פּונקט. אין אונדזער יוגנטלעכער „חוצפה" האָבן מיר געחלומט, אַז אפשר וועלן מיר אָט די צוויי זעכצניאָריקע העלדן גאָר קענען פּאַראייניקן די אַלע פּאַרטיי־פּראָגראַמען און מאַכן פאַר אַלע אונדזעריקע איין פּאַרטיי, ווייל אַלע ווילן דאָך — דאָס האָבן מיר איינגעזען — כמעט איין זאַך, באַפרייען און דערהייבן דאָס יידישע פאָלק, באַפרייען און דערהייבן די ליידנדיקע מענטשהייט. איז צו וואָס זיך אַרומקריגן? פאַרוואָס צעשפּאַלטן און צעברעקלען דעם אַלגעמיינעם ווילן?

יענעם אָוונט האָבן מיר אָבער וועגן די אַלע פּראָבלעמען נישט גערעדט. עס איז געגנוג ביטער און אָנגעזאָלצן געווען אויפן האַרצן פון אייגענע צרות און קרענקונג. וואָס זאָלן מיר טאָן? זאָלן מיר נאָכגעבן אונדזערע עלטערן? „זאָלן מיר טאַקע מקריב זיין אונדזערע לעבנס אויפן מזבח פון פאַנאַטיזם און מיטלעלטער?" ניין!, מיר קענען ניט און טאָרן דאָס ניט טאָן! מע טאָר נישט לאָזן זיך פאַרצאַמען דעם וועג צום אמת. און זיינען מיר דען חס־ושלום געוואָרן אפּיקורסים? גלויבן מיר דען נישט נאָך אַלץ אין דעם אמתן גאָט פון ישראל?

גראָד האָבן מירביידע איבערגעלייענט נחום סאָקאָלאָווס אַ בראָשור וועגן ספּינאָזאַן. עס איז דאַכט זיך אַרויס ווי אַ באַזונדערע ביילאַגע צו דער „הצפירה." איך ווייס נישט צי מיר זיינען אמתדיק געווען צוגעגרייט צו פאַרשטיין פילאָסאָפישע אָפּהאַנדלונגען, זיכער ניט. אָבער געלייענט האָבן מיר אַלץ, געשלונגען ביכער צי יאָ פאַרדייט גוט, צי ניט. די אָפּהאַנדלונג אָבער איז געווען צוגעפּאַסט דאַן צו אונדזערע צוויי־טאָגטע הערצער.

מיר האָבן אַזוי אַרומגעשפּאַצירט אין וואַלד אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט. עס איז געווען ווינטער. דיביימער זיינען געווען אין גאַנצן ווייס פון שניי. און דאָ שפּאַנען צוויי יונגע יידישע בחורימלעך, וואָס לעבן איבער אין זייערע הערצער דעם גאַנצן צער פון גאָט־זוכעניש, און וואָס זיי קומט אויס צו פירן מיט גרויסן, טיפן ווייטאָג אַ ביטערן קאַמף מיט די נאָענטע און אַרומיקע.

נאָך שעהן פון יונגע חברשע אינטימע רייד צעזעגענען מיר זיך. מיר באַשטימען — זיך נישט אונטערצוגעבן. די נאַכטיקע, שניי־באַדעקטע ביימער אונטערן שיין פון אַ ליכטיקער לבנה רופן ביי אונדז אויך

אַרויס אַ דירעקטע, כאָטש נישט שכלדיק־מאָטיווירטע פאַרשטענדעניש פאַרן ספּינאָזישן פּאַנטעאיזם. מיר געזעגענען זיך ביים עק וואַלד און מיר גיבן זיך די הענט מיט דעם ספּינאָזישן זאַץ על־פּי סאָקאָלאָווס בוך: אלהים הוא הטבע והטבע היא אלהים.

אַזוי צעשיידן מיר זיך און גייען אין באַזונדערע ריכטונגען, יעדע־רער צו זיין היים־וועג. פאַרטיפט, אויף אונדזער יינגלשן שטייגער, גייען מיר אַזוי אין רעיונות פאַרזונקען, אָבער מיט זיכערקייט אין האַרצן. מיר טוען נישט קיין שלעכטס. מיר באַגרייפן און פילן נאָך מער ווי די אַלע גערעדער חסידים דעם וועג פון גאָט. מיר אַליין, ווי די גאַנצע אַרו־מיקע נאַטור, זיינען אַ טייל פון גאָט. און דאָס איז דאָך אייגנטלעך אויך דער אמתער באַגריף פון דער יידישער רעליגיעזער פילאָסאָפיע.

ניין, מיר מוזן ווייטער גיין אויף דעם אפשר ביטערן, אָבער נויט־ווענדיקן, אומקאָמפּראָמיסלעכן וועג. מיר גייען אויפן וועג פון גאָט, ווייל אַלץ אַרום, דער גאַנצער אוניווערס, איז פול מיט גאָט.

## די ברידער שערעשעווסקי

דערווייל מאַכט זיך אַזאַ מעשה. אַ צאָל גימנאַזיסטן און אוניווער־סיטעט־סטודענטן, וואָס זיינען אין דער היים אויף וואַקאַציע אָדער וואָס זיינען גאָר אויסגעשלאָסן געוואָרן איבער פּאָליטישער אומכשרות פון די שולן, אָרגאַניזירן זיך צו געבן אומזיסטע לעקציעס צו פאַרשיידענע אָרעם־בחורים און ספּעציעל צו די „קאַליע געוואָרענע" בית־מדרש־בחורים און זיי העלפן צוצוגרייטן צו עקזאַמענס.

אין די יאָרן נאָך 1905, צוזאַמען מיט דעם אויפשטייג פון דער רע־אַקציע, איז געווען פאַרשפּרייט אַזאַ געדאַנקען־גאַנג ביי דער יוגנט: אויב אונדזערע קרבנות זיינען געווען אומזיסט, אויב מיר האָבן אַוועק־געגעבן אונדזערע יונגע יאָרן, אונדזער פרייהייט פאַר גאָרנישט, און דאָס פאָלק פּראָטעסטירט נישט, דעם פאָלק אַרט עס נישט, טאָ לאָמיר נאָך ראַטעווען וואָס מיר קענען עפּעס פאַר זיך, לאָמיר פאַרוואַרפן די אַלע „נאַרישקייטן" פון „ראַטעווען אַ וועלט" און זיך פאַרזיכערן אַן אייגענע צוקונפט. קאַריעריזם ביי אַן אינטעליגענץ נאָך אַ דורכפאַל פון אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ווערט באַגלייט מיט פּרינציפּנלאָ־זיקייט. ביטאָ קיין זאַך וואָס מען טאָר נישט, אַלץ איז כשר אויפן וועג פון דערפאָלג. פון ביטערער אַנטוישונג אין די נישט דערגרייכטע צילן באַשפּייט מען אָפט דעם גאַנצן געפיל פון אידעאַליזם. וואָס מיר ווילט?

וואָס מיר מענטש? אַלץ פֿאַר זיך, אַלץ פֿאַרן פּערזענלעכן גליק. געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך געלאָזט הוליען און שיכורן. אין סאַנין־קרייז־לעך, לעבן אַ גוטן טאָג, פֿאַרטרייבן דורך דעם גאָט פֿון גראָס, די ביטערע מרה־שחורה פֿון אַנטוישטע אידעאַלן. אַנדערע האָבן גאָר זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַוואַנטוריסטישע „גאָט־זוכענישן" און ספּיריטואַליזם.

פֿון דער צווייטער זייט זיינען געווען געגנוג אַזעלכע וואָס האָבן זיך אָנגעהאַלטן ביי די לעצטע אָנשפּאַרן פֿון דעם גרויסן באַפרייאונג־שטראָם. אָבער עס איז שוין נישט געווען איצט קיין סטיכישער אויפֿברויז, נאָר דאָ און דאָרט אינדזלען, געבליבענע ווינקעלעך פֿון פּאַרטיי־שיריים. פֿאַר אונדז, ערשט ניי־אַריבערגעקומענע בית־מדרשניקעס, איז דער וועג געווען אַ קלאָרער: מיר דאַרפֿן זיך קודם נעמען צום לערנען, מען דאַרף קריגן אַ סיסטעמאַטישע בילדונג, זיך צוגרייטן אַרייננצוטרעטן אין הויכשולן. אפשר וועט דערווייל דער פֿינצטערער שטראָם פֿאַרבייפּליסן, אפשר וועט אונדז נאָך זיין באַשערט צו דינען מיט אונדזער וויסן אַ באַפרייטער וועלט.

איך האָב זיך אויך אָנגעהויבן צו לערנען. מיינע לערער זיינען געווען צוויי ברידער סטודענטן. זיי זיינען געווען פֿון דער משפּחה שערעשעווסקי, די באַוואוסטע פֿאַפּיראָסן־פֿאַבריקאַנטן פֿון גראָדנע. זייער פֿאָטער איז געווען אַן אײדעם פֿון עפּעס אַ רייכן יידישן תבואה־סוחר און מילן־אייגנטימער פֿון אונדזער געגנט. האָבן זיי געוואוינט אין אַ דאָרף לעבן אונדזער שטאָט. די ברידער אָבער, מיינע לערערס, האָבן געוואוינט אַליין אין אַ דירה אין פּעטריקאָוו. דער עלטערער איז דאַכט זיך געווען אַן אויסגעשלאָסענער סטודענט פֿון וואַרשעווער אוניווער־סיטעט, און דער ייִנגערער, וואָס איז געווען מיין הויפּט־לערער, האָט געלערנט אין אונדזער שטאָט אין 8־טן קלאַס גימנאַזיע.

באַקענט האָב איך זיך מיט די ברידער אין דער געהיימער קוואַר־טיר פֿון אברהם מאַרגאָליס. ווען מען האָט זיי פֿאַרגעלייגט מיך צו לער־נען און צוגרייטן אַריינצוטרעטן אין הויכשול, האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט מיט חשק, ווייל, ווי זיי האָבן געזאָגט, זייער פֿאָטער איז אויך אַמאָל גע־ווען אַ ישיבה־בחור.

האָט מען טאַקע ביי אונדז אין שטאָט דערציילט ווילדע מעשיות וועגן דעם ליטוואַק שערעשעווסקי. מע פֿלעגט דערציילן ווי יידן וואָס טוען מסחר אין די מילן, טרעפֿן אים זיצן אַן אַ היטל ביי אַ בלאַט גמרא, ווי איין מאָל האָט מען אפֿילו אים געטראָפֿן לערנען תנ"ך מיט אַ הונט

אויפֿן קני, ווי ער רייכערט במזיד, דווקא ווען יידן זעען אים, ציגאַרן אין שבת און נאָך אַזעלכע חטאים ר״ל.

קיין יידיש האָבן די בחורים נישט געקענט רייד̣ן. נאָר אַזוי ווי איך האָב שוין אַ ביסל פֿאַרשטאַנען פּויליש און רוסיש, איז עס דאָך גאָר בעסער, אַז זיי, די לערערס, זאָלן צו מיר ריידן בלויז פּויליש אָדער רוסיש. אין מיין 16־טן יאָר נעם איך זיך צו לערנען סיסטעמאַטיש און גרייט זיך צו ווערן אַן עקסטערניק, אָבער נאָך אַלץ אין דער לאַנגער קאַפּאָטע, נאָך אַלץ מיט פּאות, כאָטש שוין אַ ביסל מער אונטערגעשאָרענע.

אין דער היים, צוליבן רוגז מיטן טאַטן, האָט מען מיר שוין גאָר־ניט געזאָגט. אין שטיבל האָט מען מיך שוין נישט געטשעפּעט. זאָל ער טאָן וואָס ער וויל, ער איז דאָך סיי־ווי־סיי אַ פֿאַרפֿאַלענער, ער גע־הערט שוין נישט צו אנשי שלומינו.

איך האָב אָבער נאָך נישט געקענט איגנאָנצן זיך אָוועקרייסן פֿון בית־מדרש. עפּעס האָט מיך נאָך געהאַלטן צוגעבונדן, אפשר מיין מאַ־מעס שטומע בעטנדיקע בליקן, בעת זי איז אָפּט געלעגן מיט אַ פֿאַר־בונדענעם קאָפּ אין בעט; אפשר מיין טאַטעס שטאָלץ כעסדיק פּנים. און סיי־ווי־סיי — וואוהין זאָל איך גיין? וואָס קען איך טאָן? לאָמיך זיך דערווייל צוגרייטן צו די עקזאַמענס, לאָמיך נאָר זיין גרייט אָנצו־קומען אין הויכשול — וועל איך שוין מאַכן דעם לעצטן ריס מיט מיין פֿרומער סביבה.

פֿלעג איך גיין כמעט יעדן טאָג צו די ברידער שערעשעווסקי. איך האָב זיך געבראָכן דעם קאָפּ איבער די קאָמפּליצירטע אויפֿגאַבעס מיט ברוכצאָלן. שווער איז מיר אַלץ אָנגעקומען די אַלע מאָדנע בייגונגען פֿון די זאַכווערטער און „גלאַגאָלן״, די אַלע מאָדנע משלים פֿון די אַריט־מעטישע אויפֿגאַבעס. צופֿיל רוסיש און פּויליש האָב איך דאָך נישט געקענט, האָב איך אָפּטמאָל נישט פֿאַרשטאַנען וואָס מיינע „מלמדים״ דברן צו מיר. אָבער איינגעעקשנט האָב איך געפּרואווט בייקומען די אַלע שוועריקייטן. נישקשה, אויב מיין קאָפּ האָט געקענט דורכשווימען די אַלע שווערע סוגיות פֿון בשר וחלב און אַלע הארבע תוספֿותן און מהרשאן, האָבן מיר מיינע מדריכים — פּנחס און די אַנדערע פֿריינד געזאָגט — וועל איך די „גויאישע תורות״ אויך פֿאַרדייען.

אַ צרה איז געווען היים־אַרבעט. קיין צו גרויסע פּעדאַגאָגן זיינען אַפֿנים די סטודענטן שערעשעווסקיס נישט געווען, האָבן זיי מיר יעדן טאָג פֿאַרגעבן היים־אַרבעט גאַנצע בערג. איך אַליין בין געווען צופֿרידן

מיט די אַלע שווערע און אָנגעלאָדענע אויפגאַבעס. בין איך דאָך געווען נאָך אין בית־מדרש אַ מתמיד. אָבער וואו מאַכט מען די אַלע אַרבעטן? אין דער היים איז מיר געווען צו שווער צו זיצן. איך האָב נישט געקענט רואיק אַריבערטראָגן דאָס ברוגזע פּנים פון טאַטן און טיפע זיפצן פון דער מאַמען. עפּעס האָב איך איצט אויך נישט געקענט זיצן גאַנצע טעג אין בעלכאַטאָווסקיס פּריוואַט־ביבליאָטעק. מסתמא האָבן די עלטערן זיך דערוואוסט שוין פון מיינע געהיימע באַזוכן און אָנגעזאָגט די זין מיך נישט צו רופן. איז געבליבן ביי מיר צו מאַכן די היים־אַרבעט אין שטיבל. וואו? מען וועט דאָך זען? פלעג איך פאַרקריכן אויפן בוידעם, ליגן דאָרט אויף די זעק שמות און זוברעווען די פאַרשיידענע „קלאָנעניעס" פון דער רוסישער גראַמאַטיק. ס'איז מיר איינגעפאַלן אַזאַ המצאה:

אין דער פרי, פאַרן דאַוונען, דאַרף מען דאָך גיין אין בית הכסא אויפן הויף זיך מכין זיין. פלעג איך דאָרט פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע שעהן. הלמאי אַ חסיד וואָס זיינע הכנות נעמען צו אָפטמאָל גאַנצע שעהן צו פאַרטרייבן יעדע טומאה פון גוף. דאָרט האָב איך אַרויסגענומען פון פאַלטן דעם גאַנצן קלאַפּער־ און שרייב־געצייג און צוגעגרייט די לעקציעס פאַר מיינע נייע רביים.

האָב איך אין די קאַלטע ווינטער־פרימאָרגנס, אין דעם נישט צו ריינעם בית־הכסא פון אונדזער שטיבל געלערנט פון אויסנווייניק די שירים פון פושקינען און שילערן. איך ווייס נישט וויפל פּאָעטישע איינדרוקן ס'איז מיר געבליבן פון אַזאַ מין שטודירן. אָבער כאַראַקטעריסטיש איז עס פאַר מיר און פאַר אַנדערע פון מיינס גלייכן. מיר זיינען דאָך געווען אַזוי זיכער און איינגעשפּאַרט צו גיין אויפן אָנגעצייכנטן וועג, זיינען מיר זיך דאָך מכין צו באַגרייפן און דערלערנען די גרויסע סודות פון דער וועלט.

צו די שערעשעווסקיס פלעגן אַריינקומען אַ סך חברים זייערע, קינדער פון דער אַריסטאָקראַטיע פון שטאָט. אַסך האָב איך נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי ריידן. זייער פּויליש און רוסיש איז געווען צו הויך פאַר מיין זייער אָרעמען וואָקאַבולאַר. אָבער אָנגעשטויסן האָב איך זיך שוין דאָ און דאָרט וואָס מען רעדט. ביי אַ שמועס וועגן דער פּראָצענט־נאָרמע, וואָס די אַקציע האָט דעמאָלט פאַרשטאַרקט אין די רוסישע אוניווערסיטעטן, רופט זיך אָפּ איינער זייערער אַ חבר אַז אים אַרט עס נישט, און ער וועט זיכער נישט אַוועקפאָרן ווי די אַנדערע טוען פון רוסלאַנד. ער דאַרף היי־יאָר ענדיקן גימנאַזיע, און אויב ער וועט נישט

קענען אַריין אין אוניווערסיטעט ווי אַ ייד, וועט ער זיך תיכף שמדן, אים אַרט עס נישט. מיינע צוויי לערערס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אים, און כאָטש זיי זיינען נישט געווען קיין גרויסע קענערס פון יידישקייט, האָבן זיי אָבער אין מאַרגאַליסעס פּועלי־ציוניסטישן קרייז זיך אָנגעשטעקט מיט אַ יידישן נאַציאָנאַלן שטאָלץ. זיי האָבן דעם חבר זייערן גוט אויסגעזידלט און אים געהייסן גיין פון זייער צימער. ווען ער איז אַוועק און איך בין שפּעטער געבליבן מיט דעם יינגערן שערעשעווסקי, מיט וועמען איך בין שוין געווען מער אינטים, האָב איך אים זייער באַדאַנקט און געדריקט די האַנט פאַר זיין מוטיקער יידישער האַנדלונג.

איינמאָל קומען צו מיר די ברידער שערעשעווסקי מיט אַ נייס: זיי האָבן גערעדט וועגן מיר מיט זייער פאָטער און ער פאַראינטערעסירט זיך זייער מיט מיר. ער איז איצט אַוועקגעפאָרן אויף אַ צייט און ווען ער וועט צוריקקומען וויל ער מיך זען. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער וואָלט מיך אפשר געוואָלט שיקן אויף זיינע הוצאות אין דער שווייץ דאָרט שטודירן.

פאַר מיר און פאַר מיינע חברים איז די בשורה זיכער געווען זייער אָנגעלייגט. אָבער אינגאַנצן צום האַרצן איז עס מיר נישט געווען. ניין, נישט קיין סתם געלערנטער און פאַרענדיקטער דאָקטער וויל איך ווערן. פאַר מיר איז אָנגעצייכנט אַן אַנדער וועג...

## כלל־טוער און סטודענט

עס קומט ווידער פאַר אין מיר אַ שאַרפער נשמה־געראַנגל. פון בית־מדרש ווייס איך אַז איך גיי שוין באַלד אַוועק. אָבער וואָס טוט מען ווייטער? זאָל איך טאַקע זיך צוגרייטן צו פאָרן אין דער שווייץ אין אוניווערסיטעט, וואוהין דער משכילישער גביר שערעשעווסקי וויל מיך שיקן? ווערן אַ געלערנטער אָדער אַ שרייבער, ווי אַ סך אַנדערע משכילים? אין מיין זעכצן־יאָריקער נאַאיווקייט האָב איך געמיינט, אַז מען דאַרף נאָר וועלן — ווערט מען שוין עפּעס. אָדער ניין, לא זו הדרך. ס׳איז נישט די צייט פאַר בלויז תורה. די וועלט, ספּעציעל די יידישע וועלט, דאַרף האָבן — און טאַקע באַזונדערס איצט, נאָך די אַלע אָפּגענאַרטע האָפענונגען, נייע מענטשן, נייע טוערס און קעמפערס וואָס זאָלן ווייטער פירן דעם אָנגעהויבענעם קאַמף, ווייטער — אויב נישט דאָ אין רוסלאַנד, איז אין אַנדערע לענדער ממשיך די אַרבעט פאַר

אונדזער גייסטיקער באַנייאונג און באַפרייאונג. אפשר גראַד איצט איז די אמתע עת לעשות לד און הפרו תורתך. נייַן, נישט אין דעם ענגן שטודיר־צימערל דאַרף איך זיך פאַרשפאַרן, נישט קיין טרוקענער סטו־דענט זאָל איך זיין. איך וויל ווערן אַ טוער, אַ קעמפער.

און ביזן היינטיקן טאָג קומט אָפטמאָל אין מיר נאָך אַלץ פאָר אַ ויתרוצצו צווישן דעם כלל־טוער און סטודענט. וואָס ווייטער ס׳לויפן די יאָרן, פאַרלירט מער דער סטודענט, כאָטש פון כלל־טועריי לאָזט זיך אָפט אויס אַ בוידעם. אין מאָמענטן פון חשבון־הנפש פאַרדריסט מיך אָפט וואָס איך האָב ביי די נשמה־קאַמפן פון זעכצן־יאָריקן געלאָזט זיגן דעם כלל־טוערישן יצר־הרע — צי יצר־טוב. אַסך מאָל דאַכט זיך מיר ווי די אַלע יאָרן מיינע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן זיינען אַוועק אין בי־ וועץ. צענדלינגער יאָרן האָב איך אַוועקגעגעבן, לויט מיינע באַגרע־נעצטע כוחות, אַלץ וואָס איך האָב געקענט פאַר דעם יידישן קולטור־קאַמף, פאַר יידישער שול, פאַרן יידישן גייסטיקער רענעסאַנס. ס׳זיינען געווען טאָקע צייטן, ווען ס׳האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז אָט־אָט — און אונדזערע אַלע חלומות און שטרעבונגען אויפצובויען אַ שעפערישע אומגעשטערטע יידישע גייסטיקע היים אין אונדזער שפראַך ווערן מקוים. אָבער ווי ווייטאָגדיק ווערט עס ספּעציעל אין די לעצטן יאָרן — ווען מען זעט אַז ס׳איז נישט אַלץ ווי ס׳האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז בייזע פינצטערע ווינטן לעשן אויס אָדער פאַרטונקלען אונדזערע אַלע ליכ־טיקע וויזיעס וועגן יידישן קולטור־רענעסאַנס. אין אָט די ביטערע מי־נוטן פון אַנטוישונג ווערט שווער און ביטער אויף דער נשמה און עס עגבערט מיט גרויסן ווייטאָג: וואָס האָסטו אויפגעטאָן? פאַרוואָס האָסטו אַזוי נאַריש פאַרשפּילט אַ וועלט, אַ לעבן?

די בייסנדיקע מאָמענטן זיינען אַסך מאָל נאָר פאַרבייגייענדיקע. אַנדערע שטימונגען באַהערשן דאָס האַרץ: נייַן, די אַלע יאָרן וואָס דו און דיינע חברים, און דיינע רביים און תלמידים האָבן אַוועקגעלייגט זיינען נישט קיין פאַרלוירענע. די וועלט גייט נישט אונטער, און אויב ס׳איז באַשערט דער וועלט אויפצושטיין פון אירע חורבות און באַשאַפן אונטער נייע הימלען אַ באַנייטן מענטשן, וועט דאָך דאָס יידישע פאָלק אויך ביי דעם גאולה־טיש האָבן זיין חלק; און אויב אונדזער פאָלק איז באַשערט צו לעבן, וועט עס דאָך מוזן פירן זיין באַנייט לעבן אין דער אויפגעוואַכטער באַפרייטער קולטור־ספערע, וועט דאָך די יידישע קול־טור, וואָס מיר האָבן אַוועקגעגעבן אויף איר אַזוי פיל אַרבעט און מי,

געדייען און וואַקסן; אפשר אין טיפערער, מיט אירע אַלטע שטאַמען מער צונויפגעוואַקסענער פאָרעם. איז דאָך די אַרבעט נישט געווען קיין אומזיסטע, איז דאָך דאָס כלל־טוערײ אונדזערס נישט געווען קיין אַרויסגעוואָרפענער קרבן אויף אַ פוסטן מזבח.

און איז דען דאָס וויסן, וואָס פאַר דעם גיבן געלערנטע אַוועק זייערע יאָרן, אַזוי זיכער? זיינען דען אַסך יאָרן אין די איינזאַמע שטודירצימערן נישט קיין פאַרפאַלענע? מיר זאָגן זיך אָפּטמאָל אָפּ פון אמתן, אויף וועלכע מיר האָבן אַוועקגעגעבן יאָרן צו פאָרשן. פלאַצן דען נישט אָפט וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס ווי קקיון דיונה? איז וואָס זשע טוט אויף שוין דער געלערנטער מיט זיין חכמה? אויך דאָ צערייסט מען אָפט אַליין די יריעות און פאַרמעסטן פון די אָפּגענאַרטע תורות.

נאַרן אונדז נישט אָפט אָפּ די אמתן פון די עקזאַקטע וויסנשאַפטן? און באַנוצט מען דען נישט די אַלע נייע אויסגעפינונגען, אויסגעפייניקטע אין די שפּעטע נאַכט־שעהן פון דעם געלערנטנס קאַבינעט, צו ברענגען דעם מענטשן אומגליק און טויט? איז אויב אַזוי — מה הועילו חכמים בתקנתם? אין די שעת־חירום צייטן, אין דעם איצטיקן גרויזאַמסטן חורבן פון מענטש און מענטשלעכקייט, האָבן דאַכט זיך ביידע „מחותנים״ פאַרלאָרן, סיי די כלל־טוערס און סיי די סטודענטן. איצט איז דער מענטש אינגאַנצן פאַרשטומט. איצט הערשט צוריק די חיה...

סיי־ווי־סיי, פאַר מיר איז אָט דער אינעווייניקסטער געראַנגל געווען זייער אַן אָנגעווייטאָגטער. אין מיין דור, זיינען 16־17־יאָריקע יונגעלייט, ספּעציעל די וואָס זיינען געקומען פון די בית־מדרש־ווענט, געווען גייסטיק דערוואַקסענע מענטשן. איך וויים נישט, צי איך האָב אין מיינע שפּעטערע עלטערע יאָרן, איבערגעלעבט אַזעלכע גייסטיק־וואָגיקע ראַנגלענישן און נשמה־קאַמפן, הן בנוגע וועלט און מענטש, הן בנוגע אידייען און אידעאָלאָגיעס, הן בנוגע אייגענעם וועג אין לעבן — ווי איך האָב זיי איבערגעלעבט און דורכגעפילט אין די 3 יאָר, פון 14 ביז 17, פון מיין אַרויסגיין פון בית־מדרש.

אַזוי איז געווען דער גאַנצער דור אונדזערער. אויך די פירערס פון דור האָבן דערגרייכט זייערס אין די פריסטע יאָרן. ווי אַלט זיינען געווען אונדזערע פאַרטיי־טעאָרעטיקערס און אידייען־שאַפערס? ווי אַלט זיינען געווען אַ סך פון די שאַפערס פון דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור, בעת זיי האָבן אָנגעהויבן? די גאַנצע יוגנט, אין

איר „שטורעם־און דראַנג־פּעריאָד" און שפּעטער אין די ביטערע ראַנג־לעגישן און זוכענישן פון נייע וועגן, — האָט דאָך אָפּטמאָל נאָך נישט געציילט קיין פולע צוויי צענדליק יאָר.

זיינען מיר צו פרי אַלט געווען? איז אויף אונדז צוגעפּאַסט געווען מענדעלעס כאַראַקטעריסטיק וועגן יידישן קינד, אַז ס'פעלט אים נאָר אַ בערדעלע צו זיין אַ דערוואַקסן, וועגן תכלית און גלות זאָרגנדיק יידעלע? יאָ! אָבער אָסור צי דאָס איז באמת אַזאַ גרויסער חסרון. ווען מע זעט ווי די היינטיקע יוגנט אונדזערע, אפילו פון די ראַדיקאַלע קרייזן, מאַר־שירט אַזוי נאָך דעם „געגנדזן־טראָט" נאָך די פאַרשיידענע גענעראַלן זייערע און טראַכט נישט איבער, צי זי גייט טאַקע אויפן ריכטיקן וועג, צי פאַרפירט מען זי ניט; ווען עס טוט ווי, וואָס אַ יוגנט איז אַזוי בלינד און פלאַפּלט נאָך און טוט נאָך וואָס מען הייסט איר פון אויבן, אפילו ווען מע הייסט ליגנערן און אויסלאַכן זיך פון הייליקייטן, — זעט מען אַז די אַמאָליקע יוגנט אונדזערע איז נישט געווען אַזוי נאַאיוו און סענ־טימענטאַל. זי איז געגאַנגען אויף דעם ריכטיקן, כאָטש אָפּטמאָל בלאָנ־דזשענדיקן וועג, וואָס אַ יוגנט דאַרף גיין...

נאָך נעכט און טעג פון זוכענישן און גריבלענישן קריסטאַליזירט זיך פאַר מיר דער ווייטערדיקער וועג: איך זאָל „דינען" מיין פאָלק און דער וועלט. איך באַשליס צו ווערן אַ געזעלשאַפטלעכער טוער.

## דאָס לעצטע יאָר אין פּעטריקאָוו

מיינע עלטערן האָבן שוין איינגעזען, אַז איך וועל פון בית־מדרש אַוועק אין־אמתן. מיינע „נשמה־רעטער" האָבן אויך געזען אַז מיך וועט מען שוין זיכער נישט ראַטעווען. שוין אַ פאַרפאַלענער לעולם ועד. די אַלע גוטע פריינד מיינע פון בית־מדרש און שטיבל, די לומדים און חסידים, האָבן זיכער געהאַט די בעסטע כוונות. זיי האָבן דאָך זיכער נישט געוואָלט טאָן מיר קיין שלעכטס. פאַר זיי איז געווען אַ שווערער קלאַפּ מיין אַוועקגיין פון זיי. און אפשר — טראַכט איך אַמאָל — וואָלט געווען בעסער פאַר מיר, ווען איך לאָז זיך פון זיי צוריק אַריינקריגן אין דער באַקוועמער, מיט גלויבן זיכערער שטייג. וואָס האָב איך אויפגע־טאָן מיט מיין אַפּיקורסות, פאַר זיך און פאַר דער וועלט?

דעמאָלט בין איך אָבער געווען זייער פאַרביטערט און מיליטאַנטיש. וואָס מער מען האָט מיך געראָדפט, אַלץ מער האָב איך באַשטימט צו זיין אָפענער און אומקאָמפּראָמיסלעכער. איך האָב זיך שוין נישט באַנוגנט

מיט מיין אייגענעם קאַליע ווערן, איך האָב שוין מיטגעשלעפּט אַנדערע. אַ גאַנצע כאַפּטע ייִנגערע תּלמידים מײַנע האָב איך שוין פאַרנאַרט צו פּנחסן. כ׳בין געוואָרן אַ מין ירבעם בן נבט, אַ חוטא ומחטיא את הרבים.

איך בין געוואָרן דער אָפענער שטורעם־צענטער. צו־להכעיס האָב איך זיך גענומען פירן „וואויל־יונגעריש" און דײַטשמעריש. כ׳האָב זיך שוין גאָרנישט געהיט, ווען כ׳בין געגאַנגען מיט חברה־לײַט אין גאַס, האָב אַסך מאָל דעמאָנסטראַטיוו אַדורכגעלאָזט דאָס דאַווענען אין שטיבל. שבת און יום־טוב נאָכמיטאָג פלעג איך שוין אָפן פאַרברענגען מיט די נײַע חברים אין די וועלדער, אויף די זומער־דאַטשעס אַרום טײַך בוגיי. אין חדר מתוקן בין איך שוין געגאַנגען כמעט יעדן טאָג און בין שיער נישט געוואָרן אַן אָפיציעלער לערער. די פּאות האָב איך זיך נאָך קירצער פאַרשוירן און פאַרשאַרט. אָט־אָט ווער איך שוין אַ גאַנצער גוי.

שמחת־תורה, ווען די בעלי־בתים אין שטיבל אונטער דער קאַליע האָבן זיך משמח געווען און נאָך הקפות און די עליות איז מען געגאַנגען בגילופין פון שטוב צו שטוב פאַרזוכן יעדער בעלי־ביתטעס שמחת־תורה־מאכלים, די געבראָטענע גענדז און קאַטשקעס און דעם געראָ־טענעם האָניק־לעקעך, בין איך אויך מיטגעגאַנגען מיט דער גאַנצער כאַפּטע בחורים פון שטיבל. בעת חברה בחורים האָבן זיך צעזונגען אין מיטן גאַס פריילעכע חסידישע ניגונים און שמחת־תורה־זמירות, האָב איך — אויך נישקשהדיק בגילופין, זיך צעלאָזט אין מיטן גאַס מיט דער מאַרסעליעזע. איך ווייס נישט צי כ׳האָב דאָס געטאָן פּשוט ווײַל כ׳בין געווען פאַרשנאַשקעט, צי מחמת אַ צו־להכעיס, אַ פּראָטעסט קעגן דער „ווילדער פאַנאַטישער מאַסע". אַנדערע בחורים, וואָס האָבן גע־וואוסט אין וואָסערן ניגון איך צעלאָז זיך דאָ, האָבן אין מיטן זייער שמחת־תורה־עקסטאַז זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ, מיך מכבד געווען מיט אַ: „שווײַג, דו שגץ!" — און מיך געלאָזט אין מיטן די גאַסן־הקפות מיט מײַן „שיר."

איך בין געבליבן שטיין אַליין אָפּהענטיק, פאַרלאָזן. דער שמחת־תורה־טאָג איז געווען דער לעצטער, וואָס איך האָב געזונגען ניגונים צוזאַמען מיט מײַנע חברים פון שטיבל. פון דעמאָלט אָן האָט זיך מײַן בית־מדרש־ניגון אָפּגעריסן. יענעם טאָג האָט זיך באַשטעטיקט דאָס מבינות פון דעם ייִדן אין פּישל טישינערס בית־מדרש, בעת ער האָט מיר געזאָגט, אַז מײַן בית־מדרש־ניגון געפעלט אים נישט, אַז איך וועל מיט דעם ניגון אין בית־מדרש נישט בלײַבן. האָב איך ממשיך געווען דעם אַלטן ניגון אין אַ נײַעם גלגול? ווער ווייסט?

איין זאַך ווייס איך: אין מיינע שפּעטערדיקע גלגולים האָב איך
אויך געזונגען לידער און ניגונים, אָבער נישט מיט דעם ברען און מיט
דער התלהבות פון די עקסטאַטישע בית־מדרש־און שטיבל־טעג. מען
איז שוין נישט געווען אַזוי פולשטענדיק זיכער מיט זייערע ווערטער
און כוונות. עס ווענדט זיך טאַקע ווען און ווער עס זינגט וועגן ר׳ דודל
טאַלנער: צי ווען מען איז אַ טאַלנער צי ווען מען איז גאָר אַ וואַסיל־
קאָווער . . .

ס׳האָבן זיך געריסן די לעצטע שוואַכע פעדעם צום שטיבל. אויף
אַסך נאַרישע צו־להכעיס־שטיק האָב איך איצט חרטה. אַזוי, למשל,
טוט מיר זייער באַנג, פאַרוואָס איך האָב בשום אופן נישט געוואָלט נאָכ־
געבן מיינע נייע חברים זיך צו פאָטאָגראַפירן אין מיין פאָלנעם חסידישן
הולך: מיט דער זיידענער קאַפּאָטע און ווייסע שיך און לאטשן און
יאַרמולקע און סאַמעטענעם היטל, און די אמת לאַנגע, ביז צום האַלדז
געקרייזלטע פאות, וואָס איך האָב נאָך געהאַט ביים אָנהייב פון מיין
נתחמץ ווערן. ווי ווערטפול עס וואָלט איצט געווען אַזאַ פאָטאָגראַפיע
פאַר מיר און פאַר מייניקע אין דעם גאַנצן הילוך פון גערער שטיבל.
און אוודאי טוט מיר עד־היום זייער באַנג וואָס איך האָב אין ייִנגלשער
אפּיקורסישער „העלדישקייט” צעריסן מיינע צוויי העפטן פון אייגענע
פשטלעך און דרושים, די פּלפּולדיקע שאַפונגען פון אַ צוועלף־דרייצן־
יאָריקן בחורל פון אַ חסידיש שטיבל. אין מיין מיליטאַנטישער גרויס־
חכמהדיקייט האָב איך די העפטן צעריסן און אַריינגעוואָרפן אין בית־
כסא אויף אַשר־יצר־פּאַפּיר. אָט דאָס הייסט, מ׳שטיינס געזאָגט, „באַ־
קעמפט די רעאַקציע”, אָט דאָס הייסט פאַרוואַרפן און פאַרמיאוסן אַ
טייל פון אייגענעם איך. דאָס איז אַפּיקורסישע געצן־דינסט.

אין זייער פאַרצווייפלונג שרייבן זיך דורך מיינע עלטערן מיט מיינע
ברידער אין אַמעריקע. עס בלייבט אַז מיר זאָלן אַלן פאָרן קיין אַמע־
ריקע. איך בין זייער צופרידן. איך וויל פאָרן קיין אַמעריקע כדי אָנ־
צוהייבן דאָ אַ „קאַריערע” פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, כדי זיך
צו באַטייליקן מיט מיינע אַלע יונגע כוחות אין דער גרויסער סאָציאַלער
און נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־אַרבעט וואָס האָט זיך דעמאָלט דאָ אָנ־
געהויבן צו אַנטוויקלען. מיר האָבן שוין געהערט וועגן די גרויסע באַ־
וועגונגען וואָס האָבן ביים סוף פון ערשטן צענדליק פון איצטיקן יאָר־
הונדערט זיך צעוואַקסן אין דעם נייעם לאַנד. איך האָב געוואָלט אַוועק
כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך צו באַפרייען פון דעם ויתרוצצו־קאָש־

מאַר וואָס איך האָב איבערגעלעבט, איין מאָל פאַר אַלעמאָל איבעררייסן מיט די פאַרזאָרגערס מיינע פון בית־מדרש.

מיינע עלטערן זיינען שוין אויך געווען צופרידן. דער טאַטע האָט איינגעזען ווי נאַריש עס איז געווען זיין צוריקקומען פון אַמעריקע צו־ליב מיר, די מאַמע האָט אויך שוין מער נישט געקענט איבערטראָגן די רחמנות־זיפצן פון די אַרומיקע און זייער באַדויערן איר פאַרלוירענעם גליק. מיינע עלטערן האָבן זיך זייער געשעמט, וואָס מיינע עילוי־טעג האָבן זיך אַזוי מיאוס אויסגעלאָזט.

מיינע ברידער זיינען אוודאי געווען צופרידן. זיי האָבן דאָ אין אַמעריקע זייער גוט פאַרדינט. דאָ זיינען זיי געוואָרן אַקטיוו אין יידישע יוניאָנס. זיי האָבן זיך פאַר די נייע חברים באַרימט מיט זייער יינגערן ברודערל, וואָס וועט באַלד קומען אַהער. זיי האָבן געחלומט אַז זיי וועלן מיך דאָ לאָזן לערנען אין די היגע קאָלעדזשעס און זיי וועלן פון מיר מאַכן אַ דאָקטער צי אַ פּראָפעסאָר: נישקשה אַ גוט קעפל האָט ער דאָך.

האָבן זיי מיר אין די בריוו באַצייטנס אויסגעמאָלט די אַמעריקאַנער גליקן וואָס וואַרטן אויף מיר און געשיקט אויסשניטן פון די היגע יידישע צייטונגען ווי פריי דאָ אַלץ איז, ווי מען קען ריידן וועגן אַלצדינג. מיט באַגייסטערונג האָב איך געוואַרט אויף מיין נייער היים. איך האָב די צייטונגס־אויסשניטן געוויזן אַלע חברים. אַסך פון דעם אַמאָליקן „פאָרווערטס”־לשון האָב איך זיכער נישט פאַרשטאַנען און האָב גע־מיינט ווער ווייס וועלכע טיפע באַהאַלטענע כוונות עס ליגן אין דעם צייטונגס־זשאַרגאָן מיט „אָפּערייטאָר” אין „שאָפּ”, און „לאָקאַוט”, און דעם גאַנצן קלאַפּער־געצייג פון „פּאָטייטאָ־ווינדע”־יידיש און יידישקייט. כ׳האָב אפילו די אַנאָנסן פון די צייטונגען געלייענט. איך פלעג זיך גריב־לען אין די מודעות פון סעם יודין, וואָס האָט צו פאַרקויפן אָדער צו „פאַררענטן קענדי סטאָרס” און „בוטשער שאָפּס”, „אַפּסטיירס” און „דאַונסטיירס.”

אַלץ פון אַמעריקע האָט אויסגעזען צוציענדיק און צוזאָגנדיק. יאָ, איך פאָר קיין אַמעריקע! אָבער עס דאַרף נאָך גערדויערן אַ פּאָר חדשים, ביז איבערן זומער. נעם איך זיך דערווייל שטאַרקער צוגרייטן זיך. איך לערן זיך מיט מער התמדה. איך שלינג ביכער ווי אַרבעס, איך לייען אַלע יידישע צייטונגען. יעדן פרימאָרגן לויף איך שוין צום וואָק־זאַל, ווען די וואַרשעווער יידישע און העברעאישע צייטונגען קומען אָן, און כאַפּ זיי פון די צייטונגס־הענדלער באַלד ווי זיי קריגן זיי. מיינע

עלטערן גיבן מיר נאָך אַלץ מיין וועכנטלעך הוצאה־געלט, מיינע ברי־דער שיקן מיר אויך פון צייט צו צייט קליינגעלט.

דערווייל קומען פאַר פאַסירונגען וואָס העלפן מיר קריסטאַליזירן מיין אידייען־וועלט — די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ. מיר קריגן אין אונדזער שטאָט די ערשטע נומערן פון זשיטלאָווסקיס „נייע לעבן". איך טרעף אויך אַ גאַנצע ריי נייע פּנימער, איך באַגעגן נייע מענטשן פון נייע ריכטונגען און מיט נייע אידייען. צוערשט באַמבלען זיך ביי מיר אין מוח אַ גאַנצע ריי צוזאַמענשטויסן: סאָציאַליזם־נאַציאָנאַליזם, יידישיזם־העברעאיזם, פּאַלעסטיניזם־גלות־נאַציאָנאַליזם, מאַטעריאַליזם און אי־דעאַליזם. איך לייען וויפל איך קען נאָר קריגן וועגן די אַלע שטרייט־פראַגעס. איך לייען קראָפּאָטקינען, וועגן מאַרקסיזם, נייעם און אַלטן, און וועגן זיינע קעגנערס. איך לייען שוין די ווערק פון דער וועלט־לי־טעראַטור, פון טאָלסטאָי, איבסען, האַמסון און אונדזער אייגענעם פּרץ און זשיטלאָווסקי און ביאַליק. איך פּרוביר שאַפן ביי זיך אַ שטיקל וועלט־באַנעם. און עס דאַכט זיך מיר אַז עס גיט זיך מיר איין. איך וועל נישט קומען קיין אַמעריקע אַ ליידיקער.

## מיינע צוויי נשמה־זיילן

פאַראַן מענטשן וואָס מע קען זיי רופן מאָניסטישע כאַראַקטערס, דאָס הייסט זיי זיינען געבענטשט (אָדער באַשטראָפט) מיט אַ גלייכן־איינהייטלעכן בליק אויף זאַכן און אידייען. די מענטשן זיינען דאָס די אייביק־געטרייע צו די פּאַרטיי־ליניעס. זיי זיינען ניט באַלאָדן מיט צופיל איבערטראַכטונגען און איבערמעסטונגען פון די באַשטימטע און אָנגעצייכנטע שטאַנדפּונקטן. איין מאָל געקומען צו אַ באַשלוס, איין מאָל אָנגענומען אַן אני־מאמין, איז שוין מער נישט איבערגעקלערט, האַלט מען זיך מיט דער „תורה" בשכבך ובקומך; מע גייט איר נאָך אין אַלע טעמפּע ווינקלען וואוהין אירע כוהנים גדולים פאַרשטופן זיי. מען לאָזט נישט צו קיין שום קריטיק, קיין שום שמץ פון רעוויזיע.

אָט דער טיפּ מענטש איז זיכער דער ניצלעכסטער יסוד פון אַ באַ־וועגונג, ספּעציעל פון אַזאַ באַוועגונג וואָס קוואַפּעט זיך אויף גרויסע פּאָליטישע דערגרייכונגען. דער טיפּ מענטש איז דאָס ברויט און זאַלץ פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, ספּעציעל פון די וואָס האָבן טאָטאַליטאַ־ריסטישע אַמביציעס און אַ שטאַרקן יצר־הרע צו „לעבנס־רוים". אָט די געטרייע אָנהענגערס לאָזן זיך נישט באַווירקן פון קעגנערישע אַפּיקור־

סישע טענה־רייד. זיי שטיצן שטענדיק דעם אָפיציעלן שטאַנדפּונקט. זיי פאַרמאָגן נישט קיין געגועים צום אָפּגייגן זיך.

נישט בלויז צווישן פּשוטע, נאַאיווּ־געטרייע מאַסן־מענטשן געפינען זיך אָט די בלינדע „נאָכפּאָלגערס", נאָר אויך צווישן דער אינטעליגענץ. פאַרקערט, אויב עס באַווייזן זיך צווישן דער אינטעליגענץ אַזעלכע „שטאַרקע גייסטיקע העלדן" — זיינען זיי נאָך פאַנאַטישער און אומקאָמפּראָמיסלעכער. זיי דאַרפן דאָך באַווייזן, אַז זיינען נישט קיין „צעקראָכענע אינטעליגענטע נשמות"; זיי שרייען מיט גרילצנדיק־שרייענדיקע קולי־קולות: „אונדזער תורה, אונדזער גאָט איז איין־און־איינציק". די פּשוטערע מענטשן, די ערלעכע, די נאַאיווערע קען מען נאָך אַמאָל קריגן צו הערן וואָס אַ צד שכנגד טענהט. און אַמאָל פּרואוון זיי אויף זייער פּשוטן עמך־אופן צו באַטראַכטן זיך. אָבער די „אינטעליגענטן", די פירערס, זיי קען מען אַזוי שנעל נישט בייגן. פאַרקערט, וואָס שטאַרקער עס זיינען די טענות פון דעם צד־שכנגד, אַלץ היסטערישער צעשרייען זיך די אָפיציעלע טאָן־געבערס מיט „אייזן־פעסטע" אַרגומענטן אָדער גאָר מיט די מאוימדיקסטע זלזולים אויף די נייע נביאים, וואָס ווילן צעשטערן דאָס איינגעזעצטע, איינגעמאַרינירטע „גאָטעס־דינסט."

דאָ אין אַמעריקע זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן אין אונדזער גאַס די רייד וועגן יידישער קולטור־אַרבעט, יידישער דערציאונג. „שאָוויניזמוס", „פינסטערלינגען", „רעאַקציאָנערן" — מיט די עפּיטעטן האָט מען דאָך מכבד געווען דר. זשיטלאָווסקין און זיין גרופּע „נייע־לעבניקעס", ווען זיי האָבן גענומען צעשיסן די „שטאַרקע פּאָזיציעס" פון די נאַאיווע קאָסמאָפּאָליטישע אויפקלערערס, וואָס האָבן געמושלט אויף דער יידיש־אַמעריקאַנער ראַדיקאַלער גאַס. אפילו איצט באַווייזן דאָך נאָך די לעצטע מאָהיקאַנער און גיבן זיך נאָך דאָ און דאָרט אַ צעלאָז מיט דער גאַנצער אַמוניציע פון דעם אַמאָליקן פייגנבוים־חדר.

און ווי לאַנג האָט געדויערט צו קריגן אַ הכשר אין די היגע יידישע יוניאָנס, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אין דעם אַמאָליקן קאָסמאָפּאָליטישן גייסט, אויף דער וואונדערלעכער אַרבעט אין ארץ־ישראל. און קומט דען נישט אויס נאָך איצט צו קעמפן פאַר עפּעס נייס, פאַר אַ טיפערער פאַרשטענדעניש אפילו צווישן די וואָס זיינען פאַרטאָן אין דער קולטור־באַוועגונג. עס רוקן זיך באַלד אַרויס די אַמאָליקע טענות:

מיר זיינען ראַדיקאַלן, מיר זיינען דאָס, מיר זיינען יענץ, מיר וועלן זיך נישט לאָזן אַראָפּפירן פון וועג, מיר וועלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן. אָט דער שרעק פאַר „פאַרפירן", אָט די הויכע טענות — מסתמא כדי צו פאַרשרייען אינעווייניקסטע ספקות, — זיינען געוועזן די שוץ־ווענט פאַר די אָפיציעלע דינערס פון די טעמפּלען. אָט די טענות זיינען טאַקע גע־ווען דער זיכערסטער כלי־זין פאַר רעאַקציע, פאַר די אַלע פּחדנים וואָס שרעקן זיך פאַר נייטיקע רעוויזיעס און פאַר פּראָגרעסיווערע ווערטן.

פאַראַן אַן אַנדער טיפּ מענטש, וואָס האָבן געגנוג מאָראַלישן כוח און גייסטיקן מוט צו צווייפלען אין אָנגענומענע שטאַנדפּונקטן. זיי שטענדיק גרייט צו הערן דעם צד־שכנגד; זיי ווייסן אַז די תורה איז לא בשמים היא, אַז קיין אייביקע, פון הימל געגעבענע אמתן קענען מיר זיך מיט אונדזער באַגרענעצטן שכל און באַגרענעצטע חושים נישט איינשאַפן. אפשר איז דער וועלט־שכל אויך נישט קיין פאַרענדיקטער, באַגרענעצ־טער באַגריף, נאָר אַן אייביק פליסיקער קוואַל, פול מיט נייע אַנטפּלע־קונגען און אַרויסשפּרינגונגען. אָט דער טיפּ מענטשן זיינען שוין נישט „געבענטשט" מיט דעם נוצלעכן אינסטינקט דיסציפּלין; זיי פאָלגן שוין נישט שטענדיק דעם צע־קאָ, זיי נייגן שוין אָפּטמאָל אַוועק פון דער „פאַרטיי־ליניע". זיי שאַפן זיך און זייערע באַוועגונגען צרות. זיי צוויב־גען אָפּטמאָל אָנצונעמען נייע ווענדונגען, אָדער מע שליסט זיי אויס צי זיי שליסן זיך אַליין אויס פון די באַוועגונגען. זיי זיינען די „טראָבל־מאַכערס" אויף דער וועלט; זיי שטופּן אַמאָל גאָר אַרויס די „ציילן פון דער געזעלשאַפט" און באַוויזן פאַר דער וועלט אַז „דער קעניג איז גאָר נאַקעט". אָ, זיי זיינען נישט סתם טומלערס און שטע־רערס. זיי זיינען די וואָס ווילן זיך דערשלאָגן צו דעם אמתן קוואַל פון דער אידייען־וועלט. אויב אָט די מענטשן האָבן זיך צו עפּעס דערגרונטעוועט און נאָך שווערער מי צו עפּעס זיך דער־שלאָגן, איז זיי אָט דער אמת טייערער ווי אַלץ. זיינען זיי שטענדיק גרייט פאַרן יקוב הדין את ההר, אַלץ צו באַזייטיקן און לאָזן דעם פרייען אומגעצאַמטן געדאַנק צעשיקן זיינע שטראַלן אומעטום אויף אַלע זייטן. די אמתן צו וועלכע מען האָט זיך אַליין דערראַנגלט באַלויכטן פון פרייען פאַרשערישן געדאַנק.

אויב עס איז נייטיק צו פאַרגלייכן אמתן, צו זוכן דעם צד השווה צווישן דער און יענער טעאָריע, צו סינטעטיזירן באַזונדערע, אַמאָל אויבן־אויפיק סתירהדיקע געדאַנקען, טוט מען דאָס אומדערשראָקן,

פריי און ערלעך. דער טיפֿ מענטשן זיינען די שטענדיקע בויערס און אויסלייגערס פון נייע וועגן, די אמתע רעוואָלוציאָנערן. זיי קומען מיט אַ פּריש, ניי וואָרט צו עצמות יבשות און ס׳ווערט צוריק לעבן און באַוועגונג אין די „טויטע טאָלן.״

צו מיין גליק (און אפשר אומגליק) האָב איך שטענדיק באַלאַנגט צו דעם צווייטן טיפּ מענטש, פון מיין 17־טן יאָר אָן, צייט איך בין אַזוי צו זאָגן צו מיין שכל געקומען און האָבן געגומען זוכן צו פאַרשטיין די וועלט און דאָס לעבן פריי פון וועלכע עס איז פאַראורטיילן, בין איך קיינמאָל נישט געווען קיין זיכערער פּאַסאַזשיר אויף די פּאַרטיי־וועגענער. פון פּאַרטייען האָט מען מיך געוואָרפן און אויסגעשלאָסן — כאָטש איך האָב, שטענדיק געהאַט מיין שטאַנדפּונקט, מיין אידעאָלאָגיע. איך בין גליקלעך אַז איך קען זאָגן: מיין אידעאָלאָגיע האָב איך שטענדיק אָפן און ערלעך געהאַלטן.

עס האָבן פאַרכאַפּט מיין נשמה צוויי עיקר־אידייען: סאָציאַליזם און פּראָגרעסיווער יידישער נאַציאָנאַליזם. ביי זיי בין איך פאַרבליבן. די ממשלות זדון פון אָרעם און רייך, עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג מוז פאַרשווינדן. איך האָב אָבער שוין ביי מיינע 17 יאָר נישט געוואָלט זיך פאַרשקלאַפן צום געדאַנק אַז דער סאָציאַליזם מוז סיי־ווי־סיי קומען, אַז די היסטאָרישע אַנטוויקלונג מוז פירן נאָר צו אים. איידער איך האָב זיך באַקענט מיט דער קריטיק צום מאַרקסיזם, האָט ער עפּעס נישט אַפּעלירט צו מיר. בלויז אינטואיטיוו האָב איך איינגעזען, אַז די אַלע „מאַטעמאַטישע״ היסטאָרישע חשבונות שטימען נישט. איך האָב געפילט, אַז דער מענטש, דער יחיד, איז אויך אַ יש, אַז ער קען אויך צולייגן אַ האַנט צו דעם „ראָד פון דער געשיכטע״ און קען דרייען צום גוטן ציל, אָדער גאָר צום כף־הקל, ווי עס האָט ליידער אַזוי ביטער איצט געטראָפן.

דער סאָציאַליזם האָט מיך לכתחילה באַהערשט צוליב זיין עטישן יסוד. שפּעטער זיינען מיינע יוגנטלעכע האַרץ־אָפּקלאַנגען באַפעסטיקט געוואָרן מיט די נביאישע רייד פון סאָציאַלע קעמפערס און טרוימערס. איך האָב דערזען דעם גרויסן ווערט פון דער הויכער יחידישער פּערזענלעכקייט, פון די וואונדערבאַרע העלדישע מעשים פון מאַרטירערס פאַר פרייהייט. ביזן היינטיקן טאָג איז דער העלדן־עפּאָס פון אַלע קעמפערס פאַר פרייהייט מיין באַליבסטער לייען־מאַטעריאַל. ביזן היינטיקן טאָג בין איך אַ העלדן־פאַרערער. קאַרלײַלס „הירא און הירא ווארשי־

פערס" איז ביז איצט פאַרבליבן פון מיינע באַליבטסטע ביכער. איך גלייב אין דער ווירקנדיקער ראָלע פון דער גרויסער פערזענלעכקייט, פון די וואָס שטייען ביים רודער פון דער געשיכטע. צום אומגליק פון דער וועלט שטייען אָפט ביי דעם וועלט־רודער שרעקלעכע טיראַנען און גרויזאַמע ווילדע כאַנען און כאַמען. ווען וועלן קומען די אמתע גרויסע פירערס, און באַפרייען פון וואַלד־הערשערס און דזשאַנגל־קעניגן?

פון דער צווייטער זייט האָט מיך פאַרכאַפּט אַ שטאַרק נאַציאָנאַל געפיל און טיפע ליבע צו אונדזער פאָלק. אין די יאָרן 1907־1908 איז שוין געווען קלאָר, פאַר די ערלעכע, ניט־דאָגמאַטישע יידישע סאָציאַליסטן, אַז סאָציאַליזם איז נישט קיין סתירה צום באַגער צו באַפרייען אַ פאָלק פון גלות, פון אונטערדריקונג און רדיפות. עס זיינען שוין געווען די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ס. ס., פּוע"צ, סיימיסטן, און די גרעסטע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי. דער „בונד" האָט אויך שוין געאַרבעט דורכצופירן זיין נאַציאָנאַלע פּראָגראַם. איך בין דאָך אַריינגעקומען אויף דער „נייער גאַס" נאָכדעם ווי זשיטלאָווסקי און ליעסין און אַנדערע האָבן דורכגעבראָכן און צעבראָכן די נאַרישע דאָגמע אַז אינטערנאַציאָנאַליזם מיינט דווקא אַנטי־נאַציאָנאַליזם. אין 1908 האָט די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ הויך פּראָקלאַמירט — מיט דער צושטימונג און אָנטייל פון פאָרשטייערס פון דער נייער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אין איראָפּע און אַמעריקע — אַז יידיש איז אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון אונדזער פאָלק. אויך אין פּעטריקאָוו איז דערהערט געוואָרן דער מוטיקער נייער רוף פון פּרצן און זיינע יינגערע תלמידים: אַש, רייזען, נאָמבערג, פּינסקי. עס האָבן זיך דערטראָגן די רייד פון פּרצעס צוגאַנג צום חסידיזם, צו יידישער פאָלקסטימלעכקייט. די גאַס איז טאַקע געווען פול מיט די טרויער־לידער פון רייזענס „קירכן־גלאָקן", און „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן", אָבער אויף אונדזערע צוזאַמענקומען האָבן זיך שוין געלאָזט הערן די באַנייטע קלאַנגען פון די חסידישע ניגונים און פון אויסגעזוכטע שיינע פאָלקסלידער. מען האָט דערזען דעם רייכן שימער פון יידישן פאָלקלאָר און יידישן פאָלקס־אוצר.

עס האָט צו מיר מערסטנס אַפּעלירט דער פּועלי־ציוניסטישער אידעאַל: אויפבויען אַ ניי סאָציאַליסטיש יידיש לעבן אין אונדזער אַלטער היים. אָבער איך האָב אויך פון בונדיזם און פאָלקיזם פאַרשטאַנען אַז יידן זיינען יידן אומעטום, אַז אומעטום וואו מיר וואוינען און ס'איז אונדז באַשערט צו לעבן דאַרפן מיר שאַפן און בויען אַ קרעפטיק געזונט לעבן.

איידער איך האָב נאָך געוואוסט ווי עס צו רופן, האָב איך צוזאַמען מיטן ציוניזם אויפגענומען דאָס וואָס עס האָט געהייסן דער גלות־נאַציאָנאַ־ליזם. איך בין אויך באַלד אין אָנהייב פון מיין אַריינשפּאַציר צו די נייע אידייען און נייע באַגריפן געוואָרן אַ יידישיסט, אַן אָנהענגער פון דעם געדאַנק, אַז די שעפערישע יידישע קולטור און פאָלקס־געניוס דריקט זיך איצט אויס אין דער לעבעדיקער אייגענער יידישער פאָלקסשפּראַך, אין יידיש. כאָטש איך האָב געלעבט מיט דער העברעאישיסטישער און ציוניסטישער אינטעליגענץ פון שטאָט און בין אפילו געוואָרן אַ שטיקל געהילף־לערער אין חדר מתוקן; כאָטש מיינע פּועלי־ציוניסטישע חברים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין העברעאיש־ריידנדיקע קלובן, — האָב איך אויף אַ שפּאַציר־דעבאַטע צווישן מיינע ציוניסטישע חברים און בונדיסטן זיך אָפּגערופן: „איך וועל שוין שטענדיק בלייבן אַ יידישיסט, ווייל איך בין עס שטענדיק געווען, ווייל פון קינדווייז אָן האָב איך מיט מיין מאַמען גערעדט בלויז יידיש.“

עס האָבן באַהערשט אויף שטענדיק מיין נשמה אָט די צוויי גרונט־געפילן: דער גרויסער אַלמענטשלעכער באַפרייאונגס־אידעאַל און אויך אַ שטאַרק יידיש נאַציאָנאַל געפיל זיינען געווען די צוויי גרונט־מאָטיוון, בעסער געזאָגט דער איינציקער גרונט־מאָטיוו, ווייל די צוויי אידייען זיינען ביי מיר קיינמאָל קיין סתירה נישט געווען. האָב איך אַמאָל אַזוי צי אַנדערש פאַרשטאַנען דעם סאָציאַליסטישן אָדער נאַציאָנאַלן אני־מאמין מיינעם, אָבער שטענדיק זיינען דאָס געבליבן די פלאַמען וואָס ברענען אין מיין נשמה. פאַראַן צייטן ווען עס דאַכט זיך, אַז די אַלע חלומות פון פרייען מענטש און באַפרייטן ייד צעפליען און צערינען. פאַראַן צייטן ווען איך מאַך אַ רעוויזיע אין דעם צוגאַנג צו די צוויי אמתן. ווען איך האַלט זיך נאָר ביים גלייכגעוויכט פון מיין באַוואוסטזיניק לעבן, ווען עס געלינגט מיר אפילו אין שווערע ביטערע מינוטן צו פאַרטרייבן די עגבערנדיקע ספקות און די שרעקן פאַרן מאָרגן, האַלט איך זיך פעסט אין די צוויי גרונטזיילן פון מיינע יוגנטלעכע אידעאַלן און פרואוו אויף דעם אָדער יענעם אופן צו העלפן זיך דערנענטערן צו זיי.

## מיינע פיר העלדן

בעת מיין אַריבערגיין אין דער נייער קולטור־ספערע, פון בית־מדרש צו די נייע יידן, האָט זיך געביטן מיין העלדן־פּאַנטעאָן. איך בין באַ־קאַנט געוואָרן מיט דעם לעבן פון אַ גאַנצער ריי גרויסע פּערזענלעכ־

קייטן. איך האָב שטענדיק זייער ליב צו לייענען ביאָגראַפיעס און מיט מײַן אמתן יוגנטלעכן ענטוזיאַזם בין באַגייסטערט געוואָרן פון דעם נשמה־רייכן לעבן פון לערערס און וועגווייזערס פון דער יידישער און פון דער גרויסער וועלט. מײַן יונגע נשמה האָט פּרובירט זיך וואַרעמען אין זייער „הייליקן פייער.״

איינער פון די ליכטיקסטע היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן וואָס האָט פאַרכאַפּט מײַן געמיט איז געווען ברוך ספּינאָזאַ. אין מײַנע בלאָנדזשע־נישן צו וועלן פאַרשטיין די וועלט און די סודות וועגן גאָט און מענטש, האָט מיך פאַרכאַפּט די וואונדערלעכע לערע פון אָט דעם אַמסטערדאַמער דענקער און מאַרטירער. איך האָב אפילו שוין שפּעטער נישט געגנוי באַנומען די גאַנצע קאָמפּליצירטע פילאָסאָפישע און עטישע סיסטעם פון ספּינאָזאַן, מיט זײַנע אַטריבוטן און מאָדוסן פון געטלעכער סוב־סטאַנץ. עס האָט מיך אָבער פאַרכאַפּט ספּינאָזאַס פּרואוו, אַריינצודרינ־גען אין די סודות פון גאָט און וועלט. עס האָט זיכער אויך צו מיר אָפּגע־לירט זײַן פּאַנטעאיזם וואָס איז אַן אָפּצווייג פון יידישן מאָנאָטעאיסטישן באַגריף — מלא כל הארץ כבודו.

דאָס מוסטערדיקע נזירישע און הויך־עטישע לעבן פון דעם אומ־קאָמפּראָמיסלעכן איינזאַמען פילאָסאָף; זײַן קאַמף מיטן קליינלעכן אַרום; דאָס אָפּזאָגן זיך פון יעדן קאָמפּאָרט וואָס האָט געקענט שטערן זײַן דענקעריש לעבן אין דעם שטילן בוידעם־שטיבל; זײַן איגנאָרירן און אויסלאַכן זיך פון חרם און אַנדערע עינוים, וואָס די גאַס און אין דאָס אָרגאַניזירטע יידישן לעבן האָבן אים מזכה געווען, — האָט מיר שטענ־דיק געדינט ווי אַ מוסטער פון אַ גרויסער גייסטיקער העלדישקייט.

אַ צווייטער העלד איז געווען דר. טעאָדאָר הערצל. וועגן הערצלען האָב איך נאָך געהערט פאַר מײַן נתחמץ ווערן, געהערט וועגן אים, אין די שטיבל־און בית־מדרש־טעג נישט קיין צופיל גוטס. פאַרקערט, די רבנים און רעליגיעזע פירערס פון פוילן האָבן דעם פּאָליטישן ציוניזם און דר. הערצלען באַיקאָטירט, מחרים געווען ווי אַ ניי שטיק אפּיקורסות, ווי אַ נײַע שבתי צבי־באַוועגונג. אָבער שפּעטער, איז די פאַרבן־רייכע פּערזענלעכקייט פון דר. הערצלען מיר הייליק געוואָרן. איך בין, ווי אַ סך אונדזעריקע, פון ציוניזם שפּעטער אַוועק. אָבער ביזן הײַנטיקן טאָג לייכט פאַר מיר, ווי פאַר אַלע נאַציאָנאַל־געשטימטע יידן, די שײַן פון אָט דעם גרויסן טרוימער און טרייסט־ברענגער, וואָס איז געקומען פון אַ פרעמדער וועלט, וואו מען האָט געמיינט אַז משיח פאַר יידן איז

שוין געקומען, אַז דער גלות איז שוין פאַרשוואונדן, פון אַ וועלט וואו ס׳האָט זיך געדאַכט אַז דעם יידנס פּנים איז שוין דאָרט אינגאַנצן אויס־געקנייטשט, נישט קיין יידישע צרות דאָרט, ניטאָ קיין יידישע פראַגע. די פאַרפירטע און פאַרבלענדטע מערב־איראָפּעאישע ברידער אונדזערע האָבן זיך איינגערעדט, אַז פאַר זיי וועט שוין שטענדיק שיינען די זון ווי גלייכבאַרעכטיקטע און באַפרייטע. דערפאַר ווילן זיי מער נישט זיין די איינגעבויגענע, דערשראָקענע יידעלעך און טראָגן אויף זיך אונדזער אַלטן הויקער און גלות־פּאַק. מיר זיינען מער נישט קיין געטאָ־יידן, מיר זיינען איבערהויפּט נישט קיין באַזונדערע נאַציאָנאַל־אָפּגעטיילטע עדה פון די פעלקער וואו מיר וואוינען; דייטשן זיינען מיר, פראַנצויזן זיינען מיר, אונגאַרן זיינען מיר — האָב זיי זיך געטראַכט — פון יידישקייט איז זיי נאָר געבליבן דער מאָזאַאישער גלויבן, און אַ רחמנות־געפיל צו די אַנדערע, די באַשטראָפטע „גלויבנס״־ברידער פון די פינצטערע מזרח־איראָפּעאישע לענדער. און די שותפישע רעליגיע האָבן זיי גע־וואָלט פאַרפוצן און אַרומשניידן אַזוי אַז זי זאָל אויסזען ווי די רעליגיע פון די שכנים, שפּראַכלעך, קולטורעל, לעבן־שטייגערלעך. און דווקא פון אָט דער „באַפרייטער״ און „גלייכגעשטאַלטער״ יידישער וועלט איז געקומען דער שטאָלצער, נישט־פאַרקנעכטעטער קעמפער פון יידישער באַפרייאונג. מיט זיין מוטיק וואָרט וועגן אַן אויפגעלעבט יידיש פאָטער־לאַנד אין דעם אַלט־נייעם לאַנד, האָט ער אַריינגעבראַכט האָפענונג און טרייסט און דערמוטיקונג צו די אונטערדריקטע יידישע ישובים פון מזרח־איראָפּע, דאָרט וואו די גרעסטע מאַסן פון אונדזער פאָלק האָבן גע־לעבט און געליטן טאָקע ווי יידן. דער נאָמען פון דעם פון דער פרעמד געקומענעם אויסלייזער האָט בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אין די יידישע גאַסן פון רוסלאַנד, פוילן און רומעניע. זיין וואונדער־שיין געשטאַלט איז אין אַ קורצער צייט געוואָרן אַ לעגענדע און אַ כישוף־וואָרט. גע־פּלאָגטע יידן האָבן זיך אָנגעזויגן מיט האָפענונג און גלויבן און נאָכגע־זונגען זיין מאָטאָ: „ווילט נאָר — און עס איז נישט קיין לעגענדע.״

אין אונדזער אייגענעם נאָענטן יידישן לעבן האָט ביי דער יידישער אינטעליגענץ און ביי אַלע די וואָס זיינען אַוועק פון בית־מדרש, ווי בכלל ביי אויפגעקלערטע מאַסן, אָנגעהויבן צו לייכטן אָדער בעסער געזאָגט צו זינגען דעם ניגון פון יצחק־לייבוש פּרץ. ווען איך בין אַרויס פון בית־מדרש איז שוין פּרצעס נאָמען געווען באַרימט אויף דער נייער יידישער גאַס. פּרץ איז שוין געווען דער אָרעאָל, דער צענטראַלער נערוו פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, דער סימבאָל און דער אָנ־

רעג־כוח פון די אַלע וויכטיקן אויפטוען אויפן געביט פון דער נייער יידישער קולטור־באַוועגונג. ער איז געוואָרן דער וועקער און דער גייס־טיקער כוח פון אַלע אַרויסשטראַלונגען פון דער יידישער קולטור־שאַפונג: פון אַ בעסערן יידישן טעאַטער, פון זאַמלען דאָס יידישע פאָלקס־ליד, פון שאַפן קורסן און פאָלקס־ביבליאָטעקן. שפּעטער איז פּרץ אויך געוואָרן דער הויפּט־גרינדער פון דער נייער יידישער שול אין פּוילן. אַלע האָבן זיך געקלאַמערט אַרום דעם נאָמען פּרץ. ער איז געווען דער הויפּט־פאַררופער פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ.

פּעטריקאָוו איז נישט ווייט פון וואַרשע. צו אונדז זיינען דערגאַנגען די מעשיות און לעגענדעס פון פּרצעס סביבה. אַ צאָל חברים מיינע האָבן פּרצן שוין געזען און געהערט און האָבן מיט חסידישער באַגייס־טערונג דערציילט — ווי פריער די חסידים וועגן זייער רבין, — וועגן פּרצן און זיין ווירקונג. איך האָב צום באַדויערן פּרצן פּערזענלעך נישט געזען. אָבער באַלד ווי איך האָב נאָר גענומען לייענען און פאַרשטיין די יידישע ליטעראַטור, בין איך באַלד געוואָרן אַ פּרציאַנער. מיך האָט פאַרכאַפּט זיין אופן שרייבן, זיין פרישער, זוכנדיקער און נישט־פאַר־ענדיקטער סטיל, זיינע רמזים. שפּעטער ווען איך האָב שוין מער פאַר־שטאַנען, האָב איך אַדאַנק פּרצן באַנומען די בלוטיקע שיינקייט פון יידישן אייביקן לעבן, דערהערט דעם גלגול פון אונדזער ניגון, דעם גלאַנץ פון דער גאָלדענער קייט, די גרויסקייט פון די שטומע נשמות זיינע ביז די טיף־עקזאַלטירטע, אין זיך גריבלענדיקע מקובלים. איך האָב פּרובירט אויסטייטשן די שטים וואָס האָט „דריי מאָל גערופן”, די פיגורן אויפן „אַלטן מאַרק”. דער נאָמען פּרץ איז געבליבן פאַר מיר דער ליכטיקסטער סימבאָל, דער איינפלוסרייכסטער נאָמען און דאָס אייביקע ליכט אין מיין באַוואוסטזיניק יידיש גייסטיקן לעבן. פּרץ איז דערפאַר ביי מיר, ווי ביי אַנדערע, דער גרעסטער העלד.

איך האָב פון דער רוסישער ליטעראַטור כמעט גאָרנישט געלייענט אין אָריגינאַל. אָבער דאָס מערווירדיקע געשטאַלט פון טאָלסטאָי, זיין מאָדנער אויסזען מיט דעם גייסטרייכן סלאַווישן פּנים, מיט לאַנגער ווייסער באָרד און אין דעם פּשוטן פויערשן העמדל — האָט אַרויסגע־רופן ביי מיר אַ טיפן יראת־הכבוד. איך האָב געהערט וועגן זיין לעבן, וועגן זיין קאַמף פאַר אַ ערלעך, רעליגיעז־עטיש לעבן; איך האָב געהערט ווי ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פאַרמעגן, פון זיין אַריסטאָקראַטישן טיטול, ווי ער האָט פאַרברענגט מיטן פּשוטן פאָלק, מיט די פּשוטע אַל־

טיטשקע פויערים און זייערע משפחות; איך האָב זיך דערוואוסט ווי זיין דאָרף יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ איז געוואָרן דער מעקאַ פון דער גאַנצער אינטע־ליגענץ פון דער וועלט, ווי איבער דער גאַנצער וועלט ווערט דער אַל־טער גייסטיקער ריז גערעכנט ווי דער כהן גדול פון דער מענטשהייט. איך בין נאָך קיין צו גרויסער מבין אויף ליטעראַטור נישט געווען — און בין מסתמא היינט אויך נישט. אָבער איך בין פאַרכאַפּט געוואָרן פון די געזונטע שילדערונגען פון אָט דעם באַרימטן שרייבער. ביזן היינ־טיקן טאָג איז טאָלסטאָי ביי מיר פאַררעכנט פאַר דעם גרעסטן מייס־טער אין דער וועלט־ליטעראַטור. ביזן היינטיקן טאָג שיינט פאַר מיר ווי אַן אייביק פייער די טיפע, טראַגיש־קעמפערישע און ליכטיקע פערזענ־לעכקייט פון דעם הייליקן זקן פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, מיט זיינע אייגענע שטענדיקע נשמה־ראַנגלענישן, מיט זיין פּרואוון צו דערגרונטעוועןזיך צום אייביקן קאַמף פון אונדזער קאָנטראַסטן־פולער נשמה, פון קאַמף צווישן אהרימון און אהרימוז, פון „מאַכט פון פינצטערניש" מיט דער אויסגעלייטערטער נאָך תחית־המתימדיקער הימל־מלוכה.

אָט די פיר גייסטיקע ריזן — ספּינאָזאַ, הערצל, פּרץ און טאָלסטאָי, זיינען געוואָרן און פאַרבליבן מיינע ליכטיקע אָנשפּאַר־זיילן וואָס באַ־לויכטן מיר מיין וועג אויף דער וועלט און רופן אַרויס דעם טיפסטן יראת־הכבוד און העלדן־עבודה.

## ליטעראַטור וואָס איך לעב דורך

פון פּרצעס קרייז האָבן מיר דערהערט דאָס וואונדערלעכע אידילישע באַזינגען דאָס יידישע שטעטל מיט זיינע שבתדיקע געסלעך און וואָ־כיקע אונטערגעסלעך, וואָס דער יונגער אָבער שוין פּאָעטיש רייכער שלום אַש האָט געשאַפן. פון אַמעריקע איז צו אונדז דערגאַנגען די לע־גענדאַרע געשטאַלט פון דעם „זינגער פון געטאָ" און „טרערן־מילי־אָנער", פון דעם סוועטשאַפּ־פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד. פון דער העב־רעאישער ליטעראַטור האָט זיך געהערט דער קלוגער אַריסטאָקראַ־טישער קול פון די נייע בני־משה, פון דעם שאַרפן, טיפן דענקער אחד־העם מיט זיין בנעימותדיק וואָרענען: „לא זו הדרך". עס האָבן הויך געקלונגען די מעכטיקע פּאָעטישע געזאַנגען פון דעם גרויסן נאַציאָנאַלן וועקער און מאָנער חיים־נחמן ביאַליק מיט זיין נביאיש שטראָפן און מאָנען ביי די מתי־מדבר און קליינטשיקע יידעלעך פון „שחיטה־שטאָט". די שטראָפרייד פון דיכטער האָבן דערהויבן און עפּעס ווי אויסגעלייזט

אונדזער פון די פּאָגראָמען דערשלאָגענעם און באַליידיקטן יידישן כבוד. מיר האָבן מיטגעלאַכט מיט שלום־עליכמס ליכטיקן, פון דאָקטוירים פאַרשריבענעם פריידיקן געלעכטער, ווען מען קוקט אַריין אין קרומען שפּיגל פון כתרילעווקע און יעהופּעץ. מיר האָבן נאָך געזיפצט אויף די צרות פון מענדעלעס „קליאַטשע" און אַלע זיינע קאַבצאַנסקער יידעלעך.

פון דער גרויסער וועלט־ליטעראַטור האָב איך שוין געהאַט באַ־קאַנט זיך מיט ווערק פון וויליאַם שעקספּיר. איך האָב געוואָלט זיך פאַר־טיפן אין די בייסיקע גריבלערייען פון טראַגישן פּרינץ פון דענעמאַרק און האָב מיטגעליטן מיט די ווילדע פּייניקונגען און שפּיכת־דמים פון דעם ליידנדיקן סוחר פון ווענעדיק, דעם ייד שיילאָק. איך האָב שוין עפּעס אויך געהערט פון דעם גרויסן טיפן גייסט פון ווייַמאַר, פון דעם צו ליכט שטרעבנדיקן גוטע און פון די הערלעך פּאָעטישע געזאַנגען פון גרויסן יידישן דיכטער פון „לאָרעליי" און די „האַרץ־רייזן" היינריך היינע, וואָס איז יאָרן־לאַנג אַ לעבעדיקער געלעגן צוגעשמידט צו זיין טויטנבעט אין גלות פּאַריז. איך האָב דערהערט די שטאָלצע אָדלערישע רייד פון דעם נאָרוועגישן איבסען, מיט זיין אומקאָמפּראָמיסלעכקייט און פאַרן יחיד מאָנענדיקער פרייהייט, מיט פּאַסטאָר בראַנד וואָס וויל אַלץ אָדער גאָרניט, און דר. שטאָקמאַן, דעם „שונא" פון די מענטשן. איך לייען שוין אויך די ווערק פון דעם טשודנעם האַמסון מיט זיינע מערקווירדיקע העלדן און שטימען פון מיסטעריע און ערד־גאָט פּאַן.

פון דער רעוואָלוציאָנערער וועלט האָבן פאַר מיר געשיינט די ליכ־טיקע געשטאַלטן פון די רוסישע פרייהייט־קעמפּערס. פון די דעקאַב־ריסטן און די נאַראָדניקעס. איך בין געווען פאַרכאַפּט פאַר דער שטאַר־קער פּערזענלעכקייט פון גרויסן געלערנטן, דענקער און קעמפער פּרינץ קראָפּאָטקין. פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט מען שוין גע־זונגען וועגן דעם יידישן מאָקאָבעער גריגאָרי גערשוני. איך האָב גע־הערט די לעגענדעס וועגן דעם העלדישן שוסטעריונג הירשקע לעקערט, וואָס זיין רעוואָלוציאָנערער שאָס האָט ווי אַ וועק־גלאָק אָפּגעקלונגען אין אַלע ווינקלען פון דעם גרויסן רוסלאַנד און אָנגעזאָגט אַז די עפּאָכע פון באָנטשע שווייג איז שוין פאַרשוואונדן. איך האָב זיך דערוואוסט פון לעבן פון בער באָראָכאָוו, פון דעם צוריקגעקומענעם וולאַדימיר מעדעם, פון דעם וואונדערלעכן רעדנער לאַסאַל, פון דעם זיידן פון דער סאָצי־אַליסטישער פּאָעזיע ווינטשעווסקי, וואָס רופט „די מאַסן אין די גאַסן" צו קאַמף פאַר פרייהייט און מענטשלעכע רעכט.

ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט דעם נייעם פאַנטעאָן פון די הער־לעכע מייסטערס, קעמפּערס און זינגערס, האָב איך אינגאַנצן אַרויסגע־טריבן פון מיין העלדן־גאַלעריע דעם גערער רבין, דעם אָסטראָווצער עילוי, דעם בעל־שם, דעם רמבם, רשין, הלל און שמאי, ר׳ שמעון בן יוחאי און יוחנן בן זכאי און — משה רבינו? אפשר אין אָנהייב פון מיינע אַפּיקורסישע טעג יאָ. אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט. אָבער וואָס עלטער איך בין געוואָרן, וואָס טיפער איך האָב געוואָרצלט מיין גייס־טיקן לעבן, אַלץ קלאָרער האָב איך איינגעזען, אַז סדנא דארעא חד הוא, אַז די וועלט פון מענטשלעכן גייסט, די וועלט פון מענטשלעכן געדאַנק, די וועלט פון קולטור איז אייביק און איינציק. אַנדערש זיינען נאָר די בגדים, די דרויסנדיקע אויסשטראַלונגען. אָבער דאָס אינעווייניקסטע ליכט וואָס שיינט אין הערצער פון די אַלע „שבת־און יום־טובדיקע" מענטשן איז שטענדיק דאָס זעלביקע. אַזוי האָבן די אַלע פאַרשיידנאַר־טיקע גרויסע פּערזענלעכקייטן פון פאַרשיידענע פעלקער מיין לעבן באַ־לויכטן. הלוואי זאָל זייער ליכט שטענדיק שיינען העל און ליכטיק.

## איך געזעגן זיך מיט מיין געבוירן-שטאָט

און אָט איז שוין געקומען די צייט ווען איך האָב זיך גענומען גרייטן אָוועקצופאָרן קיין אַמעריקע. מיינע ברידער האָבן געשיקט פאַר דער גאַנצער משפחה שיפסקאַרטן און גענוג געלט אויף רייזע־הוצאות. מיר פאַרקויפן אויס דאָס ביסל באַלעבאַטישקייט. ווי יעדע באַלעבאָסטע טוט מיין מאַמען באַנג זיך צו שיידן מיט די פיל ליב געוואָרענע הויז־חפצים. ס׳טוט מיינע עלטערן אויך זייער וויי צו שיידן זיך מיט די שכנים און פריינד פון אונטער דער קאַליע. מע דערמאָנט זיך ווי די געגנט איז אויסגעוואָקסן אונטער די אויגן, ווי פון עטלעכע יידישע משפחות איז געוואָרן אַ פיינער יידישער ישוב. שכנים, פריינד און קרובים קומען אַריין אין הויז און ווילן צוגעבן מוט. מע דערציילט פון די אַמעריקאַנער גליקן. און וואָס האָט דען אַ ייד בכלל צו פאַרלירן אין פאַניעס מדינה? ס׳האָט זיך שוין צעוואַקסן אין פוילן די פינצטערע טעטיקייט פון די נאַראָדאָוצעס מיט זייער באָיקאָט־רופן און מיט פאַרשפּרייטן יידן־האַס. ס׳איז גאָרניטאָ צו פאַרלירן, טרייסט מען מיינע עלטערן. און פאַרן מו־זיניק? פאַר אים וועט זיך ערשט אָנהייבן אַ נייע וועלט!

און איך? ווי האָב איך זיך געפילט אין די לעצטע טעג פון מיין זיין אין פוילן? איך בין טאַקע געווען זייער האָפּערדיק און גליקלעך. פּטור

ווערן, איבערדרייסן וועל איך מיט די אַלע ביטערע טעג פון ראַנגלעניש, קאַמפן און בלאָנדזשעניש. אָט ווער איך שוין אַלט זיבעצן יאָר, בין שוין אַ גאַנצער מענטש. אין אַמעריקע וועל איך אָנהייבן מיין אמתדיק לעבן. איך פאָר אַוועק פון מיין היים־שטאָט, וואו איך האָב אפשר מיינע בעסטע יאָרן פאַרבראַכט, אָבער דאָס זיינען געווען נאָר קינדער־יאָרן, ווען עס האָט זיך מיט מיר געטאָן. איצט וועל איך אַליין טאָן. איך וועל זיין דער קאַפּיטאַן פון מיין לעבן, פון מיין גורל. איצט פאַרשטיי איך, — אַזוי האָט זיך מיר אין מיין יוגנטלעכער נאַאיוויקייט געדאַכט — ווי אַזוי צו קערעווען מיין לעבנסוועג. איך בין שוין מער נישט קיין הילפלאָז בחורל וואָס ווערט באַהערשט פון דרויסנדיקע השפעות, איך בין שוין אַ דערוואַקסענער, אַן ערנסטער באַוואוסטזיניקער מענטש, און ווי אַזעלכער וועל איך לעבן, וועל איך פירן מיין לעבן אין דעם נייעם לאַנד.

חברים זיינען געקומען זיך געזעגענען, אַלע געוואונטשן גליק און פרייד אין קאָלומבוסעס מדינה. מען האָט מיר פאָראויסגעזאָגט אַ העל־שיינענדיקע צוקונפט. אין אַמעריקע וועל איך ערשט — האָט מען מיר מבטיח געווען — אויפטאָן גרויסע זאַכן. דער יידישער ישוב אין אַמע־ריקע דאַרף האָבן, האָט מען מיך דערמוטיקט, אַזעלכע יונגע בחורים ווי איך. איך וועל דאָרטן ווערן אַ גאַנצער טוער, אַ פירער, און איך האָב, אין מיין נאַאיוויקייט, זיך געלאָזט איינריידן די אַלע גאָלדענע גליקן.

עס זיינען געקומען זיך געזעגענען אפילו אַ צאָל חברים פון גערער שטיבל, פון בית־מדרש. אַזוי פיל יאָרן געווען צוזאַמען, אַזוי פיל יאָרן געשפּונען צוזאַמען דאָס ליד פון „אמר רבא" און „אמר אביי". און זיינען מיר דען נישט אויסגעוואַקסן צוזאַמען? חברה האָבן פאַרגעסן דעם איסור נישט צו האָבן צו טאָן מיט מיר, אַסך זיינען געקומען מיך באַ־גלייטן און ווינטשן מזל אין דער נייער היים.

מיין בעסטער אַמאָליקער בית־מדרש־חבר און יורה־דעה־שותף זלמן הורוויץ איז עטלעכע טעג פאַר אונדזער אַוועקפאָרן געקומען צו אונדז אין הויז אַריין זיך מיט מיר געזעגענען. פאַר מיין מאַמען און די שכנות איז דאָס געווען אַן אָנגענומענע איבעררראַשונג. זלמן איז אין די לעצטע יאָרן זייער הויך געשטיגן, ער איז איצט געווען פאַררעכנט פאַר דעם אָנגעזעענסטן בחור אין בית־מדרש. איז ער געקומען צו מיר, דעם אפּיקורס, דעם קאַליע געוואָרענעם, שוין כמעט דייטש געקליידענעם חבר זיינעם ווינטשן אַ גליקלעכן פאָר־געזונט. און ווען איך האָב אים אַהיים באַגלייט און אים געפרעגט, ווי קומט עס, וואָס ער האָט ניט קיין

מורא צו גיין מיט מיר אַזוי אָפן אין גאַס, מע וועט דאָך דערציילן אין דער היים, אין שטיבל, — האָט ער מיר געזאָגט, אַז זיין מוטער אַליין האָט אים געבעטן גיין זיך געזעגענען מיט מיר. די לעצטע ווערטער זיינען געווען אַז ער וועט מיך שטענדיק געדענקען. ער האָט מיט טרערן מיך געבעטן אַז איך זאָל אים צוזאָגן אַז איך וועל בלייבן אַ ייד, און נישט „איבערקערן זיך" ווי אַ סך אַזעלכע ווי איך האָבן געטאָן.

געדענק איך שטענדיק אָט דעם האַרציקן יוגנט־חבר מיינעם, דעם יורש פון אונדזערע גייסטיקע אַריסטאָקראַטישע משפחות פון הונדער־טער יאָרן תורה און לומדות און חסידות. איך ווייס נישט צי מיין חבר זלמן לעבט נאָך איצט, און צי האָט ער אפשר איבער די אַלע שרעקלעכע וועלט־מהומות שוין אַליין זיך נישט „איבערגעקערט". און וואָס הייסט בכלל איצט „איבערקערן זיך ? " ווער ווייס דען וועלכע עס איז די אמתע זייט פון דער מטבע ? נאָר אויב זלמן האָט אין די לעצטע ווערטער פון זיין געזעגענען זיך מיט מיר זיך געשראָקן פאַר מיין געטריישאַפט צום יידישן פאָלק, יידישקייט, האָף איך אַז איך האָב געהאַלטן ערלעך מיין צוזאָג.

וואָס נעענטער עס זיינען געקומען די טעג פון אַרויספאָרן פון דער היים, אַלץ ליבער און איינגעבאַקענער זיינען מיר אַלע בילדער און ערטער פון מיין יוגנט. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע בתי־מדרשים, האָב אָפט געוואָרפן וואַרעם־בענקענדיקע בליקן אויף מיינע שטענדערס און לערן־פּלעצער אין בית־מדרש און אין שטיבל. יעדער ווינקעלע איז דאָך מיר געווען אַזוי איינגעבאַקן. יעדער פּנים, יעדער הויז איז דאָך מיר געווען אַזוי טיף איינגעקריצט אין האַרצן. וועל איך דאָס נאָך אַמאָל זען ? איז מיר אפשר באַשערט צוריקצוקערן זיך אַהיים שוין אַ גרויסער, אַ באַוואוסטער ? הער איך נישט צום לעצטן מאָל אָט די אַלע היימישע קלאַנגען און טענער פון מיין יוגנט ?

איך האָב געהאַט עטלעכע נאַאיוו־באַשטימטע צילן דורכצופירן אין אַמעריקע. ערשטנס, וועל איך אַסך לערנען און זען פון די אַלע אומ־אָרגאַניזירטע, כאַאָטישע ידיעות מיינע פון וועלט און מענטש. זיך שאַפן אַ קלאָר און באַוואוסטזיניק געדאַנקען־גאַנג. איך וועל זיך דאָרט אין נייעם לאַנד גרייטן אין אוניווערסיטעט. אָבער נישט קיין טרוקענער געלערנטער וויל איך זיין. איך וועל זיין אַ טוער, איך וועל זיין אַקטיוו אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס וואָס איך האָב נישט באַ־וויזן אין מיין היימלאַנד וועל איך אויספירן אין אַמעריקע. איך וועל

ווערן אַן אַקטיווער מיטבויער אין דער נייער יידישער קולטור. ס׳איז שוין געווען נאָך טשערנאָוויץ. זשיטלאָווסקי איז דאָך איצט אַקטיוו אין אַמעריקע און שאַפט וויכטיקע יידישע קולטור־פּאָזיציעס אין דעם וואַק־סנדיקן, גרויסן יידישן צענטער. איך פאָר אַהין צו ווערן טעטיק אין זשיטלאָווסקיס „נייע לעבן״־גרופּעס. איך האָב אויך, אין מיין יינגלשער „חוצפּה״ זיך איינגערעדט, אַז איך וועל אין אַמעריקע אַרבעטן. איך, דאָס זיבעצן־יאָריקע גרינע בחורל, וועל זען, מע זאָל אויפבויען אַ ספּע־ציעלן אוניווערסיטעט פאַר די בית־מדרש־בחורים וואָס ווילן זיך אַרויס־רייסן פון די „פינצטערע״ ישיבה־ווענט. איך וועל אָרגאַניזירן אַ פאָנד און ברענגען קיין אַמעריקע אָט די אַלע וואָס ציען זיך צו דער זון פון השכלה און האָבן נישט קיין מעגלעכקייטן, און וואָס בלייבן געפּענטעט און פאַרמשפּט אויף שטענדיק צו וועלקן און שטאַרבן אין אַלטן בית־מדרש.

אַ גאַנצע ריי ראָזעווע פּלענער האָב איך פאַר זיך באַשטימט אויס־צופירן אין מיין נייעם לאַנד! פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע קינדערשע, — איך־צענטערדיקע אילוזיעס זיינען צערונען געוואָרן, אין די ערשטע יאָרן פון מיין אָנשלאָגן זיך אין דעם האַרטן באָדן פון אַמעריקע. ווער בין איך? און וואָס קען אויפטאָן אַ יחיד, ווי קלוג און פעאיק און טאַ־לאַנטירט ער זאָל נישט זיין? און נישט בלויז אַ יחיד, נאָר אפילו אַ גרעסערע צאָל יחידים? וואָס קענען זיי דערגרייכן ווען זיי דאַרפן גיין קעגן אַ שטראָם, קעגן אַנדערע קעגנערישע ווינטן און שווערע שטערנ־דיקע כוואַליעס?

יינגליש און נאַריש זיינען געווען די אַלע קינדערשע איינריידענישן מיינע. אָבער אַזוי האָב איך געחלומט. אָט די אילוזיאָנערע צילן האָב איך פאַרפּאַקט אין מיין פּעקל, בעת במקלי ותרמילי האָב איך זיך גע־לאָזט צוזאַמען מיט מיינע עלטערן פון מיין טיף אין האַרצן איינגעבאַ־קענער היים־שטאָט. איך האָב מיטגענומען די קלאַנגען און די טענער פון אַלע איבערלעבענישן אין דער אַלטער היים. מיך האָט באַגלייט דער ריח פון אונדזערע פעלדער, פון די וועלדער און גערטענער, וואו איך האָב זיך אין די קינדער־יאָרן געשפּילט און געריסן קאַרשן און שפּאַצירט שפּעטער מיט בית־מדרש־בחורים און נאָך שפּעטער מיט די נייע חברים. אין מיינע אויערן האָבן געקלונגען די ניגונים פון דער גמרא, פון בעל־תפילה יום־כיפור ביי נעילה, פון די ברכת כוהנים בעתן דוכענען, פון שלש־סעודות ביים רבינס טיש, און שפּעטער צו פון די אומעטיקע זיפצן

פון קראַנקען אַרבעטער־פּאָעט פאַרן שטאַרבן און די לידער פון מוטיקן רוף צו די באַריקאַדן. איך האָב מיטגענומען אין מיין יינגליש, גאַנץ פול אָנגעשטאָפּט פּעקל די לערעס פון ש״ס ופוסקים און די אידעאָלאָגיעס פון נייערע שפּעטערדיקע רביים.

האָב איך די אַלע פאַר זיך באַשטימטע צילן כאָטש אַביסל דורכגע־פירט? האָב איך בכלל די אַלע ווערטער און אידייען ריכטיק פאַרדייט? האָבן אין מיין יונגן מוח דען נישט געבלאָזן קיין ווילדע זיגזאַגישע ווי־כער־ווינטן, וואָס האָבן מיך, ווי אַלע יונגע בחורים געשלעפּט אין אַקע־גנדיקע ריכטונגען, אַהין און צוריק, און חוזק געמאַכט פון די אַלע קינ־דערשע פלאַפּלערייען? און בין איך דען זיכער, אַז די אַלע זכרונות זיינען טאַקע באַזירט אויף פּינקטלעכע איבערלעבונגען? צי געהערן זיי גאָר אפשר נישט צו די אַזוי־גערופענע טראַמאַטא־פאַלן און אָנגעפּאַקטע לייוונט־זכרונות פון קינדערשן לעבן? און צי איז בכלל נישט צו גאַווהדיק און חוצפּהדיק די אַלע מעשית וועגן יינגלס איבערלעבונגען? ווער האָט דען נישט אַזעלכע מעשיות צו דערציילן? ווער ביזסטו דען און ווער פרעגט דיך וועגן די אַלע מעשיות?

דאָס זיינען טאַקע זייער וואָגיקע פראַגעס. צום באַדויערן האָב איך נישט אויף זיי קיין קלאָרן ענטפער.

# דער וועג קיין קאַנאַדע

מיר, טאַטע־מאַמע און איך, זיינען אַרויסגעפֿאָרן פֿון דער היים, אין זומער 1909. איך האָב שוין געטראָגן קורצע דייטשע קליידער. געלערנט ביים רבין דאָ און פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון עסן טעג, האָט מיר נישט געהאַט קיין שוועריקייטן ביי דער גרענעץ. מיר זיינען געפֿאָרן מיט דער וואַרשע־ווינער באַן ביז סאָסנאָוויץ. ווען די באַן איז פֿאַרביי־געפֿאָרן דאָס שטעטל זאַוויערטשע, וואו איך האָב מיט פֿיר יאָר צוריק געלערנט ביים רבין דאָ און פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון עסן טעג, האָט מיר געגעבן אַ טאָרקע ביים האַרצן. איך האָב ביי דער סטאַנציע אַרויסגע־קוקט דורכן פֿענצטערל פֿון וואַגאָן און געזוכט באַקאַנטע פּנימער.

אין סאָסנאָוויץ האָט געוואוינט מיין מומע, מיין מאַמעס אַ שוועסטער. מיר זיינען דאָרט געווען עטלעכע טעג און דערנאָך אַריבער די גרענעץ. איצט זיינען מיר ווי אַלע אַנדערע עמיגראַנטן שוין געווען אין די הענט פֿון די אַגענטן פֿון דער שיף־קאָמפּאַניע. אויף יענער זייט סאָסנאָוויץ — שוין אין דייטשלאַנד הייסט עס — זיינען מיר תיכּף אָנגעקומען אין קאַטאָוויץ. דאָרט האָט מען אונדז צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע עמיגראַנטן פֿאַרנומען אין אַ גרויסן פֿאַרזאַמל־פּונקט, אַז מין האָטעל אָדער האָטעלן. מיר זיינען שוין נישט געווען פֿריי. מיר האָבן נישט געקענט פֿריי זיך באַוועגן אָדער פֿאַרלאָזן דאָס פּלאַץ. דאָרטן האָבן זיך געפֿונען הונדער־טער עמיגראַנטן פֿון אַלע טיילן פֿון רוסלאַנד. מען האָט געדאַרפֿט דורכ־מאַכן פֿאַרשיידענע אינספּעקציעס פֿון דער דייטשער מאַכט און אויך די באַוואוסטע „עמיגראַנטן־באָד”. אַנדערע עמיגראַנטן האָבן זיך דאָרט שוין געהאַט געוואַלגערט טעג און וואָכן: מסתּמא געהאַט פֿאַרשיידענע צרות און שוועריקייטן. ביי אונדז איז אָבער אַלץ געגאַנגען כּשורה און צו מאָרגנס האָט מען אונדז, ווידער מיט אַנדערע עמיגראַנטן, שוין באַ־פֿרייט און געפֿירט קיין האַמבורג, וואו מיר האָבן געדאַרפֿט אַרויף אויף אַ קליינער שיף וואָס זאָל אונדז פֿירן ביז ליווערפּול, ענגלאַנד.

ווי ביי יעדן משׂכּיל, האָט ביי מיר דייטשלאַנד דעמאָלט אַרויסגערופֿן דעם גרעסטן יראת־הכּבוד. דאָס איז דאָך דאָס גרויסע דייטשלאַנד, דאָס

לאַנד וואו די זון שיינט, דאָס וויגעלע פון יידישער אויפקלערונג. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, ווען דער צוג איז פאַרבייגעפאָרן פאַרביי ציכטיקע דייטשע שטעטלעך און דערפער. איך האָב באַוואונ־דערט אָט די דייטשע גרינדלעכע הויך־קולטורעלע לעבנס־פאָרמען. ספעציעל האָט מיך פאַרכאַפּט, ווען מיר זיינען ביינאַכט פאַרבייגעפאָרן די הויפּטשטאָט בערלין. ס׳אַראַ אונטערשייד פון בערלין ביז פּאָניעס שטעט! פון וואַגאָן־פענצטער האָט די גאַנצע שטאָט אַזוי העל און שימע־רירנדיק געלויכטן. נישט אומזיסט האָט מען אַזוי באַזונגען אָט די שטאָט, וואָס איז ביי יעדן בית־מדרשניק געווען ווי די מעקאַ פון קול־טור און אויפקלערונג. האָט מיר און דער גאַנצער וועלט דעמאָלט גע־קענט איינפאַלן אַז די אָט דער מוסטער פון אַ קולטור־פאָלק וועט 30 יאָר שפּעטער זיך אַרויסגעוויזן נישט ווי דאָס פאָלק פון געטע און בעטהאָווען, נישט דאָס פאָלק פון בעבל און קאַנט, נאָר אַ ווילדער בעס־טיאַלישער מאַניאַק וועט האָבן אַרום זיך די גרויסע מאַסן פון דעם אַזוי־גערופענעם הויך־קולטורעלן, אָבער ערגעץ טיף אכזריש־באַרבאַרישן דייטשן פאָלק. אַסך מאָל טראַכט איך: זיינען טאַקע בלויז די ליכט און שיינען אויפן בערלינער וואָקזאַל צו מיין 17־טן יאָר געווען די איינציקע אין מיין דערוואַקסענעם לעבן? איז דען מיר נישט אויסגעקומען שפּע־טער פאַרבלענדט צו ווערן פון נאָך אַזעלכע פאַלשע פייערן?

צומאָרגנס זיינען מיר אָנגעקומען קיין האַמבורג און מען האָט אונדז, דאָס הייסט די אַלע עמיגראַנטן, געפירט צום פּאָרט און באַזעצט אויף אַ שיף וואָס האָט שוין געוואַרט אויף אונדז און וואָס האָט אונדז געדאַרפט פירן קיין ליווערפּול. די עטלעכע שעה ביז די שיף איז אָפּגעפאָרן, האָב איך אַ ביסל געוואַנדערט אַרום דעם האַפן. איך האָב באַוואונדערט די גרויסע שיפן וואָס מען האָט אָנגעלאָדן און צוגעגרייט אַוועקצופאָרן. דאָס אַלץ האָט אויף מיר געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. ס׳האָט אַלץ געשטימט מיט מיינע יינגלשע חלומות וועגן דער וועלט. די וועלט איז גרויס און ברייט און אָפן, מע דאַרף נאָר זיין וואַך צו דעם אַלעם. ווי פריי אַלץ איז, ווי אַנדערש פון דעם ענגן פּלאַץ דאָרט אין גערער שטיבל! איך וועל אויך זיין אַ פרייער, ניט־געצאַמטער בירגער פון אָט דער גרויסער וועלט!

פאַרנאַכט איז די קליינע שיף אָפּגעגאַנגען פון האַמבורג. אַ גרופּע יונגעלייט, בחורים און מיידלעך, צווישן זיי אַן אָדעסער חברה־מאַן, אַ פּריילעכער יונגאַטש, אַ זינגער מיט אַ באַלאַלייקע, האָט זיך פאַרקליבן

ערגעץ דאָרט אויף אַ בריקל לעבן קאַפּיטאַנס בודקע און ביז שפּעט אין אָוונט געזונגען האַרציקע יידישע און רוסישע לידער. כ׳בין אויך צוגע־שטאַנען צו זיי. כאָטש קיין סך לידער זייערע, ספּעציעל די רוסישע, האָב איך נישט געקענט מיטזינגען. פאַרנאַכט ווען די זון האָט זיך געזעצט, האָט דער אָדעסער פאַרזינגער זיך צעלאָזט אין „סאָלנצע וסכאָדיט אי זאַכאָדיט״ *). און ס׳האָט זיך געפילט אַז ביי יעדן אין האַרצן פאַרגנבבענען זיך געפילן פון בענקשאַפט צו דער פאַרלאָזענער היים, די איבערגעבלי־בענע פריינד און אַ געפיל פון שרעק פאַר דעם נייעם לאַנד. אויך איך האָב צוזאַמען מיט די לעצטע שטראַלן פון דער זון געוואָרפן לעצטע בענקענדיקע בליקן אויף מיין אַלטער היים. וואָס ווייטער די שיף האָט זיך געררוקט פון ברעג, אַלץ גרעסער איז געוואָקסן מיין יונג־בחורשע אומרו און מורא.

צומאָרגנס, ס׳איז געווען דאַכט זיך אַ פרייטיק, זיינען מיר אָנגעקו־מען קיין האַל, ענגלאַנד, מען האָט אונדז תיכף באַזעצט ווידער אויף אַ באַן און געפירט קיין ליווערפּול, וואו מיר האָבן געדאַרפט אַרויף אויף דער אמתער שיף קיין קאַנאַדע.

אין ליווערפּול האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן אַ וואָך אויף דער שיף. מיר זיינען צוזאַמען מיט אַנדערע עמיגראַנטן איינגעשטאַנען, אויפן חשבון פון דער שיף־אַגענטור, אין אַ ספּעציעלן עמיגראַנטן־האָטעל. אָבער ווי אַנדערש דאָ איז אַלץ געווען פון דייטשלאַנד! אַזוי פריי, אַזוי נישט מושטירט. מיר האָבן דאָ געקענט זיך פריי באַוועגן. אין האָטעל איז אויך אַלץ געווען אָנגענעם און פריי. איך האָב גאַנצענע טעג שפּאַ־צירט אין שטאָט און אַריינגעזאַפּט אין זיך נייע אָנגענעמע סצענעס און בילדער. איך האָב שפּאַצירט לעבן פּאָרט, באַוואונדערט די מאוימדיק גרויסע פערד און וועגענער. איינמאָל האָב איך גאָר אַרומגעבלאָנדזשעט אַ גאַנצן טאָג, אָנגעטראָפן צום וואָקזאַל. דאָרט איז גאָר געווען אַ גרויס געדראַנג. פּלוצעם האָט מען אַרומגעצוימט די גאַס און קיינעם נישט געלאָזט אַריין און אַרויס. כ׳קען קוים פאַרשטיין וואָס ס׳האָט פּאַסירט. נאָכדעם האָב איך אויסגעפונען, אַז דער ענגלישער מלך מיט דער מלכה, זיינען דורכגעפאָרן. האָב איך שוין געזען דעם ענגלישן מלך אויך.

אין אָוונט האָב איך זיך נאָכגעפרעגט אויף דער ציוניסטישער שטאָט־ביבליאָטעק. איך האָב זיך דאָרט צוגעכאַפּט ווי אַ דאָרשטיקער אין מדבר

---

*) די זון גייט אויף און פאַרגייט.

צו אַ לאָגל וואַסער. יעדע זאַך האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַזוי וויכ־טיק און ליכטיק. אין ביבליאָטעק האָב איך זיך גאַנץ אָפּט פאַרשמועסט מיט לייענערס. עטלעכע יונגעלייט האָבן זיך פאַר מיר אָנגעגעבן פאַר פועלי־ציוניסטן. הייסט עס דאָך אַז איך געפין זיך צווישן אייגענע. מסתמא וועל איך אין אַמעריקע אויך זיך געפינען צווישן חברים, צווישן אייגענע.

נאָך אַ וואָך פון אַרומגיין און באַוואונדערן, ווי פּרצעס מענדל ברייַ־נעס, אַלע נסים און חדושים פון ענגלאַנד, האָבן מיר זיך אַרויפגעזעצט אויף דער פּרעכטיקער ענגלישער שיף 'וויקטאָריאַ' און זיך גענומען גליטשן קיין אַמעריקע, קיין קאַנאַדע.

קיין סך יידישע עמיגראַנטן האָבן זיך גראָד אויף דער שיף נישט גע־פונען. מיר זיינען געווען פּאַסאַזשירן פון דריטן קלאַס. די מאַמע האָט באַלד ווי מיר האָבן זיך באַזעצט אויפן שיף באַמערקט אַן עלנט שיין מיידל וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט זייער פאַרלאָרן. די מאַמע האָט זי גלייך מקרב געווען און זי איז אויפן גאַנצן וועג געווען נאָר מיט אונדזער משפּחה. שפּעטער איז זי טאַקע געוואָרן אונדזערע אַן אייגענע. ווען מיין עלטערער ברודער, וואָס איז געקומען קיין קוויבעק, קאַנאַדע, אונדז אַראָפּנעמען פון שיף, האָט זי דערזען און באַמערקט ווי מיר זיינען גע־ווען אַזוי נאָענט מיט איר, האָט ער מסתמא זיך געטראַכט: אויב דאָס פרעמדע מיידל, אַ ליטוועטשקע אפילו, געפעלט זיין מאַמען — געפעלט זי מיר אויך. זיי האָבן טאַקע אַ פּאָר חדשים שפּעטער חתונה געהאַט.

דעם ערשטן טאָג, ווען די שיף האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון ליי־ווערפּול האַפן איז אַלץ געווען פיין און פּרעכטיק. פאַר די יידישע עמי־גראַנטן האָט מען געגעבן ספּעציעלע כשרע שפּייזן. די באַהאַנדלונג פון עמיגראַנטן אויף די ענגלישע שיפן איז ווי באַוואוסט געווען זייער מענטשלעך און ווערדיק. אין אָוונט האָבן זיך אַלע עמיגראַנטן, יידן און גוים, פאַרקליבן אויפן דעק און געזונגען און געטאַנצט. מיר האָבן זיך באַפריינדט מיט פאַרשיידענע עמיגראַנטן־פאַמיליעס, געזעסן ביז שפּעט און זיך גערעדט פון היימישע גליקן און אַמעריקאַנער דערוואַרטונגען. איך בין אין אָוונט געזעסן, לעבן פאַרענטש פון שיף אַליין, פאַרבענקט, און געטראַכט, געחלומט און געהאַפּט.

די נאַכט איז שוין געווען אַ קלאָגעדיקע. אויפן צווישנדעק, צווישן אונדזערע קאַיוטעס, איז געווען זייער ביטער. דער גאַנצער עולם איז קראַנק געוואָרן אויף דער ים־קראַנקייט. ס'איז געווען אַן אמתער חורבן.

חברה זיינען געלעגן אין די בעטן, געקרענקט און געבראָכן. מען האָט אָפּגעגעבן דער שיף־קאָמפּאַניע אירע אַלע כשרע מאכלים. צומאָרגנס אין דער פרי איז קיינער כמעט נישט אויפגעשטאַנען פון בעט. מיין מו־טער, אויך דאָס פרעמדע ליטווישע מיידל וואָס איז שוין געווען ווי פון אונדזער פאַמיליע, זיינען געווען גאָר קראַנק. מיין טאַטע וואָס איז שוין פריער געפאָרן אויף שיפן איז שנעלער געזונט געוואָרן. איך האָב דאַכט זיך כמעט גאָרנישט געליטן פון דער פאַסקודנער ים־קראַנקייט. זיינען מיר, איך און מיין טאַטע, אַרומגעגאַנגען פון קאַיוטע צו קאַיוטע און פּרובירט פאַרלייכטערן דעם עולם דעם ביטערן טעם פון ים־קראַנקייט. אויף דער שיף האָב איך טאַקע אויך אָנגעהויבן ווידער צו ריידן מיטן טאַטן נאָך צוויי יאָר ברוגז, נאָך יענעם פּאַטש וואָס ער האָט מיר געגעבן.

אויף דער שיף האָב איך זיך אויך אויף אַ מאָדנעם אופן באַפריינדט מיט אַן ענגלישן שיף־באַדינער. קיין ענגליש האָב איך כמעט גאָרנישט געקענט, חוץ אַ ביסל פאַלש אַרויסגערעדטע ווערטער וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט פון נייִמאַנאַוויטשעס מעטאָדע. נאָך דער ערשטער נאַכט, ווען כמעט דער גאַנצער יידישער עולם איז אַזוי אָוועקגעפאַלן אויפן שיף, האָט דער דאָזיקער סטואַרד פון אונדזער עמיגראַנטן־אָפּטיילונג גע־בראַכט פאַרן עולם פּאָמעראַנצן און פאַרשיידענע רפואות. איך האָב זייער געדאַנקט אויף שטום־לשון און ער האָט מיר אויך פריינדלעך אָפּגעענט־פערט אויף שטום־לשון. און מיר האָבן אַזוי 'גערעדט', ביז ער האָט גע־זאָגט אַז ער איז אַ סאָציאַליסט, און ער האָט מיר דערמאָנט נעמען פון באַוואוסטע סאָציאַליסטישע פּערזענלעכקייטן: קאַרל מאַרקס, לאַסאַל, קראָפּאָטקין. איך האָב אויך צו אים גערעדט לויט דעם צייכן־לשון און דערמאָנט די נעמען פון אַנדערע גדולים, טאָלסטאָי, ליבקנעכט, זאָלאַ. אַזו האָבן מיר גערעדט דעם גאַנצן וועג. ער האָט מיר אויך געוויזן די ביכער אין ענגליש פון די אַלע דערמאָנטע פּערזענלעכקייטן. ער האָט מיך אַרומגעפירט איבערן שיף, און באַוויזן די מעכאַניזמען. פאַר מיר איז אַלץ געווען ניי, איינדרוקספול. דער 'שטומער' פריינד מיינער האָט דעם גאַנצן וועג מיר אַרויסגעוויזן די אמתע ענגלישע 'ספּאָרטמענשיפּ' מיט גוטע געשמאַקע מאכלים און פירות פון די ערשטע קלאַסן. פאַר־נאַכט פלעגט ער אַראָפּקומען אין אונדזער אָפּטיילונג און ברענגען פולע קופּעס פּאָמעראַנצן און אַנדערע געשמאַקע פרוכטן פאַר אַלע פּאַסאַזשירן פון אונדזער דעק.

די ערשטע טעג אויפן וועג, ווען דער יידישער עולם איז געלעגן קראַנק אויף די נאַרעס, האָט מען שוין קיין ספּעציעלן כשרן טיש פאַר

קיין יידן נישט געמאַכט. מען האָט די געזינטערע דערלאַנגט קעסטלעך קאָנסערוון און כשרע פלייש. מיך האָט מיין ענגלישער פריינד גענומען צום טיש פון צווייטן קלאַס. און מאָדנע: עפּעס אַזוי אומבאַמערקט, מיר־נישט־דיר־נישט, הער איך אויף מדקדק צו זיין אויף כשרות, עס בשר טריף מיט אַלע גויים און — גאָרנישט. עס האָט ביי מיר נישט אַרויסגערופן קיין גרויסע דראַמאַטישע איבערלעבונגען. אַט ערשט דאָך געווען אַזוי פרום, אַזוי אָפּגעהיט, און איצט — האָב איך זיך אַזוי רואיק אַראָפּגעשלונגען די אַלע גויאישע מאַכלים. אַט דער מאָדנער שטריך צו קענען אַזוי דראַסטיש און אינגאַנצן אַוועקגיין פון פריערדיקן לעבן און רגילותן איז געבליבן אין כאַראַקטער אויך שפּעטער. איך לעב אַסך מאָל איבער קאָנפליקטן און אינעווייניקסטע דראַמאַטישע קאַמפן, איידער איך קום צו אַ געוויסן באַשלוס. אָבער געקומען צו אַן אויספיר, דערזען דאָס נייע ליכט, פאַרלאָז איך דאָס אַלטע מיט דרייסטקייט, אָן וואַקלעניש. אדרבא, אַסך מאָל ווערט מיר דאָס פריערדיקע לעבן, די פריערדיקע אָנשויאונגען און רביים, אין וועלכע איך אַנטויש זיך אָדער באַשטים צו פאַרלאָזן, אַזוי דערווידער אַז עס בענקט זיך קיינמאָל מער נישט נאָך זיי. און אַזוי איז ביי מיר אויך מיט מענטשן מיט וועלכע איך צעשייד זיך. איך בין פריי פון די פאַרשיידענע סענטימענטאַלעכצן. אויב ס'טויג נישט, איז אַרויסגעריסן פון האַרצן און פּטור אַן עסק.

די לעצטע טעג אויף דער שיף (מיר זיינען דאַכט זיך געפאָרן אויף דער וויקטאָריאַ זיבן טעג) האָב איך און מיין מאַמע געכאַפּט אַ פאַרקילונג אויף די אויגן. מיט מיינע אויגן איז געווען גאָר שלעכט, עס האָט פון זיי גערונען מאַטעריע ווי פון אַ קוואַל. צום סוף האָבן זיי זיך גאָר אינגאַנצן פאַרמאַכט און ס'איז מיר געווען זייער „פינצטער.״

ווען די שיף איז אָנגעקומען אין קוויבעקער פּאָרט, האָט מען מיך און מיין מאַמען פאַרהאַלטן. מען האָט אונדז געוואָלט צוריקשיקן. נאָך לאַנגע שתדלנותן און אַריינמישעכצן פון אַדוואָקאַטן און האַיאַס (ס'האָט אויך געקאָסט אַ היפּש ביסל געלט) האָט מען אונדז אַריינגענומען אין אַ שפּיטאָל און גענומען היילן די אויגן.

וואָס פאַר אַ נאַאיווער גרינער בחור איך בין געווען ווייזט דער פאַקט, אַז איך האָב פאַרגעלייגט מיין ברודער, אַז ער זאָל זאָגן די קאַנאַדער אַז איך בין אַן אַנטלאָפענער רוסישער רעוואָלוציאָנער און מיך טאָר מען קיין רוסלאַנד נישט צוריקשיקן, מען מוז מיך אַריינלאָזן אין דער פרייער קאַנאַדע. עפּעס האָט דעמאָלט געקאָכט מיט אַ באַוואוסטן

רוסישן רעוואָלוציאָנער וואָס די קאַנאַדער רעגירונג האָט אים נישט גע־וואָלט אַרויסגעבן צו רוסלאַנד. האָב איך, אַ זיבעצן־יאָריקער תּמעוואַטער יאָלד, געוואָלט איינריידן די קאַנאַדער רעגירונג אַז מיך טאָר מען אויך קיין רוסלאַנד נישט צוריקשיקן.

אין שפּיטאָל בין איך געלעגן צוויי וואָכן. מיינע אויגן האָבן זיך גוט אויסגעהיילט. און אָט קומען מיינע ברידער נאָך אונדז קיין קוויבעק און באַלד לאָזן מיר זיך, די גאַנצע משפּחה הייסט עס, גליקלעכע קיין מאָנטרעאָל. דאָרט האָבן שוין מיינע ברידער פאַר אונדז אויסגעשטאַט אַ היים מיט מעבל און באַלעבאַטישקייט.

אין די ניין־טעג פון יאָר 1909, טאַקע אין דער זעלביקער וואָך פון מיין ווערן 17 יאָר, קום איך אָן אין מיין נייער היים. נאָך יאָרן פון אַ שיין, אינהאַלטריך, גייסטיק לעבן אין דער אַלטער וועלט, נעם איך פלאַנצן אַ נייע פאַר זיך אויף דער פרייער אַמעריקאַנער ערד.

זיינען מיינע שפּעטערדיקע יאָרן געווען שענער, גייסטרייכער, טיפער ווי די יוגנטלעכע יאָרן פון מיין באַוואוסטזיניק לעבן אין פּיעטריקאָוו? אַמאָל האָט זיך מיר געדאַכט אַז יאָ. איצט אָבער, ווען איך האָב שוין אַזוי צו זאָגן „אָפּגעשוואומען אין די וואַסערן״ פון דער יידישער אַמע־ריקע איבער 30 יאָר און טאַקע דורכגעמאַכט פאַרשיידענע שטורעמס און שיף־ברוכן, דאַכט זיך מיר — אַז נישט. אַז ס'איז אפשר בככל נישט מעגלעך צו געניסן פון לעבן אַזוי ווי אין די ערשטע יאָרן פון יוגנטלעכ־קייט, ספּעציעל ווען מען האָט זיי פאַרבראַכט אַזוי גייסטרייך אין די ווענט פון בית־מדרש און געהערט די פּרעכטיקע ניגונים פון היים, יוגנט און חסידות.

## איך וויל ווערן אַן אַרבעטער

ווי אַלע גרינע, האָב איך די ערשטע טעג אין מאָנטרעאָל דורכגע־לעבט געמישטע און סתירהדיקע געפילן. פון איין זייט האָב איך זיך געפרייט מיט דער נייער היים מיינער. אינסטינקטיוו האָב איך דערשפּירט די גאַנצע פרישקייט, פרייקייט און אומבאַגרענעצטקייט פון דער אַמע־ריקאַנער ערד, וואו אַזוי פיל יידן, אַנטלאָפענע פון די פאַרשיידענע עמלק־און נויט־לענדער פון אייראָפּע, האָבן דאָ פריי אָפּגעאָטעמט און אַן שטע־רונגען גענומען זיך פאַראַנקערן אין דעם נייעם באָדן. פון דער צווייטער האָב איך, גענומען שפּירן אין זיך און אויף זיך די אַלע צרות פון פרעמד־קייט, די אַלע ליידן פון היים־בענקשאַפט און שרעק פאַר דעם נייעם און אומבאַקאַנטן.

מיינע פריינדלעכע ברידער האָבן פאַר מיר געפּרואווט שאַפן די אַנגענעמסטע און וואַרעמסטע סביבה. קודם האָבן זיי מיך באַקליידט לויט דער דעמאָלטדיקער מאָדע. און מאָדנע איז מיר אויסגעקומען ווען כ'האָב געדאַרפט תיכף זיך צעשיידן מיט מיין נייער 'דייטשער' אויס־שטאַטונג, וואָס איך האָב געקויפט בעת איך בין אַרויסגעפאָרן פון דער היים. איך האָב געמיינט, אַז זיי זיינען גאָר מי יודע ריכטיק מאָדיש, ווי עס פאַסט פאַר אַן אמתן פאַצעט, און דאָ האָב איך דעם גאַנצן גאַרניטור און נייסטע קאָמאַשן געמוזט אַוועקוואַרפן און ווי ס'האָט דאַן געהייסן, „פּטור ווערן פון גרינעם". זיי האָבן מיך אויך פאַרגעשטעלט פאַר זייע־רע מאָנטרעאָלער חברים, היימישע בונדיסטן, וואָס זיינען געווען גאַנצע קנאַקערס אין דער יוניאָן. אויף דער 'פּאַרטי' וואָס מען האָט געמאַכט פאַר די גרינע האָט מען שוין צוזאַמען מיט די היימישע רעוואָלוציאָנערע לידער אויך געזונגען די דעמאָלטדיקע פּאָפּולערע יידישע טעאַטער־לידלעך און קופּלעטן.

די ברידער האָבן יעדן איינעם דערציילט מיין יחוס, מיט מיין היי־מישער עילויאישקייט, און ווי איך האָב פריער מיט מיין אויטאָריטעט אין דער היים זיי גערודפט פאַר זייער גויאישקייט, און איצט בין איך גאָר אַליין געוואָרן אַן אפּיקורס און אַ 'דייטש'. איך בין ביי דער יונגער עמיגראַנטישער חברה דורכדעם געוואָרן זייער חשוב. מען האָט מיר פאָראויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט אין אַמעריקע, אַלע האָבן געזאָגט, אַז קודם דאַרף איך זיך לערנען, צוגרייטן און „דורכמאַכן קאַלעדזש" און דערנאָך — איז אַמעריקע מיינע.

איך האָב פון די אַלע צוקונפט־חלומות אין דער שטיל זיך אויס־געלאַכט, ווייל אינעווייניק אין האַרצן האָב איך זיך געקלאַמערט אַן די הויפּט־כוונות פון מיין קומען קיין אַמעריקע. ערשטנס ווערן אַן אַרבע־טער, אַליין פּראָלעטאַריזירן זיך (מיר האָבן שוין גענוג „אינטעליגענט־לעך!), צווייטנס ווערן אַקטיוו אין דער פרייער יידישער אַרבעטער־באַ־וועגונג, דריטנס — צושטיין צו זשיטלאָווסקיס קאַמף פאַר יידישער קול־טור און פאַרן יידישיזם, און פערטנס — דאָס איז געווען מיין הייסטער, פאַרשטייט זיך זייער נאַאיוו־חוצפּהדיקער יוגנטלעכער חלום — באַקע־נען די יידישע אַמעריקע מיט די ליידן און מיט דער טראַגעדיע פון די בית־מדרשניקעס וואָס רייסן זיך צו דער גרויסער וועלט און קענען ניט. ס'האָט זיך געוואָלט נישט מער און נישט ווייניקער ווי שאַפן אַן אוני־ווערסיטעט פאַר די יידישע יונגעלייט וואָס ציען זיך צו ליכט, און נישט

בלויז דאָס — נאָר טאַקע שאַפן אויך אַ פאָלקס־פאָנד זיי אַהערצוברענגען קיין אַמעריקע. אָט די אַלע „קלייניקייטן" האָט זיך מיר, עפּעס אַ שעמעדעוודיקן גרינעם פאַרחלומטן בחורל, פאַרגלוסט אויפצוטאָן אין אַמעריקע. איך בין אָבער געווען שוין גענוג קלוג קיינעם נישט צו דערוועגן זיך צו דערציילן די אַלע "אויפגאַבן" מיינע. כ'וואָלט מסתמא גוט אויסגעלאַכט געוואָרן פון די שוין פיפיקע „געלע", פּונקט ווי איך און דאָס לעבן מיינס אין דער האַרטער אַמעריקע האָבן שפּעטער זיך אויסגעלאַכט פון די דאָזיקע און אַנדערע געוואַגטע יוגנט־איינרייִדענישן...

אין זאַך האָב איך באַשטימט ביי זיך און זיך נישט געלאָזט בייגן: איך מוז ווערן אַן אַרבעטער. איך מוז אָנהייבן צו לעבן פון זעת אַפּי, איך מוז ווערן אַ פּראָדוקטיווער שאַפער. צווישן אַלע אַנדערע זשיטלאָווסקישע רופן צו דער יידישער אינטעליגענץ האָט מיך אויך זייער גענומען זיין געשריי אויפצוהערן צו זיין בלויז די קאָפּמענטשן צווישן פעלקער וואו מיר וואוינען. מיר טאָרן נישט זיין ווי פּרצעס קאַרליקעס (אין די „דריי חופּות") מיט גרויסע קעפּ און קליינע גאָרנישטדיקע גופים. דערפאַר קענען מיר נישט, ווי יענע קאַרליקעס, געניסן פון דעם גוטס פון דער וועלט. מיר טאָרן נישט זיין, ווי זשיטלאָווסקי האָט דעמאָלט געטענהט, די פּאַראַזיטן אויפן קערפּער פון די לענדער וואו מיר וואוינען. מער אַרבעטער, מער פיזישע אַרבעטער, און פּויערים דאַרפן מיר האָבן. און דאָס איז ביי מיר נישט געווען בלויז אַ טעאָרעטישער אויספיר, צו דרשנען פאַר יענעם, נאָר טאַקע אַליין מיט זיך און אויף זיך עס נעמען דורכפירן. איך האָב מיין גאַנץ לעבן געפּרואווט צו זיין נישט בלויז דער נאה דורש נאָר טאַקע אויך דער מקיים. דער פּראַקטישער טוער. אַ סך מאָל האָבן טאַקע אַזעלכע פיינע בעל־דרשנס מיך און נאָך אַזעלכע „יאָלדן" ווי מיך גאַנץ פיין אויסגענוצט . . .

צוליב אָט דער פּראָלעטאַרישער אידייע־פיקס האָב איך שאַרף פאַרוואָרפן מיינע ברידערס פאָרשלאַגן צו נעמען זיך ערנסט לערנען און אָנקומען אין קאָלעדזש. זיי האָבן גענוג פאַרדינט מיך אויסצוהאַלטן. האָב איך איצט חרטה? מסתמא יאָ, ספּעציעל אין שווערע טעג ווען עס דאַכט זיך אַז איך און נאָך אַזעלכע כלל־פאַרזאָרגערס האָבן דאָ געזייט אויף שטיינערנעם באָדן . . . פיל מאָל פרעגט זיך טאַקע צי עס האָבן זיך געלוינט די קרבנות? פּונקט אַזוי ווי איך און נאָך אַנדערע פרעגן איצט אָפּ, צווישן אַלע אַנדערע זשיטלאָווסקישע אני־מאמינס, אויך דעם געדאַנק, צי איז טאַקע אַזאַ אומגליק וואָס מיר האָבן צופיל אינטעליגענטן.

און צי איז טאַקע דער אינטעליגענט, דער קאָמפּאָנענטש און אפילו דער סוחר ר״ל אַזאַ פּאַראַזיט אויף די פעלקער, צי פאַרדינט ער נישט כשר, זייער כשר לויט אַלע שולחן־ערוכס, זיין שטיקל ברויט. די מעשה מיטן פּאַראַזיטיזם איז אַ פּשוטער בלבול. יידן, פונקט ווי אַלע פעלקער, זיינען נאַטירלעך פאַרטראָטן, אויב מען לאָזט זיי נאָר, אין אַלע פּרנסה־קוואַלן פון לאַנד. און אויב ס׳איז נייטיק, שטעלן זיי אויך צו געזונטע שטאַרקע פּלייצעס צו דעם פיזישן אויפבוי פון אַ לאַנד, און דאָס קומט נישט בלויז פון די פּראָסטע ערדישע בעלי־גופישע מענטשן, נאָר אויך גראָד פון דער אינטעליגענץ, ווי למשל אין ארץ ישראל וואו גראָד די סטודענטישע און געלערנט יידישע יוגנט איז געווען דער וואָגיקסטער כוח אין דער חלוצים־באַוועגונג און דער גרויסער העלדישער אַרבעט פון בויען וועגן און גראָבן ברינעמער.

צווישן די אַלע רעוויזיעס וואָס מיר מוזן מאַכן בנוגע אונדזערע פריערדיקע אָפּשאַצונגען און צוגאַנגען, מוזן מיר אויך איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּראָקלאַמירן פאַר דער וועלט: מיר שעמען זיך גאָרנישט מיט אונדזער גרויסשטאָטישן, אינטעליגענטישן לעבנספּיר; מיר האָבן אור־מעטום, אין אַלע לענדער סיי מיט אונדזערע הענט, און אפשר טאַקע סיי ספּעציעל מיט אונדזערע קעפּ און שכל און טויזנטער־יאָריקער קולטור־דערפאַרונג, בייגעטראָגן זייער אַ סך פאַרן אויפבוי פון די לענדער. ניט קיין פּאַראַזיטן אויפן פרעמדן קערפּער פון די לענדער וואו מיר וואוינען זיינען מיר, נאָר שאַפנדיקער כוח וואָס האָט גענוג בייגעשטייערט טאַקע מיט די איינשטיינס און פרוידס, און בלומס, און ערלעכס און בראַנדייסעס און עלמאַנס, און די אַלע באַוואוסטע און אומבאַוואוסטע גייסטיקע רייכטימער וואָס מיר טראָגן צו צו יעדן לאַנד...

און ווער האָט דאָס געפּסקנט אַז אַ קליינטשיקער, פּאַרהאָרעוועטער ״קענדי־סטאָר״־קרעמער און שפּייזקרעמער איז נישט קיין כשרער פיזי־שער אַרבעטער? דערפילט ער דען נישט זייער אַ וויכטיקע פּאַרמיט־לונגס־פונקציע אין דעם לאַנדס באַלעבאַטישקייט? און האָבן דען נישט, צו אונדזער גרויסן אומגליק, די איצטיקע יידישע חורבנות ווידער באַ־וויזן אַז דער ייד מוז, — כדי ער זאָל קענען שנעלער אַנטלויפן פון די נייע מצרים־לענדער, כדי ער זאָל האָבן כאָטש מיט וואָס, דעם סאַמע נייטיקסטן צו אַנטלויפן — מוז ער באַזיצן מטלטלין און שווה־כסף־ווערטן. האָט דען נישט די איצטיקע מדבר־צייט ווידער באַוויזן, אַזוי ווי פריער אין מיטלעלטער, אַזוי ווי פריער אין מצרים אַז אפילו ראָטשילד

קען נאָר אַנטלויפן פון אַ לאַנד מיט דעם וואָס ער קען מיטנעמען אין האַנט, אין פעקל.

טאָ לאָמיר כאָטש אַראָפּוואַרפן אַליין פון זיך דעם בלבול אַז מיר זיינען פּאַראַזיטן אין די לענדער. מיר האָבן אויף די וואַנדער־פּעקלעך אונדזערע אומעטום שווער געאַרבעט, און די לענדער האָבן אונדז פּאַ־ראַזיטיש אויסגענוצט, ביז מיר זיינען זיי „איבעריק" און אומניצלעך געוואָרן.

אָבער דעמאָלט, האָב איך זיך געהאַלטן ביי מיין פעסטן באַשלוס צו פּראָלעטאַריזירן זיך. איך האָב נאָר געוואָלט אַ ביסל זיך אויסגריי־נען און תּיכף זיך נעמען צו ווערן אַ טייל פון דעם באַוואוסטזיניקן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַמעריקע.

## איך באַקוק מאָנטרעאָל

נאָך אַ וויכטיקע נאָענטע אויפגאַבע האָב איך זיך תּיכף געשטעלט: דערקענען אַמעריקע, זיך אויסלערנען ענגליש און ספּעציעל באַקענען זיך מיט דער שטאָט מאָנטרעאָל, מיט איר יידיש לעבן און מיט די פאַר־שיידענע יידישע באַוועגונגען.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך אַ ביסל אָפּגערוט פון וועג און פון שפּי־טאָל, האָבן מיינע ברידער גלייך דערזען אַז איך בין נישט פון די „גריני־גע פּאַסאַזשירן", פאַר וועמען זיי וועלן מאַכן פּלענער און איך וועל זיך לאָזן פירן. זיי האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן פון זייער געפּלאַנטער ברודער־לעכער אויפזיכט איבער מיר און איינגעזען אַז איך וועל שוין אַליין זיך פירן אין אַמעריקע.

זיינען טאַקע פאַר אַט דעם זיך אַליין־פירנדיקן גרינעם בחור אַנגע־שטאַנען זייער ביטערע שווערע טעג, טעג פון איינזאַמקייט און בענק־שאַפט. כ'האָב זיך צוערשט אַרומגעדרייט איבער מאָנטרעאָלער יידישע און גויאישע גאַסן, מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט און גע־זוכט און געזוכט וואו עס ליגט דאָרט אָנגעצייכנט פאַר מיר דער פונדאַ־מענט פאַר דער נייער היים. אין שטוב האָט מען מיך אָפּגעלאָזט. די עלטערן האָבן שוין פון פריער געוואוסט אַז מיך דאַרף מען לאָזן צורו. פלעג איך טאַקע זיך אָפּט פאַרקלייבן „אויף די מאַנטנס", זיך באַזעצן אין באַזונדערע ווינקעלעך און לייענען ביכלעך וואָס כ'האָב נאָר דער־טאַפּט און באַקוקט די אַמעריקאַנער יידישע פּנימער וואָס זיינען מיר געווען ניי.

„די מאַנטנס״, דאָס איז דער גרויסער פּאַרק אַרום דעם באַוואוסטן ׳מאַאונט ראָיאַל׳ וואָס קעניגט אין מיטן שטאָט, איז פון יאָרן אָן דער פאַרזאַמלונג־און פאַרווײַלונג־פּלאַץ פון דער יידישער און גויאישער שטאָטישער באַפעלקערונג. סיי ווינטער ביי אַלע פאַרשיידענע ווינטער־ספּאָרטן, סיי זומער אונטערן שאָטן פון די ביימער און שיפּועים פון בערגלעך פאַרזאַמלען זיך מענטשן יונג און אַלט. צופוסנס אָדער אויפן שפּיץ פון דעם קעניגלעכן באַרג פאַרווײַלט מען זיך און מע פאַרברענגט דאָרט שבת און יום־טוב, אויך אין וואָכנטאָג און פרייע טעג בעת סלעק.

דאָס יידישע מאָנטרעאָל האָט זיך אין אָנהייב פון אימיגראַציע צענ־טראַליזירט, ווי אין אַלע אַמעריקאַנער שטעט, דאַון־טאַון, אין אָרעמען קוואַרטאַל. אָבער וואָס איינגעזעסענער מען איז געוואָרן און וואָס העכער עס איז געוואָרן דער לעבן־סטאַנדאַרד פון די יידישן מאַסן, אַלץ העכער אַפּטאַון האָט מען זיך געצויגן. און ספּעציעל האָבן יידן ליב צו פאַרנעמען, שפּעטער ווען מען אַרבעט זיך שוין אַרויף, די מער פיינערע און אָנגענעמערע שטאָט־געגנטן, טאַקע לעבן פּאַרק און לעבן מיט ביי־מער באַזעצטע בולוואַרן. און פאַרוואָס ניט ? טראָגן דען נישט די יידישע אימיגראַנטן צו זייער חלק צו פאַרבעסערן און רייכער צו מאַכן די שטאָט ?

מיט יעדן יאָר איז אין מאָנטרעאָל געוואַקסן דער יידישער אַפּטאַון, און טאַקע אַרום גאַסן לעבן די „מאַנטנס״. אויף מזרח־זייט פון דעם באַרג־פוס האָט דאָס יידישע מאָנטרעאָל פאַרלייגט זיינע געצעלטן. און ווען מען האָט נאָר געקענט, האָט מען גענאָסן פון דער מאַניעגדיקער פריינדשאַפט פון גרויסן שטאָט־גן־עדן.

ספּעציעל זייענען „די מאַנטנס״, אָדער ווי מיר יידישיסטן האָבן שפּעטער געצוואונגען דאָס יידישע מאָנטרעאָל עס צו רופן די בערג, געווען דאָס צוצי־פּלאַץ פון דער געקומענער עמיגראַנטישער יוגנט. קיין צופיל אַרבעט איז נישט געווען. ס׳איז געווען נאָכן גרויסן קריזיס פון 1908, און אפילו ווען מען האָט יאָ געאַרבעט איז דאָך דאָ אַ שבת, אַ זונטיק און אַ יום־טוב, פלעגן די יידישע מאַנטנס (לעבן בלורי סטריט) זיין שטענדיק פול באַזעצט מיט יונגעלייט, מען האָט זיך געפילט פריי, מען האָט גאַנץ אומגעשטערט גערעדט, געזונגען אויף יידיש. די שטרע־בונג זיך צו אַמעריקאַניזירן איז נאָך נישט געווען אַזוי קענטיק. האָט מען געהאַקט דעם געשמאַקן היימישן יידיש אויף אַלע דיאַלעקטן, אָדער

גאָר רוסיש, געשלאָסן באַקאַנטשאַפטן, געקראָגן נייע פריינד, דיסקו־טירט וועגן אַלע פּראָבלעמען און פּראַגעס וואָס זיינען נאָר אויפגעקומען.

דאָס איז דאָך געווען די צייט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַר־מירן די אַלע ראַדיקאַלע און קולטורעלע באַוועגונגען אויף דער יידישער גאַס; ווען דער יידישער ישוב האָט שוין זיך אַ ביסל אויסגעטשוכעט פון די אָנקל מאָזעסעס טובות, מען איז געוואָרן אויס צעשראָקענע עמי־גראַנטן־סטאַדעס און מען האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן היימיש אין דעם נייעם לאַנד. דאָס איז אויך געווען די צייט, ווען עס איז שוין געווען קענטיק דער נייער שטראָם אימיגראַנטישע פאָלקס־אינטעליגענץ און יוגנט, אין די דערצויגענע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, יאַהודישע בעלי־טובות און מושלים האָבן געפונען קעגן זיך און זייערע פילאַנטראָפּישע דעות און עצות אַ האַרטן ווידערשטאַנד פון אינטעליגענטע שטאָלצע יידישע פּראָגרעסיווע פירערס. דאָס איז אויך געווען די צייט ווען — טאַקע אַדאַנק דר׳ זשיטלאָווסקין און זיינע תלמידים — די פריערדיקע קאָסמאָפּאָליטישע טעאָרעטיקערס און אפיקורסישע רביים אַלאַ פייגענ־בוים, האָבן פאַרלוירן די גייסטיקע העגעמאָניע איבע די ראַדיקאַלע מאַסן.

אַ גאַנץ נייע יידיש־ראַדיקאַלע אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן: אין די פאַרשיידענע פּראָגרעסיווע באַוועגונגען, און אין די יוניאָנס. אין דער ליטעראַטור איז אַנטשטאַנען די ריכטונג פון די יונגע, אין טעאַטער — די עפּאָכע פון יעקב גאָרדין און די פאַרשיידענע דראַ־מאַטישע קלובן. עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו בויען די פונדאַמענטן פאַר דער יידישער קולטור־באַוועגונג און פאַר דעם יידישיזם, ווי מען האָט עס שפּעטער גערופן. די ערשט אַריבערגעקומענע פאַרטיי־אינטע־ליגענץ האָט אַהער מיטגעבראַכט דעם גאַנצן הייסן קאָך און קאַמף צווישן די פאַרשיידענע פאַרטייען.

די אַלע טעטיקייטן און קאָכענישן האָבן געפונען זייערע „בירזשעס״ אין די יידישע שטעט. אין מאָנטרעאָל זיינען אַלע אָנהייבן פון נייע און איבערגעפלאַנצטע באַוועגונגען, אַלע הייסע דיסקוסיעס און פאַרטייאישע שקלא־וטריאס, אַלע קאָנפערענצן פאַר נייע אַרבעט־פּלענער אַריבערגע־טראָגן געוואָרן פון די היימישע בירזשעס צו די מחיהדיקע פריינדלעכע ברעגלעך אין און אַרום דעם מאַונט ראָיאַל.

אין די ערשטע גרינע טעג מיינע האָב איך זיך אויך אָנגעהויבן צו דרייען אויף די ׳מאַנטנס׳. און ווייל איך האָב דאָך קיינעם נישט גע־קענט, און ווייל איך בין געווען זייער אַ שעמעוודיקער און ס׳איז מיר

געוועזן — און ס'איז מיר נאָך אויך איצט — שווער צו שליסן שנעל באַ
קאָנטשאַפּטן, און ווייל מיין אַוועקגיין פון בית־מדרש האָט נאָך געלאָזן
אין האַרצן טיפע שניטן, — האָב איך צוערשט אַרומגעבלאָנקעט אויף
די 'מאָנטנס' ווי דער טראַגישער 17־יאָריקער האַמלעט, מיט קיינעם
קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, נאָר געקוקט און געזוכט...

שפּעטער מיט אַ יאָר בין איך שוין אַליין אויך געוואָרן אַ „גוט-שטיי-
דיקער" בירגער פון „מאָנטן-בירזשעס". שפּעטער האָב איך אויך שוין אָנ-
טיילגענומען אין די ברענענדיקע דיסקוסיעס וועגן אַזעלכע גרונט-פּראָגעס:
ווי אידעאַליזם-מאַטעריאַליזם, מאַרקסיזם און נעאָ-מאַרקסיזם, ציוניזם און
גלות-נאַציאָנאַליזם. די אַלע אַנדערע פּראָבלעמען, פילאָזאָפישע און געזעל-
שאַפטלעכע, האָט דעמאָלט זשיטלאָווסקי דורך „דאָס נייע לעבן" געשטעלט פאַר
דער ערשט אויסוואַקסנדיקער יידישער אינטעליגענץ. שפּעטער בין איך שוין
אויך געוואָרן אַ טיכטיקער יאַט און די אַלע פריילעך-היימישע מאָנטענס-
שפּילן און גענומען אַן אָנטייל אין אַלע יוגנטלעכע אוואַנטורעס פון דער
זאָרגלאָזער „באָרוועסער גרינער יוגנט". שפּעטער האָב איך געהאָלפן אויך
בויען — און צוגעטראָגן אַ נישקשהדיקן חלק — דאָס יידישע קולטור-לעבן
אין מאָנטרעאָל, זיך אַקטיוו באַטייליקט ווי אַן אויסגעשפּראָכענער זשיט-
לאָווסקיאַנער און יידישיסט, אין דער פּועלי-ציון-באַוועגונג, נאָך דער פאַר-
אייניקונג מיט די ס. ס. און סערפּיסטן. שפּעטער בין איך געווען דער סעק-
רעטאַר פון דער יידישער פאָלקס-ביבליאָטעק, נאָך איצט די גרעסטע יידישע
אויסלייז-ביבליאָטעק אין אַמעריקע. שפּעטער האָב איך געהאָלפן גרינדן און
ווי איר סעקרעטאַר אָנגעפירט די באַוואוסטע פּרץ-שול. ווי אַלע יידישע שולן
פון יענער צייט האָט זי זיך אין אָנהייב גערופן נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלע שול.
נאָך שפּעטער האָב איך גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין אַלגעמיינעם יידישן
מאָנטרעאָל: אין דער אַרבעטער-באַוועגונג, געהאָלפן גרינדן פּראָוויניקטע
יידישע געווערקשאַפטן, און אַ קורצע צייט טאַקע געווען דער סעקרעטאַר. אין
מלחמה-יאָרן געאַרבעט פאַרן פּיפּלס-רעליף, פאַרן יידישן קאָנגרעס, און דער
יידישער קהילה. שפּעטער האָב איך זיך אויך איינגעשאַפט אין מיין נייער
היים וואונדערלעכע חברים און פריינד, באַקאַנטע און קרובים וואָס געציילטע
צווישן זיך זיינען ביז איצט מיינע געטרייע איבערגעגעבענע פריינד און חברים.

איך האָב געוואוינט אין מאָנטרעאָל צוועלף יאָר — פון 1909 ביז
1921. טאַקע דאָרט האָבן איך חתונה געהאַט און אָנגעהויבן פירן אַ באַ־
לעבאַטישקייט. דורך די צוועלף יאָר האָב איך און נאָך מער דאָס יידישע
מאָנטרעאָל זיך געביטן און טאַקע געוואַקסן. האָב איך טאַקע בייגעטראָגן

מיין חלק צום יידישן מאָנטרעאָל. דעמאָלט האָט יעדער יונגער מענטש, אויב ער האָט נאָר געוואָלט ערנסט און ערלעך דינען די אינטערעסן פון פאָלק, געקענט ווערן אַ וויכטיק שרייפל אין דעם אויפבוי פון יידישן ישוב דאָ אין לאַנד. אַלץ איז געווען ניי. דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו בויען. דערפאַר איז יעדנס ביישטייער געווען וויכטיק און קענטיק. בין איך טאַקע צוליב דעם שפּעטער גע־וואָרן אין שטאָט אַ גאַנץ נישקשהדיקער „קנאַקער" און בעת די שטאָט־וואַלן צום יידישן קאָנגרעס בין איך געווען דער צווייטער אויף דער ליסטע בנוגע דער העכסטער צאָל שטימען וואָס קאַנדידאַטן האָבן באַ־קומען.

אָבער דאָס איז אַלץ געווען שפּעטער. אין די ערשטע חדשים פון מיינע גרינע יאָרן איז מיר געווען זייער ביטער און אומעטיק. איינ־זאַם און אַליין פלעג איך אַרומבלאָנקען גאַנצע טעג און אָפטמאָל אויך נעכט אויף די בערג און שאָסייען פון דעם גרויסן שטאָט־באַרג, לייענען אַלערליי ביכער וואָס האָבן נאָך געשטאַרקט אין מיר אָט די פּיין פון איינזאַמקייט, די ווערק פון האַמסון, מעטערלינק, פּשיבישעווסקי. איך פלעג קריכן אַרום די פאַרשיידענע בית־עולמס—יידישע און ניט־יידישע — און דאָרט, לעבן די טויערן און מויערן פון דעם „אייביקן גוטן אָרט", גיסן פאַר גאָט ביטערע טרערן איבער מיין טרויעריקער יוגנט, איבער מיין איינזאַמקייט און עלנטקייט.

וואו איז שוין דאָס צוגעזאָגטע גליק פון מיין נייער היים?

וואו און ווען וועלן שוין דערפילט ווערן די חלומות פון מיין לעבן?

פאַרוואָס בין איך אויך דאָ אַליין, פּונקט ווי אין די לעצטע טעג פון בית־מדרש?

וואָס איז מיין מאַרגן? וואָס זאָל איך טאָן? פאַרוואָס העלפט מיר קיינער נישט?

## דאָס געמיש ענגליש־פראַנצויזיש

מאָנטרעאָל איז די מעטראָפּאָליע פון דער קאַנאַדער פראַנצויזישער פּראָווינץ קוויבעק, זי איז דער עיקר אַ קאַנאַדער־פראַנצויזישע שטאָט, די מערסטע איינוואוינערס זיינען פראַנצויזן. און אין שטאָט הערשט בכלל מערסטנטייל די פראַנצויזישע שפּראַך און די פראַנצויזישע קולטור.

אָבער ווי די גרעסטע שטאָט פון דער בריטישער „דאָמיניאָן אָוו קאַנאַדאַ", זיינען די ענגלישע פּאָליטישע הערשערס פון לאַנד פאַראינ־

טערעסירט אַז אין מאָנטרעאָל זאָל קולטורעל און אינדוסטריעל זיך פילן די ענגלישע השפעה. קומען אָפּט פאַר באַהאַלטענע און אַמאָל אָפענע שטרייטן פאַר קולטורעלער און שפּראַכלעכער העגעמאָניע. ווער עס זאָל זיך אָנזען ווי דער שטאָט־באַלעבאָס, דער ענגלענדער צי דער פראַנצויז.

פון צייט צו צייט איז אָבער אויך ניכּר אַ גאַנץ חבֿרשע און קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש צווישן די צוויי הויפּט־עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג, די אַנגלאָזאַקסישע פּאָליטישע בעלי־בתּים און די פראַנצויזישע מאַיאָריטעט פון שטאָט. ספּעציעל איז אַזאַ צוזאַמענאַרבעט קענטיק אין דער צייט פון פּאָליטישע וואַלן — אין לאַנד זיינען דאָ צוויי פּאָליטישע הויפּט־פּאַרטייען: די קאָנסערוואַטיוון און די ליבעראַלן. צו די צוויי פּאַרטייען געהערן — לויט זייער פּאָליטישער פילאָזאָפיע און נייגונגען — מיטגלידער פוןביידע פעלקערשאַפטן. אויך אין צייט פון ווּיכטיקע וועלט־געשעענישן, ווי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אָדער אין אַנדערע תּקופות פון געפאַר, קומט פאָר אַ גאַנץ נאָענטע צוזאַמענאַרבעט צווישן ענגלענדער און פראַנצויזן. אָפטמאָל דאַכט זיך אַז עס ווערט געבוירן אַ נייע פּאַראייניקטע — אויב נישט אין עטנישן זינען איז אין פּאָליטישן — קאַנאַדער נאַציע.

אין מאָנטרעאָל, און אוודאי נאָך מער אין די שטעטלעך אַרום, בכלל אין דער גאַנצער קוויבעקער פּראָווינץ, איז זייער שטאַרק ניכּר אַ באַזונדער פראַנצויזיש לעבן. אייגנטלעך איז עס ניט דאָס פראַנצויזישע וואָס אין פראַנקרייך. דער קאַנאַדער פראַנצויז האָט, אין משך פון דורות וואוינען אין נייעם אַמעריקאַנער לאַנד, גאַנץ אַנדערש אַנטוויקלט זיין אייגנאַרטיק נאַציאָנאַל־קולטור לעבן. אין קאַנאַדע איז ביי די פראַנצויזן נאָך שטאַרק פעסט די קאַטוילישע קירך. אויך די שפּראַך און דער לעבן־שטייגער האָט אָנגענומען אַנדערע נייגונגען און ניואַנסן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ באַזונדערער, רייכער קאַנאַדער־פראַנצויזישער פאָלקלאָר. ס'האָט געווירקט די דערנענטערונג און טאָקע אַמאָליקע צוזאַמענמישונג מיטן אינדיאַנער, מיטן אַנגלאָ־זאַקסן. אָבער אַלץ טראָגט אַ ספּעציעלן קאַנאַדער־פראַנצויזישן כאַראַקטער. די אַנטשטאַנענע קאַנאַדער־פראַנצויזישע אינטעליגענץ און פּאָליטישע פירערשאַפט, וואָס איז אגבֿ אָפטמאָל גאַנץ רעאַקציאָנער און שאָוויניסטיש־קאַטויליש, פירט אָן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע ביי די מאַסן ווייטער אָנצוהאַלטן דעם באַזונדערן פראַנצויזישן לעבן־שטייגער, בשום אופן נישט צו אַסימילירן זיך מיט דער אַרומיקער פרעמדער באַפעלקערונג, נישט ריידן קיין אַנ־

דער שפּראַך ווי די פראַנצויזישע, נישט שיקן די קינדער אין קיין אַנדער שול ווי אין דער קאַטויליש-פראַנצויזישער, בכלל צו ווייכן פון יעדער פרעמדער השפּעה און ווירקונג.

אין מאָנטרעאָל איז אָט די צעטיילונג שטאַרק ניכר. די פראַנצויזן, ספּעציעל די פשוטע פאָלקס-מאַסן, די וואָס נעמען אָפטמאָל אָן ערנסט און ערלעך די אַלע דרשות פון די דרשנים, וואוינען אין אַ באַזונדערן שטאָט-טייל, אין די מזרח-און צפון-גאַסן פון שטאָט. ווען מע שפּאַצירט דאָרט דאַכט זיך אייך אַז איר זייט אין אַ קליין פּראָווינץ-שטעטל אין פראַנקרייך. דער סטיל פון די הייזלעך, די אויסלייגונג פון די גאַסן, די אַרכיטעקטור פון די זייער פיל קירכן און עפנטלעכע געביידעס, — אומעטום זעט זיך אַן אמתער פּראָווינציאַל-פראַנצויזישער אייגנאַרטיקער נוסח. די ענגלישע און די אַמעריקאַנער אינטעליגענץ און בורזשואַזיע פון שטאָט וואוינט שוין אין דעם רייכערן און שענערן מערב-טייל. דאָ זעט מען שוין אַמעריקע. דאָ זיינען שוין די גרויסע רייכע געשעפטן, דעפּאַרטמענט-סטאָרס, האָטעלן, טעאַטערס. דאָ שפּאַצירט איר שוין אין שיקאַגאָ, אין דעטראָיט און אין שטיקער ניו-יאָרק.

אפילו די שול-סיסטעם אין מאָנטרעאָל איז אַ צעטיילטע. עס עקסיסטירן צוויי באַזונדערע שטאָטישע סיסטעמען: פאַר די פראַנצויזן — די קאַטויליש-קירכלעכע שולן מיט פראַנצויזיש ווי די לימודים-שפּראַך, און פאַר דעם ענגלישן טייל פון דער באַפעלקערונג פונקציאָנירן די פּראָטעסטאַנישע שולן מיט ענגליש ווי די לימודים-שפּראַך. די שול-סיסטעמען זיינען אַזוי צעטיילט פון די קינדערגאָרטנס און קינדערהיימען ביז די הויכשולן. אין מאָנטרעאָל געפינען זיך: דער באַוואוסטער מאַקגיל-אוניווערסיטעט און די פראַנצויזישע לאַוואַל-און מאָנטרעאָל-אוניווערסיטעטן.

ביידע שול-סיסטעמען זיינען אָנערקענט פון שטאָט און פון דער פעדעראַלער רעגירונג און קריגן פּראָפּאָרציאָנעל די רעגירונגס-סובסידיעס. די שטאָטישע שול-שטייערן צאָלט יעדער הויז-אייגנטימער צו דער שול-קאַסע פון זיין שול-סיסטעם.

די יידן אין קוויבעק, ספּעציעל אין מאָנטרעאָל, זיינען איצט אָנגעשלאָסן אין דער ענגליש-פּראָטעסטאַנישער שול-סיסטעם. דאָס רופט אַרויס אַן אומצופרידענע שטימונג פון די פראַנצויזן קעגן די יידן און דאָס גיט גענוג ברען-מאַטעריאַל פאַר די שאָוויניסטישע פראַנצויזישע אַנטיסעמיטישע העצערס קעגן די „פרעמדע" יידן וואָס העלפן די ענ-

גלישע קולטורעל צו אונטערדריקן די איינגעבוירענע פראַנצויזישע באַ־פעלקערונג.

די טענות האָבן מסתמא אויך אַ באַרעכטיקטן גרונט. מע דאַרף אָבער נעמען אין באַטראַכט, אַז די פראַנצויזן האָבן די יידן אַליין משלח געווען פון זייערע פראַנצויזישע שולן (פריער זיינען יידן געווען פאַר־בונדן מיט דער פראַנצויזישער שול־סיסטעם) און אַז יידן קענען בכלל נישט שיקן זייערע קינדער אין די פון פאַנאַטיש־קאַטוילישע גלחים־געפירטע שולן; אַז בכלל זיינען דאָ די יידישע עמיגראַנטן געקומען קיין אַמעריקע, און פסיכאָלאָגיש איז פאַר זיי קאַנאַדע ווי אַ לאַנד און מאָנטרעאָל ווי אַ שטאָט אַ טייל פון דער גרויסער אַמעריקע מיט די לי־בעראַלע און דעמאָקראַטישע ענגליש־יענקישע שכנים. דעריבער פילן זיך יידן מער היימיש מיטן ענגליש־ריידנדיקן שכן און פאָליטישן באַ־לעבאָס.

דאָס דערנענטערן זיך קולטורעל און שפּראַכלעך מיט דעם ענגלישן טייל פון דער באַפעלקערונג איז קענטיק נישט בלויז ביי יידן, נאָר ביי אַלע אימיגראַנטישע גרופּעס פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן וואָס האָבן זיך בעת די פרייע אימיגראַציע־יאָרן באַזעצט אין און אַרום מאָנ־טרעאָל, ביי די סלאַווישע פעלקער, ביי די איטאַליענער, ביי די דייטשן און אַנדערע. אַלע האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די ענגליש־פּראָ־טעסטאַנישע פּאָבליק־סקולן, אַלע האָבן געלייענט די ענגלישע צייטונגען, געגאַנגען אין די ענגלישע מואוויס, זיך געמיט איינצובירגערן אין דער אַנגלאָ־זאַקסישער קולטור־היים. די אַנטיסעמיטישע העצערס האָבן אָבער שטענדיק גערייצט די באַפעלקערונג קעגן די נייע „פאַרדאַמטע יידישע שכנים”. אַנטיסעמיטיזם שפּאַנט אָפּטמאָל פאָרויס פאַר די יידישע שכנים אין די נייע לענדער, ער דאַרף נישט דורכגיין קיין קוואָטע. וואו מיר קומען אָן, זיצט ער שוין און בוצט אויס אונדזער אומבאַהאָלפנקייט און באַדנלאָזיקייט און העצט און העצט. דער יידישער ישוב אין קאַנאַדע האָט אין זיין זייער אינטערעסאַנטער געשיכטע אויך אַ היפּש בלעטל פון עינויים יידן־העצערייען און בלבולים. יידן זיינען אויך אין קאַנאַדע אַ ציל־ברעט און אַ כפּרה־הינדל פאַר ווילדע אַנטיסעמיטן. נאָך איידער היטלערס פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן, האָבן מאָנטרעאָלער יידן שוין געהאַט אויסצושטיין פון זייערע אַנטיסע־מיטישע שונאים.

צום גליק האָבן זיך אָבער די יידן אין מאָנטרעאָל, ווי בכלל אין קאַ־

נאַדע, גאַנץ פרי פּאָליטיש אָריענטירט. צוזאַמען מיט זייער אָנטייל אין בוי פון לאַנד און זייער טיכטיקן צושטייער צו אַלע געביטן פון אינדוס־טריע, פינאַנץ, קולטור און פּראָפעסיעס, האָבן זיי אויך פאַרשטאַנען די חכמה פון אָרגאַניזאַציע. מען האָט גענומען אַן אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן פון דער יונגער דעמאָקראַטישער דאָמיניאָן. יידן זיינען געוואָרן בירגער, האָבן געשיקט פאַרטרעטער אין די פּראָווינץ־לעגיסלאַטורן און אין דער פעדעראַלער רעגירונג, האָבן געשפּילט אין די גרויסע שטעט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָלע אין די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פון די פּאַרטייען. זיינען דערפאַר די אַנטיסעמיטישע העצערס אין מאָנטרעאָל געבליבן מיט אַ נאָז. מען האָט שוין פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו ענטפערן און ווי אַזוי זיך צו ווערן.

אַחוץ דעם האָבן טאַקע אַ סך יידן, ספּעציעל די פּראָפעסיאָנאַלן און די געשעפט־לייט, יאָ געלערנט און גערעדט פראַנצויזיש. האָבן זיי דער־פאַר געווירקט אפילו אויף די אומאַנטוויקלטע פראַנצויזישע מאַסן אין קאַנאַדע, ווען זיי זיינען געקומען אין פריינדלעכסטע באַציאונגען מיט זיי. ביי די פראַנצויזן גופא איז אויך געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע לי־בעראַלע פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ, ספּעציעל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין זשורנאַליזם און ליטעראַטור. דאָס אַלץ האָט טיילווייז צוריקגעשטויסן די אַנטי־יידישע אַגיטאַציע־רייד.

ווען איך האָב זיך גענומען אויסצוגרינען, האָב איך אויך לכתחילה געוואָלט לערנען און שטודירן די פראַנצויזישע לאַנד־קולטור. אָבער ווי ביי אַלע דעמאָלטדיקע יוגנטלעכע ראַדיקאַלע גרינע, וואָס זיינען גע־ווען ווייט פון תכלית־אַמביציעס, זיינען די ענגערע צופּאַסונג־שטימונגען פאַררוקט געוואָרן. ווי אַלע אַנדערע, האָב איך אָנגעהויבן אָננעמען, פאַרשטייט זיך בלויז דרויסנדיק, דעם אַמעריקאַניש־ענגלישן קולטור־נוסח. די יידישע קולטור־באַוועגונג אין קאַנאַדע, איז געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. במילא האָבן מיר זיך אַריינגעוועבט אין דעם נאָרד־אַמעריקאַנער אַנגלאָ־זאַקסישן פּאָליטישן צוזאַמענבונד. איך, ווי אַלע אַנדערע, בין דערפאַר געוואָרן נישט קיין פראַנצויזיש־יידיש־אַמעריקאַנער, נאָר זיך געהאַלטן ביי דער ענגלישער נאָרד־אַמעריקאַנער אָריענטאַציע.

איך האָב דערפאַר, פּונקט ווי אַלע, פאַרשטאַנען אַז מען דאַרף זיך לערנען ענגליש.

## דער באַראָן דע הירש-אינסטיטוט

אין מאָנטרעאָל שטייט נאָך עד־היום אין דער פאַרביזנעוועטער גויאישער בלורי־גאַס אַ פּראַכטפולע געביידע, דער באַראָן דע הירש־אינסטיטוט. ווי אַלע וואַקסנדיקע שטעט אין אַמעריקע וואָס בייטן פון צייט צו צייט זייער פיזיאָגנאָמיע, האָט אויך די גאַס געביטן איר אויסזען. עס רינגלען איצט די געביידע אַרום אויטאָמאָביל־געשעפטן, גאַראַזשן און גאַזאָלין־סטאַנציעס. אין מיינע גרינע יאָרן, בעת די שטאָט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו מאָדערניזירן, איז בלורי־גאַס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם דאַונטאַנעם האַנדלס־צענטער ביי דער געלט־בערזע, זיך געצויגן אַרויף ביז דער שיינער פּאַרק־עוועניו און דורכגעשניטן די אַריסטאָקראַטישע שערברוק־גאַס, פאַרביי דעם מאַונט ראָיאַל פּאַרק, געוועזן זייער אַ חשובע און פּראָמינענטע גאַס. עס זיינען דאָרט געוועזן זייער וויניק געשעפטן און קראָמען, נאָר שיינע היימען און ווילעס אין אַמאָליקן קאָלאָניאַלן סטיל האָבן באַפּוצט די גאַס. דאָרט האָבן געהאַט זייערע קאַנטאָרן די אַריסטאָקראַטישע דאָקטוירים און דענטיסטן. דאָרט האָבן זיך אויך געפונען פאַרשיידענע שיינע קולטור־אינסטיטוציעס, און צווישן זיי אַלע האָט מאַיעסטעטיש אַרויסגעשיינט דער הויכער באַראָן דע הירש־אוניווערסיטוט.

דער אינסטיטוט איז געבויט געוואָרן פון דעם ייקאַ־פאָנד און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט יידישער קאָלאָניזאַציע אין קאַנאַדע, וואָס האָט דעמאָלט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין די קאָלאָניזאַציע־פּלענער פון דער ייקאָ. ייקאָ האָט באַזעצט אַסך יידישע עמיגראַנטן אויף די פרייע און האַלב־פרייע לאַנד־שטחים וואָס די קאַנאַדער רעגירונג האָט געגעבן אין דער קאַנאַדער וועסט. ווי באַוואוסט, האָבן זיך די קאָלאָניזאַציע־פּלענער פון ייקאָ אין מערב־קאַנאַדע, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, זיך נאָר האַלב איינגעגעבן. סיבות זיינען געוועזן פאַרשיידענע. זיכער איז אַסך אין דעם שולדיק די ביוראָקראַטישע פירונג פון די ייקאָ־הערן און יורשים פון באַראָן דע־הירש. אין קאַנאַדע האָט זיך די פירונג פון אָרטיקן הויפּט־ביוראָ געפונען אין די הענט פון יאַהודישע כלל־טוערס, נישט־צוגעפּאַסטע צו אַזאַ וויכטיקער פאָלקס־אַרבעט. אָבער ווייל דער גאַנצער ישוב איז נאָך געווען אַ יונגער און צופיל יאַהודישע מושלים זיינען נישט געווען, האָט די ייקאָ־אַרבעט, ווי בכלל די גאַנצע טעטיקייט פון באַראָן דער הירש־אינסטיטוט, נישט געקענט צו וויט פאַרקריכן פון יידישן מאַסן־לעבן. דאָ און דאָרט זעט מען נאָך

איצט גינסטיקע רעזולטאַטן פון דער וויכטיקער קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג. הלוואַי וואָלטן יידן בעת אונדזער גרויסער מאַסן־אימיגראַציע אין די נאָרד־אַמעריקאַנישע לענדער ערנסט זיך צוגעהערט צו דעם רוף פון דער סאָכע אין פעלד. הלוואי וואָלטן טאַקע אונדזערע ערשטע אימיגראַנטן־מאַסן געקענט דערהערן און דערזען די וויכטיקייט פון יידן אויפן פעלד, וואָלט אפשר אונדזער גאַנצע יידישע עקאָנאָמיק דאָ אין לאַנד און, זיכער אויך אונדזער קולטור־פיזיאָנאָמיע, אָנגענומען אַן אַנדערן, אַ געזינטערן כאַראַקטער. הלוואי. אָבער וואָס טויג די אַלע הלוואיען? דאָס לעבן גייט זיך זיין וועג און דרייט דאָך מיטן גורל פון דעם יחיד ווי פון דעם כלל אויף זיין כאַאָטישן שטייגער.

דער מאָנטרעאָלער באַראָן דע הירש־אינסטיטוט האָט אויך געשטרעבט צו מאַכן פון די יידישע עמיגראַנטן אין קאַנאַדע גוטע "אמתע" קאַנאַדער בירגער. האָט מען דאָרטן געשאַפן קורסן צו לערנען מיט די עמיגראַנטן און זייערע קינדער די ענגלישע שפּראַך, די קאַנאַדער געשיכטע, און מען האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען די עמיגראַנטן וואָס גיכער צו אַמעריקאַניזירן.

כאָטש דער קאַנאַדער ייקאָ־קאָמיטעט האָט זיך געפירט לויט דער אידעאָלאָגיע פון דער אַסימילאַטאָרישער בורזשואַזער פירערשאַפט אין פּאַריז, האָט דער אַסימילאַציע־דרך נישט געקענט פולשטענדיק הערשן אויף דעם קאַנאַדער באָדן. אין מאָנטרעאָלער אינסטיטוט־בנין האָבן אין מיינע גרינע טעג געהויזט און זיך פאַרזאַמלט אַלערליי מינים נאַציאָנאַל־געשטימטע אָרגאַניזאַציעס. שפּעטער האָבן אין אינסטיטוט זיך אפילו פאַרזאַמלט יידיש־דעמאָקראַטישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס און ספּעציעל האָבן דאָרט זיך פריי באַזעצט די ציוניסטישע און נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען.

אין מיינע איינזאַמע גרינע וואָכנדער־טעג האָב איך שטאַרק געזוכט אַ יידישע ביבליאָטעק. פון איין זייט האָט זיך מיר געוואָלט פאַרגעסן מיין פרעמדקייט אין דער וואַרעמער סביבה פון בוך און פון ספר, און פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר מיינע שוין אויסגעגרינטע ברידער מבטיח געווען, אַז אין אַ יידישער ביבליאָטעק וועל איך מסתמא געפינען אַ פּאַסיקע סביבה. האָב איך זיך נאָכגעפרעגט אויף אַזעלכע יידישע קולטור־היימען, אויף אַ פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פון די פּועלי־ציון, פון די ס.־ס. איך האָב אַרומגעוואַנדערט אין די מיטינג־לאָקאַלן פון די דעמאָלט נאָר־וואָס געגרינדעטע יידישע יוניאָנס (אין אַמאַליקן מאָנטרעאָל

סיינט דזשאָסעף־האָל, לעבן דעם מאַרק אויף סט. דאָמיניק סטריט).
איך בין געוואָרן אַן אַריינגייער אין די יידישע בוכהאַנדלונגען.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן ווי פּרוכטבאַר און גיך עס האָט זיך צע־בויט און צעצווייגט דאָס יידישע מאַסן־לעבן אין די אַמעריקאַנער שטעט. מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט מאָנטרעאָל געהאַט דריי אַקטיווע און שטענדיק באַשעפטיקטע יידישע בוכהאַנדלונגען. טאַקע אָט די בוכ־האַנדלונגען זיינען געווען די זאַמלפּלעצער פון דער אימיגראַנטישער יוגנט. אָפטמאָל האָט יעדע בוכהאַנדלונג „באַדינט" אַן אַנדער ריכטונג. די ציוניסטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין באַרקינס בוכהאַנדלונג, די אַנאַר־כיסטן אין עלשטיינס בוכהאַנדלונג. עלשטיין אַליין איז געווען אַ באַ־קאַנטער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט און אָראַטאָר. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און שפּעטער די יידישיסטישע יוגנט איז געווען אין לאַזאַרוסעס בוכהאַנדלונג. יידן האָבן געלייענט און געקויפט ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן, יידישע און העברעאישע, אויסגאַבעס פון דער אַלטער היים און אויך שוין פון דער וואַקסנדיקער אַמעריקאַנער ליטע־ראַטור. און דאָס יידישע וואָרט איז געווען דער לעבעדיקער אָטעם פון דער פאָלקסטימלעכער יוגנט. דערפאַר האָט דאָס יידישע מאָנטרעאָל, פּונקט ווי זיכער אַלע אַנדערע יידישע שטעט, געדאַרפט האָבן דריי בוכהאַנדלונגען.

פּועלי־ציוניסטיש געשטימט, בין איך געוואָרן אַ שטענדיקער אַריינ־גייער אין לאַזאַרוסעס בוכהאַנדלונג. מיט די דאָלאַרן טאַשנגעלט וואָס די ברידער האָבן מיר געגעבן האָב איך אָנגעהויבן צו קויפן ביכער, יידישע און העברעאישע. שפּעטער צו, ווען איך האָב שוין פאַרדינט אייגן געלט, האָב איך זיך טאַקע איינגעשאַפט אַ נישקשהדיקע ביבליאָטעק, וואָס איך האָב זי געמוזט „גרינגער מאַכן" אין די ווייטערדיקע וואַנדערנישן און ציענישן פון שטאָט צו שטאָט. אין לאַזאַרוסעס בוכהאַנדלונג האָב איך טאַקע אויך געשלאָסן די ערשטע באַקאַנטשאַפטן מיט מאָנטרעאָלער פּועלי־ציוניסטישע טוערס און בין נאָכדעם אַריינגעטראָטן אין פּועלי־ציון־פאַראיין, וואָס איז אין מאָנטרעאָל באַשטאַנען, נאָך דער פאַראיי־ניקונג מיט די עס־טי פון מערער יידישיסטיש געשטימטע חברים. דאָס האָט זיך צוגעפּאַסט צו מיין זשיטלאָווסקיאַנער גלות־נאַציאָנאַליסטישער פּראָגראַם.

אַדאַנק די נייע באַקאַנטע בין איך אויך געוואָרן אַן אַריינגייער אין באַראָן דע הירש־אינסטיטוט, טאַקע צוליב די מיטינגען פון פּועלי־

ציון־פאַראיין, און דער עיקר צוליב דער גרויסער יידישער ביבליאָטעק, וואָס האָט צוערשט געהערט צו דעם פּועלי־ציוניסטישן לאָקאַל און וואָס איז שפּעטער אָפיציעל אַרונטערגענומען געוואָרן אונטער דער פירונג פון אינסטיטוט. דאָס הייסט, די לאָקאַלע פּועלי־ציון־ביבליאָטעק איז פאַראייניקט געוואָרן מיט דער ביבליאָטעק פון באַראָן דע הירש־אינ־סטיטוט און האָט זיך געפונען אונטער דער פירונג פון אַ געמיינשאַפט־לעכן קאָמיטעט.

דאָרט אין דער ביבליאָטעק מיט יידישע, העברעאישע, רוסישע און פאַרשטייט זיך ענגלישע ביכער, האָב איך געפונען מיין צווייטע היים. עס איז מיר שוין געוואָרן היימישער אין דער נייער שטאָט. איך האָב שוין געהאַט וואוהין צו גיין און איך שוין אַ ביסל מיט וועמען צו ריידן. איך האָב שוין אָנגעהויבן אויסצוגרינען זיך און זיך פילן גליקלעכער, היימישער.

## דער פייף אין אָוונט-שול

מיינע ברידער ווילן נאָך אַלץ ווירקן אויף מיר אַז איך זאָל פאַרגעסן אין די אַלע פּלענער וועגן גרויסלשאַפטלעכער אַרבעט, זיך נעמען לער־נען ענגליש און צוגרייטן זיך צו אַ פרייער פּראָפעסיע. עס זיינען שוין דעמאָלט פּאָפּולער געוואָרן אין יעדער שטאָט יידישע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן פון געוועזענע אימיגראַנטישע בחורים. אַנדערע זיינען שוין געוואָרן באַרימט. איך האָב אָבער פון דעם נישט געוואָלט הערן. אָבער ענגליש לערנען דאַרף מען דאָך. פאַרשרייב איך זיך ביים אָנהייב לערן־סעמעסטער אין האַרבסט, צוזאַמען מיט נאָך אימיגראַנטן, אין דער אָוונט־שול פון דער שכנישער פּאַבליק־סקול.

איך פאַרשרייב זיך צו לערנען ענגליש און אַמעריקאַנער געשיכטע. אין אַ מאָנטיק־אָוונט הייב איך אָן מיט מזל אויפצונומען די אַמעריקאַנער תורה. די פּאַבליק־סקול האָט זיך געפונען אין סאַמע האַרץ פון דעם יידישן קוואַרטאַל און די קלאַסן זיינען געפּאַקט מיט יינגערע און על־טערע אימיגראַנטן, אַנדערע אפילו שוין נישט קיין יידישע נאָר רוסן און פּאָליאַקן וואָס האָבן זיך אויך באַזעצט אין שכנישאַפט פון זייערע יידישע לאַנדסלייט. אין דער היים האָט דער ייד נישט געטויגט, אָבער אין דער פרעמדער אַמעריקע טוליעט מען זיך צום מער פּעאיקן און אינטעליגענטערן יידישן לאַנדסמאַן מען פילט זיך היימישער אַ דאַנק אים און ער העלפט טאַקע אויס זיך איינצואָרדענען אין אַמעריקע. זאָגט טאַקע אַ גויאיש ווערטל: יאַק בידאַ טאַק דאַ זשידאַ.

מען האָט די אימיגראַנטישע תלמידים איינגעטיילט אין באַזונדערע גרופּעס: די מער קענעוודיקע, די וואָס קענען לייענען און שרייבן אַנדערע שפּראַכן, און די אַנאַלפאַבעטן. איך האָב דאָך שוין געקענט פון דער היים אַנדערע שפּראַכן און אויך זיך געלערנט אַ ביסל ענגליש לייענען (אַז אָך און ווי איז געווען צו מיין ענגליש מיט דער היימיש־פּוילישער אויסשפּראַך ווי למשל: ׳אָנע׳, ׳טוואָ׳, ׳טרעי׳ — פאַר: וואָן, טו, טרי). בין איך דערפאַר אָנגעקומען אין דעם מישטיינס געזאָגט מער אַוואַנסירטן קלאַס.

די אַמעריקאַנער און די קאַנאַדער שול־סיסטעם איז געשטאַנען אויף אַן אַלטמאָדישן באַזיס. געלערנט האָבן אַלטמאָדישע, פאַרדאַרטע שול־לערערינס, פאַרגליווערט אין אַ דרייסיק־יאָריקער רוטין, אָפט אָן אינעווייניקסטער פּעדאַגאָגישער נייגונג. דאָס זיינען געווען מערסטנס אַלטע פאַרזעסענע מוידן, אָן שום געפיל, אָן אינעווייניקסטן איבטערעס און פאַרשטענדעניש פאַרן לערנען. דאָס איז נאָך געווען די צייט ווען חתונה־געהאַטע האָט מען נישט דערלויבט צו זיין לערערינס. און אויב אַ מיידל האָט אויפגענומען די פּראָפעסיע האָט זי זיך מערסטנס געהאַלטן מיט איר ביז דער טיפער עלטער און אויסגעלעבט די אַלט־מוידישע זאַפטלאָזע יאָרן ביים שול־שטענדער. פון מאָדערנע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן האָט מען דעמאָלט נאָך אויך נישט געוואוסט. דאָס שולקינד האָט מערסטנס געזען פאַר זיך אַן אַלטע אויסגעטריקנטע, שטענדיק נערוועזע און שרייענדיקע „סקול־מאַמעס". דערפאַר איז די שול נישט געווען צו באַליבט ביי די קינדער, ספּעציעל ביי די וואָס זיינען געקומען פון אימיגראַנטישע היימען, מיט אַן אַנדער סביבה און לעבנספּיר, זיי האָבן נישט אויפגענומען די תורה פון אָט די טעמלאָזע לערערינס מיט צופיל חשק.

אוודאי האָבן זיך אַזעלכע רביצינס זיך נישט צופיל צוגעפּאַסט צו דערוואָקסענע אימיגראַנטן־קלאַסן. קיין יידישע לערערינס זיינען נאָך אפילו נישט געווען בנמצא. האָט מען צו די אימיגראַנטן גערעדט און געלערנט אַלץ פאַרשטייט זיך אַנגלית באנגלית. איצט איז עס זייער אַן אַקצעפּטירטער מעטאָד צו לערנען פרעמדע שפּראַכן, אָבער ס׳איז אַ שאלה צי דאָס איז גוט אין די ערשטע חדשים, ווען מע לערנט מיט דערוואַקסענע. מע רעדט צו אייך און איר פאַרשטייט טאַקע נישט קיין איין וואָרט מאי דקאמרי רביצין. קוקט איר אויף איר ווי אַ האָן אויפן בני אָדם. זי הייסט אייך עפּעס טאָן און איר ווייסט נישט וואָס זי

דברט צו איך. איר ווילט נעבעך איר זייער פּאַלגן, איר ווילט מיטן גאַנצן חשק זיך וואָס שנעלער אויסגרינגען — און איר ווייסט נישט וואָס זי וויל. פּלאַפּלט איר נאָך בציבור די פּסוקים וואָס זי קנעלט מיטן גאַנצן קלאַס, זיכער צעקאַליעטשעט איר יעדער וואָרט אַזוי אַז אפילו דער שר הלשונות וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט. די אַלטע גויע דאַרט ביים טאָוול וואונדערט זיך אוודאי, פאַרוואָס איר לערנט נישט די תורה אַזוי געשווינד און לאַכט אוודאי פון די „פאַר־עינערס" וואָס זיינען געקומען צו אירע אַמעריקאַנער ברעגן מיט אַזעל־כע פאַני איגנאָרענט וועיס. זי ווייסט נעבעך נישט, אַט די, אַז אַסך פון די גרינגע תלמידים אירע וואָלטן איר געקענט שענקען גענוג תורה און וועלט־קענטעניש, אַז אַסך קומען פון אוניווערסיטעט־בענק אָדער בית־מדרש־בענק, טיף מיט תורה און וויסן. און אַז אָט־אָט, ווי נאָר עס וועט זיך ביי זיי אויספּענטען די „גרינגע איראָפּעאישע צונג" וועלן זיי קענען ווייזן די אַמעריקאַנער חכמים ווער עלטער איז.

פון שטענדיק אָן בין איך געווען אַ שעמעוודיקער. מיר איז בכלל נישט אַזוי לייכט צו געפינען זיך היימיש אין אַ פרעמדער סביבה. האָב איך, אין די ערשטע נעכט פון דער אָוונטשול, זיך געפילט זייער נישט אין דער היים. מיין אַלטמאָדישע פאַרזעסענע און פאַרדאַרטע לערערין האָט גערעדט און געטענהט, און מיר האָבן גאָרנישט פאַר־שטאַנען וואָס זי רעדט. נאָכדעם ווי איך האָב שוין אַזוי „אָפּגעלערנט" עטלעכע אָוונטן, מאַכט זיך איין מאָל אַזאַ פאַל:

אין מיטן פון איר לערנען און „עקספּליינען" עפּעס צו דעם פולן עמיגראַנטן־קלאַס, לייג איך אַריין די הענט אין מויל אַריין און — לאָז אַרויס אַ ווילדן קוויטשיקן פייף. איך ווייס באמת נישט וואָסער ביי־זער רוח האָט מיך באַהערשט. איך בין גאָר קיינמאָל נישט געווען קיין פייפער און נישט קיין בן־פייפער. איך האָב אפילו יינגלווייז אין חדר מיט גרויס הנאה געדאַרפט צוצוקוקן ווי די חברים מיינע פייפן אַלער־ליי סאָרטן פייפערייען און איך קאָן אפילו קיין פשוט איינטאָניקן פייף נישט אַרויסלאָזן. אַלערליי תחבולות פון מיינע חברים האָבן נישט גע־האָלפן מיך אויסצולערנען די פייף־קונץ — און דאָ האָב איך פּלוצעם מעשה שטן אין דער פרעמדער אַמעריקאַנער פּאַבליק־סקול אַזוי ווילד זיך צעפייפט.

איז דאָס אפשר מיין אונטערדריקטער פייף־אינסטינקט אַרויס פון די האַלאַבאַליעס און זיך באַפרייט פון זיין גיהנום אין מיין היגטערבאַ־

וואוסטזיין? צי האָבן דאָ זיך געמיט גוטע מלאכים? האָב איך, מיט דעם פייף, אַרויסגעגעבן מיט דער גאַנצער נשמה, מיט כוונה, ממש מיט כל־עצמותי, געדאַרפט עפּעס מתקן זיין? (ווי דער דאָרפס־צדיק אין דער יידישער פאָלקס־לעגענדע). האָב איך געדאַרפט צערייסן מיין וויסטן אימיגראַנטישן גזר־דין און אַ ביסל פאַרקערעווען מיין איינזאַמען, פול מיט בענקעניש געשטן גורל? וואָס דאָס זאָל נישט געווען זיין — אָט דער ווילדער, אומגעריכטער פייף מיינער האָט צערודערט דעם גאַנצן קלאַס. אַלע האָבן זיך פּלוצעם אומגעקוקט אויף מיר און איך בין טאַקע געבליבן זיצן אין געהאַקטע וואונדן, פאַרשעמט און צעוויטיקט. איך האָב זיך געוואונדערט ווי קומט עס צו מיר אַזאַ אומגעריכטער פייף.

די לערערין האָט עפּעס געשריגן אויף מיר, מסתמא האָט זי מיר איינגעטיילט אַ פאַרציע מוסר: איך דאַרף נישט מיינען דאָס איך געפין זיך אין דער ווילדער „אַנסיוויליייזד ראָשיאָ". זי האָט מיר געגעבן אַ צעטל און עפּעס באַפוילן. נאָך פיל אָנשטרענגונג האָב איך פאַרשטאַנען אַז זי שיקט מיך צום פּרינציפּאַל אין אָפיס, וואו איך דאַרף „עקספּליי־נען" און זיך „עקסקיוזן" פאַר דעם משונהדיקן פייף. צום פּרינציפּאַל אין אָפיס בין איך מיט איר צעטל נישט געגאַנגען. מיט יענעם פייף האָט זיך געענדיקט מיין שול־קאַריערע אין אַן אַמעריקאַנער פּאָב־ליק־סקול.

## איך אַרבעט אין אַ גלאָז־הוטע

מיין באַשלוס צו ווערן אַן אמתער אַרבעטער, אַ פּראָלעטאַריער, ווערט אַלץ שטאַרקער און פעסטער ביי מיר. מיינע ברידער זיינען קעגן דעם, אָבער איך לאָז זיך אַליין אַרויס זוכן אַרבעט. אין מיין כשערער באַאיוויטעט וויל איך טאַקע ווערן אַ ריכטיקער שוועראַר־בעטער. סטייטש — „מיר מוזן באַווייזן דער וועלט אַז מיר זיינען נישט בלויז קאָפּ־מענטשן", און לאָזט מען אונדז צו, וועלן מיר טאַקע טאָן די שווערסטע אַרבעטן. און מיר דאַרפן נישט זיין בלויז אַ שער־און נאָדל־פאָלק, בלויז שניידערס אין אָנקל מאָזעסעס שוויץ־פאַבריקן.

לאָז איך זיך אַרויס זוכן אַרבעט ביי די שיפן, ביי די אייזנבאַנען. אָבער אין אַלע אַרבעט־אַגענטורן וואו איך קום ענטפערט מען מיר: „נאָט פאַר יו", נישט פאַר דיר. איך בין הייסט עס צו איידל געפּאַטש־קעט פאַר די אַרבעטן. ווי איינער אַן אָנגעשטעלטער אין אַזאַ אַרבעט־אַגענטור, אַ ייד, האָט מיר טאַקע געזאָגט: „טו אויס צוערשט די ברילן,

נאָכדעם קום זוכן אַרבעט אין די פּלעצער". איך זוך אָבער מיט עקשנות אַרבעט אין די פאַרשיידענע פאַבריקן אַרום שטאָט און אָט — נאָך עטלעכע טעג פון איינגעשפּאַרטן זוכן געפין איך אַרבעט אין אַ גרויסער הוטע, אין אַ פאָרשטאָט פון מאָנטרעאָל, אין אַ געגנט פול מיט פראַנצויזן.

דעם ערשטן טאָג שטעלט מען מיך אַוועק אַרבעטן אין אַ גרויסן הויף וואו עס געפינען זיך די סקלאַדן פון גלאָזוואַרג און שויבן. איך דאַרף העלפן אָנלאָדן די גרויסע קאַסטנס גלאָזוואַרג פון די סקלאַדן אויף די שווערע לאַסט־וועגענער. מע פאָרט מיך צונויף מיט אַ הויכן געזונטן זעקס־פוסיקן גוי. איך האָב שפּעטער אויסגעפונען אַז דאָס איז אויך אַ גרינער איטאַליענישער אימיגראַנט. צוערשט דאַרפן מיר אויסשטעלן די פאַרשיידענע קאַסטנס, גרויסע און קליינע, אין אָרדענונג. דאָס טו איך מיט חשק און ס'קומט מיר אָן נישט שווער. אַזוי אַרבעטן מיר אָפּ עטלעכע שעה, ביז מיטאָג־צייט. אַלץ גייט כשורה. איך בין זייער גליקלעך און שטאָלץ וואָס איך טו טאַקע אמתע פיזישע שווערע אַרבעט. אַזוי ווי מיטאָג איז דאָך אַ פולע שעה און אַזוי ווי איך קען דאָך מיט די אַרומיקע גויים — מערסטנס פראַנצויזן און איטאַליענער — קיין וואָרט נישט אויסריידן, נעם איך זיך אַרויס אַ ביכל וואָס איך האָב שטענדיק ביי זיך, איינס פון די ביכער פון די באַוואוסטע קלאַסיקער אין דער אויסגאַבע פון דער רוסישער „אוניווערסאַל־ביבליאָטעק" — און זעץ זיך אַוועק לייענען. די גויים קוקן מיך מאָדנע אָן: אַ טשודנער פּראָלעטאַריער בין איך אוודאי ביי זיי. פרעגן זיי מיך: „יו ראָשיען?" און איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ. באַלד הערט זיך די פאַבריק־סירענע. מע דאַרף צוריק זיך נעמען צו דער אַרבעט.

איצט דאַרפן מיר אַרויפלייגן די קאַסטנס אויף די לאַסט־וועגענער, נו, ווען ס'איז נאָך געווען די קלענערע קאַסטנס, האָב איך זייער פּינקטלעך דורכגעפירט די אַרבעט און געהאָלפן מיין געזונטן שותף גלייך אויף גלייך. ווען ס'איז אָבער געקומען צו די שווערע קאַסטנס, איז שוין געווען צרות. מיר ביידע דאַרפן הייסט עס הייבן קאַסטנס. דער הויכער איטאַליענער גיט אַ הייב אויף זיין זייט, שנעל, טאַקע ווי מען דאַרף, און איך — מיט אַלע מיינע יאָרן פון לערנען אין בית־מדרש און דיסקוטירן מיט פּנחסעס כנופיה וועגן אַלע זאַכן וואָס שטייען ברומו של עולם, האָב מיין זייט קאַסטן נישט געקענט אפילו אַ ריר טאָן פון אָרט.

דער גוי שטייט, רייסט זיך אונטער די זייטן, צוהאַלטנדיק פעסט זיין עק קאַסטן. איך קוק אויף אים מיט מורא. ווער ווייסט וואָס ער וועט דאָ טאָן? צום סוף רופט ער זיך אָן צו מיר: „באַי, יו גאָ, ריד בוק, מי פיקס עוועריטהינג" (בחור — הייסט עס — דו גיי לייען דיין ביכל, איך וועל שוין אַלץ אַליין טאָן). און אַזוי האָט ער נעבעך אַליין געשוויצט אַ גאַנצן טאָג. איך בין געזעסן אין אַ זייט און מיט ווייטיק מקנא געווען די ידי עשו זיינע. ווייזט אויס אַז ס'דאַרף בעמען אַ שטיקל צייט פאַר יעקבן און פאַר געוועזענעם בית־מדרש־בחור צו טאָן די אמתע זעת־אַפּימדיקע אַרבעטן. און ווער איז שולדיק אין דעם? דער גוי האָט דעם פאַרמאַן נישט דערציילט און פאַרנאַכט האָט מען מיר באַצאָלט פאַר אַ טאָג — דאַכט זיך 3 דאָלער. איך האָב ווי עס איז אַרויסגעבעבעבעט אַז די אַרבעט איז נישט פאַר מיר. אַזוי ווי די פאַב־ריק האָט זיך זייער גענייטיקט אין אַרבעטער, האָט מען מיר געזאָגט, אַז אויב איך וויל, קען איך אַרבעטן אינעווייניק אין דער הוטע גופא, טאָקע ביי די אויוונס. איך וועל אָבער מוזן אַרבעטן ביינאַכט. איך האָב גערן מסכים געווען און בין אַהיימגעפאָרן אַ גליקלעכער נאָך מיין ערשטן טאָג אַרבעט אין אַן אמתער פאַבריק פון דער גרויס אינדוס־טריע און מיט מיינע ערשטע דריי דאָלער פאַרדינסט אויפן אַמערי־קאַנער באָדן.

די מאַמע האָט שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דער „שטעלע" מיינער, אָבער איך האָב דערקלערט אַז איך וויל שטיין אויף אייגענע פיס, איך וויל נישט לעבן אויפן חשבון פון מיינע ברידער. איך בין געקומען קיין אַמעריקע צו ווערן עפּעס, און דאָס איז מיין וועג. אַן עקשן בין איך שוין געווען פון פריער, האָבן אַלע אין הויז געמוזט מסכים זיין. צומאָרגנס, פינף אַזייגער פאַרנאַכט, האָב איך זיך געלאָזט מיט אַ פּעקל עסן אין האַנט, ווי אַן אמתער אַרבעטער, צו דער גלאָזפאַבריק.

זיכער האָט צווישן די אַלע גוטע כוונות זיך צו פּראָלעטאַריזירן אויך געשטעקט אַ ביסל אַוואַנטורישקייט. איך בין אַלע מיינע יאָרן, פון די בית־מדרש־טעג ביז איצט (ווען איך קריך שוין באַלד אַריבער די מיטעלע יאָרן און דאַרף שוין לעבן אמתדיק סטאַטעטשנע, מעשה בעל־הבית) אַ שטענדיקער בעלן אויף אַזעלכע אַוואַנטורעס. אין מיינע יינגערע יאָרן, ווען מע דאַרף יעדע זאַך אָפּשטעמפּלען מיט אַ טעאָריע האָב איך דאָס גערופן: וועלן אַנטלויפן פון אַ פיליסטעריש לעבן און געטענהט אַז פרייע מענטשן טאָרן נישט זיך איינצאַמען אין אַ קאָנווענ־

ציאַנעלער לעבנס־רוטין. יעדער שעפּערישער מענטש איז דערפאַר אַ באַהעם און אַ פּראָטעסטאַנט קעגן די קליינבירגעלעכע דאָגמעס און פּירונגען. אין יענע נאַאיווע יאָרן, ווען מיר האָבן זיך גענומען פאַר אַ מוסטער די העלדן פון האַמסונען (נאַגעל, למשל, אָדער פון פּשיבי־שעווסקין), האָבן אַ סך פון אונדז געוואָלט נאָכטאָן די פרייע באַהעמישע דרכים פון אָט די העלדן, אַחוץ אַלע אַנדערע זאַכן, איז מיר די אַר־בעט ליב געווען, ווייל זי וועט זיין ביינאַכט, ביי גרויסע שמעלץ־אויוונס, וואו פייער־צונגען וועלן זיך וואַרפן אין אַלע זייטן. איך בין געווען זייער גליקלעך. איי, ווען מיינע חברים פון מיין קרייז אין פּיעטריקאָוו זעען דאָס!

און אָט בין איך שוין טאַקע אינעווייניק, אין דער גרויסער הוטע. מע שטעלט מיך אַוועק לעבן אַן אויוון. צוזאַמען מיט אַנדערע דאַרף איך אויסליידיקן קאָשיקעס מיט גלאָזוואַרג, נאָכדעם ווי זיי האָבן דורכגע־מאַכט פאַרשיידענע פּראָצעסן פון אָפּבאַקן און אָפּקילן. די אַרבעט מוז גיין זייער שנעל. די קאָשיקעס רוקן זיך מעכאַניש און מען דאַרף שנעל אויסליידיקן איין קאָשיק, ווייל באַלד קומט אָן אַ צווייטער. איך אַרבעט מיט פלייס, מיט כוונה, איך קוק זיך אַרום, פון אַלע זייטן — אויוונס, פאַרשיידענע „הייסע" און „קאַלטע". ביי די הייסע אויוונס שטייען די אמתע בעלי־מלאכות, די גלאָז־בלאָזערס און פייערדיקע שטיקלעך גלאָז פון אַלע זייטן. דאָס אַרבעטן זיי אויס באַזונדערע סאָרטן גלאָזוואַרג. אפשר הונדערטער אַרבעטער שטייען ביי די אויוונס. עס איז זייער אַ גרויסער שאַפּ, פון אַלע ווינקלען זע איך פייער־קנוילן. פון די אויוונס וואַרפן זיך פייער־צונגען. אומעטום — פייערן און פייערן, פייער־רע־דער, פייער־צונגען, פייער־קוילן. אַלץ מאַכט אויף מיר אַ טיף־מיסטישן איינדרוק. אָפּטמאָל שרעק איך זיך: וואָס טו איך, ווען די אַלע גויים כאַפּן מיך — אַ יידיש יינגל, מסתמא דעם איינציקן דאָ, און וואַרפן מיך אויך אַריין אין די אויוונס?! און אָט דערמאָן איך זיך ווען איך פלעג אויף־זיין ביינאַכט אין שטיבל און מיט חברים לערנען שיעור. ס'ווערט מיר אַזוי אומהיימלעך און שווער. בין איך טאַקע אויפן ריכטיקן פּלאַץ? קען איך און זאָל איך אויך ווערן אַ גלאָז־בלאָזער? איז דאָס מיין אָנגע־צייכנטער וועג?

אין דער גלאָז־פאַבריק, טאַקע אויף דער נאַכט־וואַכטע, האָב איך געאַרבעט עטלעכע וואָכן. איך פלעג אַהיימקומען אין דער פרי, אַ זיי־גער זיבן־אַכט, עפּעס אָפּעסן, און זיך לייגן שלאָפן. איך פלעג אַזוי אָפּ־

שלאָפֿן ביז אַ זייגער צוויי, עסן מיטאָג און לאָזן אין שטאָט אַריין, צו לאַ־זאַרוסעס בוכהאַנדלונג. איצט האָב איך דאָך שוין געקאָנט קויפֿן בייע־ביכער מיט מיין אייגן געלט. אַסך מאָל פֿלעג איך גיין אין טעאַטער, אין קינאָ. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך גיי אויפֿן ריכטיקן דרך. לאָמיך נאָר גוט אויסלערנען דעם פֿאַך, לאָמיך ווערן אפֿשר דער ערש־טער מאָנטרעאָל יידישער גלאָז־אַרבעטער און נאָכדעם — וועל איך זיך נעמען דורכפֿירן די אַנדערע צילן וואָס איך האָב זיך פֿאָרגענומען אין אַמעריקע.

מיין פּראָלעטאַריזאַציע־גליק האָט זיך אָבער באַלד אויסגעלאָזט. עס איז געוואָרן סלעק אין גלאָז־פֿאַבריק. האָט מען מיך משלח געווען צווישן די ערשטע. מסתמא האָט דער פֿאָרמאַן דאָרט נישט אַזוי שטאַרק געהאַלטן פֿון מיינע 17־יאָריקע שווער־אַרבעטאָרישע פֿעאיקייטן.

## איך לערן זיך קאַטעריי

די פּרוּוון צו געפֿינען אַרבעט ביי דער אמתער ניט־יידישער גרויס־אינדוסטריע, האָבן זיך מיר ניט איינגעגעבן. האָבן מיינע ברידער גע־פּועלט ביי דעם בעל־הבית פֿון זייער פּרויען־מאַנטל־פֿאַבריק מיך אַריינ־צונעמען אַלס לערן־ייִנגל אין „קאַטינג־רום", כדי איך זאָל זיך אויס־לערנען די מלאכה פֿון צושניידעריי און ווערן אַ 'קאַטער'. און אַ צו־שניידער, ספּעציעל ביי דאַמען־מאַנטלען, האָט זיך גערעכנט פֿאַר עפּעס אַן אינטעליגענטערן, העכערן פֿאַך; ס'איז דאָך נישט קיין פּשוטע שניידעריי, וואָס וואָלט זייער נישט געפּאַסט מיינע ברידער, וועלכע האָבן רק געוואָלט אַז איך זאָל זיך פֿאַרנומען כאָטש מיט עפּעס אַן אינ־טעליגענטערער אַרבעט.

די פֿאַבריק — אַ גרויסע פֿירשטאָקיקע געביידע — איז געווען איינע פֿון די גרעסטע 'קלאָוק־שעפּער' אין מאָנטרעאָל. מיין עלטערער ברודער איז דאָרט געווען אַ גאַנצער מיוחס — דער סעמפּל־מאַכער און דער 'שאָפּ־טשערמאַן' פֿון דער יוניאָן. ער האָט דערפֿאַר געקענט פּועלן ביים בעל־הבית — אַ טשיקאַווער דייטשער יאַהודי, אַ מר. וואַלדמאַן — אַז ער זאָל מיך אַריינגעמען אָן באַצאָלט. מען האָט צו לערנען זיך קאַ־טעריי געדאַרפֿט צוצאָלן דער פֿירמע — אַזאַ יחוסדיקער פֿאַך איז עס געווען. הייסט עס, אַז איך בלייב אויך ביי עמך־ישראל, שער און אייזן. וואָס קען איך אָבער טאָן? אַרבעטן מוז מען דאָך און צו די גויאישע מלאכות קען איך ניט אָנקומען.

די פיר שטאָק פון דער שאַפּ־געביידע איז געווען איינגעטיילט אַזוי: אין גרויסן קעלער איז געווען דער „סטאָק" רויע סחורה און אַלע סאָרט מאַטעריאַלן; אויפן ערשטן שטאָק איז געווען די קאַנטאָר און די 'שאָו־רומס'; אויפן צווייטן שטאָק איז געווען די 'קאַטינג־רום', עס האָבן געאַרבעט אַ 10 קאַטערס, און די אָפּגעשניטענע גאַרמענטס. די פּאַרטיקע 'סטאָקס' און די נייטיקע מאַטעריאַלן; אויפן לעצטן שטאָק איז געווען דער שאַפּ, וואו עס האָבן געאַרבעט די אמתע בעל־מלאכות, די אָפּעראַ־רייטאָרס, די שניידערס, די פיינישערינס, די פּרעסערס און אַלערליי אַנדערע נייטיקע הענט. דאָרט האָבן אין סעזאָן געאַרבעט איבער 100 אַרבעטער. ווען איך בין אָנגעקומען איז טאַקע געווען דער פולער ברען פון סעזאָן און איך בין טאַקע תיכף אַריינגעפאַלן ווי אין אַ גיהנום.

צוערשט האָט מען מיך מכבד געווען מיט אויסקערן דעם גרויסן קאַטינג־רום. די חברה קאַטער־אַרבעטער זיינען אַלע אַחוץ איינעם געווען אַמעריקאַנער באָיעס, וואָס האָבן ניט געקענט קיין יידיש וואָרט. נאָכדעם ווי מיין ברודער האָט דער חברה דערציילט וועגן מיר און מסתמא אויך וועגן מיין יחוס און איז גלייך אַרויף צו זיין שטאָק אַרבעטן, איז צוגעקומען צו מיר אַ בחור (כ'האָב נאָכדעם אויסגעפונען אַז דאָס איז געווען דער הויפּט־צושניידער, „העד־קאַטער", בלע"ז) און האָט מיך טאַקע גלייך, ווען ער מיך מדריך זיין אין הלכות קאַטעריי — מכבד געווען מיטן בעזעם, איך זאָל ,הייסט עס, אויסקערן דעם שאַפּ. האָט ער טאַקע עפּעס געדברט צו מיר, מסתמא ווען ער זיין זייער פריינדלעך. אָבער איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס ער דברט, ביז דער איינער וואָס האָט יאָ געקענט יידיש, אַן אימיגראַנט טאַקע, האָט מיר פאַרטייטשט אַז דאָס דאַרף איך נעמען דעם בעזעם און אויסקערן. אָט אַזוי, האָט ער געזאָגט, לערנט מען זיך קאַטעריי. און ער האָט עס אויך געטאָן.

און אַלע קאַטערס — גוטמוטיקע אַמעריקאַנער חברה־לייט, מיט וועמען איך האָב זיך שפּעטער זייער באַפריינדט — האָבן מיך אָנגעקוקט אַזוי מאָדנע. מסתמא האָבן זיי זיך געוואונדערט: וואָס הייסט אַ בחור פאַרשטייט ניט ווען מען הייסט אים אויסקערן? מיר איז, געווען מאָדנע אויפן האַרצן. איך, הערשל חיים דודס, דער געוועזענער עילוי פון פּיעטריקאָוו, דער וועמען דער מיליאָנער שערעשעווסקי האָט געוואָלט אויף זיינע הוצאות אַוועקשיקן אין דער שווייץ שטודירן, האָב דאָס אַלץ אַוועקגעוואָרפן כדי צו קערן עפּעס אַ שאַפּ אין אַמעריקע

צווישן האַלב־יידישע בחורים, וואָס לאַכן און מאַכן מסתמא חוזק פון מיר? איז דאָס טאַקע מיין תכלית? צוליב דעם האָב איך זיך דאָס באַפרייט פון דעם „פינצטערן געטאָ?"

באַלד איז מיין וויטיק און שאַנד נאָך גרעסער געוואָרן. אין מיטן קערן הער איך ווי עמעצער שטורעמט עפּעס אויף ענגליש אונטן, ווי אַט דער שטורעם הייבט זיך העכער און העכער — דורך דעם עלע־ווייטאָר צו אונדז אַרויף אויפן שטאָק. ווען דער עלעווייטאָר קומט אָן, רוקט זיך אַרויס אַ געזונט געפּאַקט יידל מיט אַ גראָבן ציגאַר און שרייט אויפן צווייטן וואָס פּאָרט מיט אים (כ'האָב שפּעטער אויסגעפונען אַז דאָס האָט ער געשריען אויפן 'מענעדזשער'). כ'האָב פאַרשטאַנען אַז דאָס מוז אוודאי זיין דער באַלעבאָס, ווייל אַלע האָבן זיך געשטעלט ערנסט־פּאַרטיפט אַרבעטן. דער „שטורעם" לויפט טאַקע פאַרביי פאַר אַלע שנייד־טישן און רדן ער שרייט און רק ער קאָמאַנדעוועט.

וואָס ער האָט דאָרט געשריען האָב איך נישט פאַרשטאַנען. אָבער נאָכדעם האָב איך שוין אויסגעפונען און פאַרשטאַנען אַז זיין שטענדיקער שריי־פּזמון איז געווען „גאַדעמיט". אויף אַלעמען און אויף אַלץ האָט ער אָנגעהויבן מיט דער „ברכה."

באַלד דערזעט דער „שטורעם" ווי איך שטיי מיטן בעזעם. לויפט ער צו מיר צו, כאַפּט אַרויס דעם בעזעם און „שטורעמט" אויף מיר — וואָס, ווייס איך ניט, מסתמא אַז איך קער ניט גוט.

דאָס האָט געדויערט נאָר עטלעכע מינוט. באַלד האָט ער זיך ווייטער געלאָזט מיטן עלעווייטאָר אַרויף אין שאַפּ און דאָרט ערשט אָנגעהויבן צו ליאַרעמען בקולי־קולות.

איך בין געוואָרן זייער דערשראָקן פון דעם ברוך־הבא. אָבער באַלד האָבן זיך אַלע קאַטערס צעלאַכט און דער יידיש־ריידנדיקער איז צו מיר צוגעקומען און דערקלערט, אַז דאָס איז דער בעל־הבית מר' וואַלדמאַן, אַז ער איז אַ שטיק משוגענער און אַ גרויסער שיכור, און אַז קיין אַנדער צוגאַנג צו די אַרבעטער ווי „גאַדעמיט" האָט ער ניט. אָבער מען לאַכט זיך אויס פון אים. דאָ איז דער גרעסטער און בעסטער שאַפּ פון שטאָט. זאָל מיך גאָרניט אַרן וואָס ער שרייט. ער קומט ניט אין שאַפּ אַריין צו אָפט, ווייל ער האָט אַנדערע געשעפטן און ער איז דערצו נאָך אַ גרויסער לעב־יונג, אַ הולטאַי און גיט זיך ווייניק אָפּ מיט די געשעפטן.

אַזוי האָב איך אָפּגעאַרבעט מיין ערשטן טאָג ביי 'קאַטעריי', גע־

קערט, דערלאַנגט שטיקלעך סחורה צו די קאַטערס, געפּרובירט אַ ביסל זיך צוקוקן צו דער אַרבעט. פאַרנאַכט ווען איך בין אַהיימגעפאָרן מיט מיינע ברידער, האָב איך זיי מיין גריבלערייען ניט דערציילט, נאָר געזאָגט אַז איך בין זייער צופרידן און אַלץ וועט זיין מסתמא ווי מען זאָגט אין אַמעריקע ׳אָל־רייט׳.

אויסצולערנען זיך קאַטעריי האָט געדאַרפט לויטן קאָנטראַקט געדויערן אַ צוויי יאָר. די ערשטע זעקס חדשים האָב איך געדאַרפט אַרבעטן אומזיסט, נאָכדעם האָב איך שוין געזאָלט קריגן במשך פון זעקס חדשים איין דאָלער אַ וואָך; שפּעטער — זעקס חדשים 5 דאָלער אַ וואָך און די לעצטע זעקס חדשים דאַכט זיך 10 דאָלער אַ וואָך. האָב איך די ערשטע וואָכן טאַקע געאַרבעט אומזיסט, אי געקערט דעם צושנייד־ציִמער און אַמאָל אויך די אַנדערע גאָרנס, האָב געשלעפּט און געהויבן די בינטלעך סחורה פאַר די קאַטערס, געבראַכט די נייטיקע צודאַטן. שפּעטער האָט מען מיך שוין געלאָזט מאַכן בינטלעך פון די צוגעשניטענע קליידער. דאָס איז שוין אַ ביסל אַ העכערע מדרגה. מע טאָר ניט צעמישן די „סטיילס" און די „סייזעס". מען האָט מיך צוגעלאָזט צום „סטאַק־רום", וואו איך האָב זיך שוין אויסגעלערנט צו דערקענען און אונטערשיידן די באַזונדערע מינים סחורות, פאַר ווינטער־און זומער־קליידער, די באַזונדערע מינים פאָטשעווקעס. נאָך שפּעטער האָט מען מיך שוין אפילו צוגעלאָזט צום שנייד־טיש, זיך לערנען שאַרפן דאָס שנייד־מעסער, ווי צו האַלטן עס ריכטיק בעת מען שניידט.

ווי געזאָגט, זיינען די בחורים געווען זייער פריינדלעכע אַמעריקאַנער יאַטן. עס האָט זיי אימפּאָנירט וואָס איך בין שיעור ניט געוואָרן קיין „ראַביי". זיי האָבן מיך טאַקע ערנסט געלערנט די מלאכה פון קאַטעריי. זיי האָבן מיך אויך געלערנט צו ריידן ענגליש און טאַקע מיטן ריכטיקן אַקצענט. אַ ביסל צרות האָבן זיי פון מיר געהאַט מיטן טה. זיי האָבן בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס איך, אַזאַ „אינטעלידזשענט באָי", קען ניט אַרויסריידן ריכטיק ווי זיי דעם ציפער 33, פאַרוואָס קומט עס שטענדיק אַרויס ביי מיר „טוידי טרי". האָבן זיי דערביי אויך געהאַט אַ ביסל ׳פאָן׳ אויף מיין חשבון. איינער פון זיי, אַ בחור אַ לץ, האָט דווקא די מערסטע נומערן פון די שטיקלעך סחורה און צודאַטן און אויך די מוסטערן באַצייכנט, פאַר שפּאַס הייסט עס, מיטן נומער 33, אָדער 1333. ווען מיר האָבן „גענומען סטאַק", האָב איך געדאַרפט אויסרופן די נומערן פון די סחורות וואָס זיינען געלעגן

אָנגעלייגט אויף די גרויסע שאַפּעס, און ער האָט געדאַרפט זיי פאַרשרייבן אויפן 'סטאַק'־בויגן. מעשה שטן האָבן עפּעס די מערסטע שטיקלעך סחורה געהאַט דעם נומער 33 אָדער 1333, צי 13. חברה האָבן זיך גע־קייקלט פון געלעכטער ווען איך פלעג אויסשרייען: טוידי טרי, — אָדער טוידי טרי־בי. דער יידיש־ריידנדיקער קאָטער האָט מיך געוואָלט אויסלערנען ריכטיק אַרויסצורייידן די ווערטער, אָבער ער איז, דאַכט זיך, זאָל ער מיר דאָרט מוחל זיין, אויך געווען שטומפּיק אויפן טה.

די אַלע שטיפערייען פון דער חברה זיינען אָבער געווען שטענדיק אין דעם פריינדלעכסטן גוטמוטיקסטן אופן. זיי האָבן באמת מיך רעס־פּעקטירט און טאַקע מיר אַריינגעקנעלט די מלאכה שנעלער ווי לויטן קאָנטראַקט. זיי האָבן אויך אין אַ האַלב צעבראָכענעם יידיש מיט מיר ליב געהאַט צו ריידן וועגן 'ראַשיאַ', וועגן דער 'רעוואָלושיאָן' וועגן די פּאָגראָמען אויף די 'דזשוס'.

סלעק־צייט איז קיין אַרבעט ניט געווען. מיר פלעגן גאַנצע טעג ליגן אויף די קופּעס סחורה און בעלעבעטשן. די קאָטערס האָבן גע־אַרבעט אויף קאָנטראַקטן און מען האָט זיי נישט געקענט אַוועקשיקן בעת סלעק. מיך מ'שטיינס געזאָגט האָט מען דאָך אויך ניט „אָפּגע־לייגט". פלעג איך אויף מיין „האַלב שטומען" אופן פּרובירן זיי אַריינ־ציען אין מיין וועלט אַריין. זיכער האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען וואָס איך וויל פון זיי, פאַרוואָס איך רייד שטענדיק מיט זיי נאָר וועגן ערנסטע פּראָבלעמען, פאַרוואָס אַ יונגער באָי ווערט ניט פאַרכאַפּט פון דעם אַמעריקאַנער בייזבאָל און אַנדערע ספּאָרטן. אַ פּאָר פון דער חברה האָבן אָבער עפּעס יאָ באַגריפן וואָס איך רייד, אַ פּאָר פון זיי זיינען שוין געוואָרן דאָ אָנגעשטעקט פון 'סאָשיאַליזם', 'זייאָניזם' און זיי האָבן שוין געהאַט אַנדערע אינטערעסן אַחוץ בייזבאָל.

בעתן גרויסן קלאָוקמאַכער־סטרייק אין מאָנטרעאָל אין 1910, זיי־נען אייניקע געוואָרן געטרייע פירערס פון סטרייק. איז עס טאַקע גע־ווען אַ נייס. אין די ערשטע יאָרן פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז זייער שווער געווען צו אָרגאַניזירן און מאַכן סטרייקערס פון די מיוחס־דיקע אַמעריקאַנער־געבוירענע קאָטערס. זיי האָבן ניט געוואָלט אַזוי שנעל צושטיין צו די יוניאָנס און צו די סטרייקס פון די 'ראַשען רעדי־קעלס' און 'פאָררייגנערס'.

## איך ווער אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט

דורך די עטלעכע חדשים וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין מאָנטרעאָל, האָב איך זיך שוין אַ היפּש ביסל אויסגעגרינט. איך האָב זיך באַקענט מיט נייע חברים, בין געוואָרן אַן אָפטער גאַסט ביי די פּועלי־ציון, און באַראָן הירש־אינסטיטוט, בין געוואָרן שוין אַ שטיקל איינגענער מיט דער חברה אויף די „מאַנטנס" און האָב אָנגעהויבן בכלל זיך אויסצומענטשלען.

אין מאָנטרעאָל איז דעמאָלט געווען אַן אַקטיווער פּוע"צ־פאַראיין, וואָס איז שוין געווען פאַראייניקט מיט די עס־טי. אַזוי ווי איך בין געקומען נאָך פון דער היים מיט נייגונגען צו פּועלי־ציון איז פאַר מיר געווען גאַנץ נאַטירלעך זיך אָנצושליסן אין מאָנטרעאָלער פאַראיין.

פאָרגעשלאָגן פאַר אַ מיטגליד האָט מיך אַ מיטלייענער אין דער ביבליאָטעק, מיט וועמען מיר איז אָפט אויסגעקומען צו שמועסן וועגן יידישע און העברעאישע ביכער. ווען איך האָב אים דערקלערט אַז פאַר מיר איז דער פּועלי־ציוניזם אַ ביסל נאָך קשה מחמת איך בין אַ הונדערט־פּראָצענטיקער יידישיסט און זשיטלאָווסקיאַנישער גלות־נאַציאָנאַליסט, האָט ער מיר געמאָלדן אַז דאָס דאַרף מיר ניט זיין קיין שטער, ער איז אויך אַ יידישיסט און אַ גלות־נאַציאָנאַליסט. ער איז פריער גאָר געווען אַן ס"ס און טאַקע אויף זשיטלאָווסקיס רוף איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון די צוויי ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען; אדרבא וואָס מער אַזעלכע ווי איך און מיר וועלן ווערן טעטיק אין די פּועלי־ציון, אַלץ מער וועט זיין קענטיק אונדזער יידישיסטישע אידעאָלאָגיע.

דער חבר איז געווען דער שפּעטער באַוואוסט־געוואָרענער יידישער קולטור־טוער און לערער שלמה בערקאָוויטש, וואָס האָט אין משך פון דרייסיק יאָר געווירקט אין דער יידישער קולטור־און שול־באַוועגונג אין אַמעריקע. מיר זיינען טאַקע פון דעמאָלט אָן געוואָרן די איבערגעגעבנסטע לעבנספריינד, צוזאַמען דורכגעפירט אַרבעטן, צוזאַמען געהאָלפן בויען די יידישע שול־באַוועגונג, צוזאַמען דורכגעמאַכט פאַרשיידענע קולטור־קאַמפן און אין משך פון יאָרן טאַקע צוזאַמען געווען זשיטלאָווסקי־און יידישיזם־אַמבאַסאַדאָרן אין פאַרשיידענע שטעט אין אַמעריקע.

ביי אונדזער ערשטער באַקאַנטשאַפט איז דער באַראָן דע הירש־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל זיינען מיר נאָך ביידע געווען גאַנץ יונגע צוציקעס, ער אַ ביסל עלטער פון מיר און דאַכט זיך שוין אַ חתונה־גע־

האַטער. אָבער באַאיוו און תמימותדיק זיינען מירביידע געווען. שפּע־טער איז אונדזער חברשאַפט און אויך אונדזער שטעלן זיך אויף אייגענע פיס געוואַקסן און געוואָרן ניכר אין שטאָט. עס איז געוואָרן אַ מין דוד־ויונתן־חברשאַפט צווישן אונדז. האָבן מיר טאַקע אין אונדזערע יונגע יאָרן געווירקט גייסטיק איינער אויפן צווייטן, זיך געטיילט מיט די פאַרשיידענע עגבערנדיקע פּראָבלעמען, געטראַכט און געגריבלט זיך צוזאַמען איבער פאַרשיידענע גרונט־פּראַגעס.

איצט זיינען מיר שוין ביידע מיטליאַריקע ייִדן, מע וואָלט געמעגט זאָגן „אויסגעדינטע סאָלדאַטן" ביי דער יידישער קולטור־באַוועגונג, כאָטש קיין פּענסיע קריגן מיר נאָך ביידע ניט. נישטאָ פון וועמען און נישטאָ אפשר פאַרוואָס. קיינער האָט אונדז נישט געבעטן צו טאָן די אַרבעט און קיינער האָט אונדז נישט גערופן, קנעלן מיר נאָך ביידע נאָך 30 יאָר דינסט פאַר דער שול און קולטור־באַוועגונג, מיט יידישע קינדערלעך, איך אין בראָנקס, ער אין דעטראָיט, מישיגען, און מיר פּרובירן פּונקט ווי אין די יונגע יאָרן צו מאַכן ווי מען זאָגט „פון קליינע ייִדן — גרויסע גוייִם". (געשריבן אַן ערך אין אָנהייב פופציקער יאָרן).

ווען מיין ערשטער נייער חבר אין מדינת אַמעריקע ר׳ שלמה בער־קאָוויטש האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו ווערן אַ מיטגליד פון פּועלי־ציון, האָב איך סוף־כל־סוף מסכים געווען. דעם קומענדיקן שבת אויף דער נאַכט האָט ער מיך טאַקע געפירט אין באַראָן דע הירש־זאַל און פאָרגע־שלאָגן פאַר אַ מיטגליד. כאָטש די פּ״צ, ווי יעדע ראַדיקאַלע אָרגאַני־זאַציע, האָט נישט קיין ספּעצילע איינשוווער־צערעמאָניעס, ווי די באַ־וואוסטע קאָמישע איינשווערונגען אין די ׳לאַדזשן׳ און ׳סאָסייעטיס׳, האָט מיר דאָס האַרץ גוט געטיאַכקעט, ווען בערקאָוויטש האָט מיך פאָר־געשלאָגן און דערציילט מיין יחוס און מיין זשיטלאָווסקיאַנישע רעזער־וואַציעס. ווען דער פאָרזיצער האָט מיך געפרעגט בעתן „גוט־הייסן", צי איך וויל עפּעס זאָגן , האָב איך, פון שרעק און שעמעוודיקייט דאָס מויל ניט געקענט עפענען און האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ אַז ניט. האָבן טאַקע חברים מיר שפּעטער דערקלערט, דערנאָך ווען ס׳האָט זיך מיר „געעפנט די צונג" און איך האָב אָנגעהויבן צו „מאַכן טראָבל" און קאָ־מאַנדעווען, אַז זיי האָבן זיך ניט געריכט אַז דאָס שעמעוודיקע ייִנגל וועט נאָכדעם גאָר ווערן שפּעטער אַזאַ שיסער, זיך ניט אונטערוואָרפן אונטער באַשלוסן פון צ. ק. (בעת דעם ערשטן קאַמף אין דער שול־באַ־וועגונג צווישן די ריינע יידישיסטן און צוויי־שפּראַכניקעס) און גאָר

העלפן שפּאַלטן די פּאַרטיי (בעת די שפּאַלטונג פון די פּועלי־ציון ביים פּיטסבורגער צוזאַמענפאָר אין 1920 אויף רעכטע און לינקע, איך בין געווען פון די 11 דעלעגאַטן וואָס זיינען דעמאָלט אַרויס פון דער פּאַרטיי).

דער מאָנטרעאָלער פּ״צ־פאַראיין איז געווען מיין געזעלשאַפטלע־כער וועגווייזער אין שטאָט, פון דאָרט בין איך אַריין אין דער קולטור־באַוועגונג, אין ביבליאָטעק, שפּעטער אין דער שול־באַוועגונג. אין דער באַרימטער מאָנטרעאָלער פּרץ־שול, וואָס איז אייך צייט געווען די גרעסטע יידישע שול אין אַמעריקע, בין איך געווען סעקרעטאַר און אָנפירער פון 1912 ביז 1921. די שול איז געגרינדעט געוואָרן פון די פּועלי־ציון. ווי אַ דעלעגאַט פון דעם פאַראיין, בין איך געוואָרן אַקטיוו אין דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג, אין דער גרינדונג פון פאָלקס־ביבליאָטעק און פאָלקס־אוניווערסיטעט, שפּעטער בעת דער וועלט־מלחמה אין פּיפּלס־רעליף, אין יידישן קאָנגרעס א. א. וו.

שפּעטער בין איך געוואָרן אויס שעמעוודיק. איך בין געוואָרן אַן עפנטלעכער רעדנער און אַ לעקטאָר. מיין ערשטע עפנטלעכע רעדע איז טאַקע געווען, ווען די אָרגאַניזאַציע האָט איינגעאָרדנט אַן עפנטלעכן הערצל־יאָרצייט. וויפל „לאַמפּן־פיבער״ מיין ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט האָט מיר פאַרשאַפט! כ׳האָב מורא אַז איך האָב טאַקע גע־רעדט וועגן אַלץ און וועגן אַלעמען, אָבער ניט וועגן דר׳ הערצלען. איך האָב שוין אויך פון צייט צו צייט, „צוליב דער זאַך״, געמוזט נעמען די פּען אין האַנט און שרייבן וועגן די אַלע טעטיקייטן און פּראָבלעמען.

אָט יענעם אָוונט, ווען מיין פריינד ר׳ שלמה האָט מיך מכניס געווען תחת כנפי קהלשע טעטיקייט, האָב איך צו פאַרדאַנקען וואָס איך בין געוואָרן אַ כלל־טוער און האָב אין די איבער 30 יאָר וואָס איך לעב אין אַמעריקע דאָ און דאָרט זיך מתעסק געווען בצרכי הציבור. איך האָב עס מסתמא געמיינט זייער ערנסט. איך האָף נאָר, אַז מיין קוואַטער בערקאָוויטש און די אַלע אַנדערע חברים וואָס האָבן מיך אָפּט „געפּושט״ אין די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן האָבן ניט געהאַט קיין חרטה.

## דער ערשטער ווינטער אין מאָנטרעאָל

דערווייל אַרבעט איך ביי קאָטעריי אין שאָפּ. איך פּראָגרעסיר נישקשהדיק און מיינע „לערער״ זאָגן מיר צו אַ גוטע צוקונפט ביים מיחוסדיקן שניידער־פאַך. עפּעס האָב איך ביי זיי נושא חן געווען, אפשר צוליב מיינע קאָמישע „טוירדי טרי״, צי אפשר צוליב מיין ברוי־

דערס יחוס, אין שאַפּ, אָדער גאָר אפשר צוליב מיינע נאַאיוו־ערנסטע רייד וועגן פּראָבלעמען מיט וועלכע איך האָב זיי געוואָלט באַקענען. אפילו דער ׳הער־קאַטער׳ וואָס איז געקומען פון ענגלאַנד און איז נאָר געווען אַ האַלבער ייד — אַ יידישער טאַטע און אַ סקאָטישע מאַמע — האָט אויך מיר צוגעוואָרפן פון צייט צו צייט פריינדלעכע ווערטער.

עס גייט אַריבער דער האַרבסט און עס קומט אָן דער ווינטער. יענעם יאָר איז טאַקע געווען דער אמתער קאַנאַדער ווינטער מיט פרעסט 10 און 20 אונטער נול און מיט אָפּגעפרוירענע אויערן און נעזער. פאַר מיר איז אַלץ געווען אַזוי ניי און איינדרוקספול. די מאָנטרעאָלער הייזער זיינען געבויט אין אַלט־פראַנצויזישן סטיל מיט געדרייטע טרעפּ אין דרויסן. יעדער בעל־הבית מוז ווינטער אין דער פרי אָפּקערן די קופּעס שניי פון די טרעפּ. די וואָס וואוינען אויפן ערשטן שטאָק מוזן, אויב זיי ווילן אַרויסגיין, אָוועקשאַרן דעם שניי פון די טירן — אַמאָל גאַנצע איילן הויך. האָט טאַקע יעדע פאַמיליע געמוזט איינשאַפן זיך אין בעל־הבתישקייט, אַחוץ אַ גוטן אויוון אַ „קוויבעק היטער” און גענוג טאָן קוילן, אויך די פאַרשיידענע מטלטלין צו שאַרן שניי, וואַרעמע מלבושים און היטלעך מיט גוטע אויערן־לאַצן.

יעדן טאָג, ווען מען גייט צו דער אַרבעט אָדער ווען מע קומט, זעט מען מענער און אַמאָל פרויען אָדער קינדער, אַרומגעפּעלצט ווי בערן, קערן אָוועק דעם שניי פון די הייזער און טרעפּ. אַלע האָבן דאָס געטאָן. פאַר די גרינע זיינען דאָס אויך געווען די ערשטע ווינטער־לעקציעס אין „קאַנאַדיזאַציע.”

קומט נאָר דער ווינטער, נעמט זיך די גאַנצע שטאָט, ד״ה דער גאַנצער גויאישער ׳בעסער־אָפּיקער׳ טייל פון דער באַפעלקערונג צו ווינטער־ספּאָרט. יעדן זונטיק, און אפילו אין די מיטן־וואָך־טעג, איז דער פּרעכטיקער, מיט שניי באַדעקטער באַרג פול מיט די ווינטער־ספּאָרטלער. ביי גויים — וואָס ווייסן זיי? באַטייליקן זיך אין די פאַרשיידענע אָרטיקע ספּאָרטן גאַנצע משפחות, טאַטעס, מאַמעס און קינדער — צענווייז, צוועלפווייז פאַקן אָן דעם טאַבאַגאַן (אַ ספּעציעלער מין שליטן) און לאָזן זיך אַראָפּ פון די פאַרשיידענע שניי־בערג פון אַלע זייטן פון מאָנטרעאָל. די רייכערע האָבן זייערע ספּאָרט־פּאַרטיס אין די ספּעציעלע סקי־פעלדער און ווינטער ספּאָרט־קלובן. און ס׳איז טאַקע אַ מחיה צו קוקן ווי אַלע, אָנגעפּעלצט, אין וואָל־געשטריקטע קאָסטיומען,

מיט רויטע פּאַרפרוירענע באַקן, אַלע אַלט און יונג געניסן פון מלך־ווינטער.

ס'רעדט זיך נאָר אַלע. זיכער ניט די אָרעמעלייט, און זיכער ניט אונדזערע היימישע יידישע לייט. ווי ווענלן זיך יידן גאָר נאַריש מאַכן מיט אַזעלכע הבלי עולם־הזה? די קינדער, זעט איר, איז שוין אַנדערש. ביי זיי איז ניטאָ קיין אָפּהאַלטן זיך. אפילו אונדזערע גרינע קינדער־לעך, וויבאַלד זיי אַקלימאַטיזירן זיך נאָר אין דער נייער סביבה, נעמען זיי אָן דאָס נייע לאַנד פאַר אייגנס מיט אַלץ וואָס עס גיט, נעמען אָן אפילו די גויאישע ספּאָרט און טעדי־בער־בגדים און ס'ווערט אייגנס. שפּע־טער, ווען אונדזער פּרץ־שול איז געוואָקסן, האָבן מיר אויך געמוזט איינפירן אין דער פּראָגראַם פון די שול־קלוב־טעטיקייטן „טאָבאָגאַ־נינג" און האָקי־שפּיל און שליטן־עקסקורסיעס, און אָסור צי עס האָט אפילו אונדז, די עלטערע, געשאַט אָט די הבלדיקע ווינטער־ספּאָרטן. מיר האָבן דערזען אַז גויים זיינען ניט שטענדיק אַזוי נאַריש און עם־הדומה־לחמוריק.

יענעם ווינטער האָט מען נאָך אין מאָנטרעאָל אויפגעבויט אַ וואונ־דער־שיינעם אייז־פּאַלאַץ. עפּעס איז געווען אַן אויסשטעלונג פון קאַנאַ־דער ווינטער־ספּאָרט און אויף אונדז גרינע האָט דער פּרעכטיקער בנין אין צוויי שטאָק, איינגאַנצן פון אייז, געמאַכט אַן אויסערגעוויינטלעכן איינדרוק. עפּעס האָבן מיר דאָך אין דער היים אויך הנאה געהאַט פון ווינטער. ווי חדר־ייִנגלעך פלעגן מיר זיך קייקלען און שפּילן אין שניי, מאַכן שניי־מענטשן, וואַרפן זיך מיט שניי־פּילקעס, אפילו גליטשן זיך אויף אייגן־געמאַכטע הילצערנע לוזשבעס. מיר פלעגן אויך זען ווי די פּריצים, סטודענטן און סטודענטקעס גליטשן זיך אין גובערנאַטאָרס גאָרטן אויף אמתע שטאָלענע לוזשבעס. אין וואַרשע האָב איך אויך שוין געזען ווי אין קראַשינסקיס גאָרטן קומען פאָר גאַנצע ווינטער־גליטש־וועטן, מע טאַנצט אויפן אייז, און די סאָלדאַטישע מוזיק שפּילט צו. אָבער אַזאַ מין הנאה האָבן פון ווינטער קענען נאָר די פרייע לוסטיקע אַמעריקאַנער.

סיי־ווי־סיי בין איך נאָר ביי די אַלע זאַכן געווען אַ צוקוקער. און ביזן היינטיקן טאָג שוין אַ אויסגעגרינטער און אַמעריקאַנער בירגער, בין איך אַן אָנהענגער פון די אַלע העלעניסטישע פּירונגען — טעאָ־רעטיש, פּראַקטיש טויג איך זיך ניט אויס, און עס פאַרדריסט מיך דע־רויף אפילו איצט שוין. צופיל געקוועטשט יונגערהייט די בית־מדרש־

בענק! איך האָב באַוואונדערט און אפשר אין האַרצן אויך מקנא געווען די אַלע קונצנמאַכערס אויפֿן שניי און אויפֿן אייז. ווי אַן איבערגעגע־בענער ציוניסט און טעריטאָריאַליסט, האָב איך געחלומט אַז די נייע יוגנט אונדזערע, וואָס וועט אויסוואַקסן אין אונדזער אַן אייגן לאַנד, טאַקע ביי יידישקייט אָבער ביי מאָדערנער וועלטלעכער יידישקייט, וועט אויך באַהערשן די גויאישע ספּאָרטן און קונצן. אָט זעט מען דאָך ווי די אַמעריקאַנער געבוירענע יידישן יוגנט טויג זיך אויס צו די אַלע ספּאָרטן.

און ווער האָט דעמאָלט בכלל געהאַט צייט צו טראַכטן צופֿיל פֿון דעם אַלעם, ווייל צוזאַמען מיט אַלע איבערראַשונגען פֿון קאַנאַדער ווינטער, מיט זיינע ספּאָרטן און שניי־פּאַלאַץ און אַנדערע אַמעריקאַנער שטיק, האָב איך שוין דעם ערשטן ווינטער פֿון מיין זיין אין אַמעריקע בעסער געקענט אויספֿירן איינע פֿון מיינע הויפּט־כוונות ביים קומען קיין אַמעריקע: זיך אַנשליסן אַקטיוו אין די קעמפֿנדיקע אַרבעטער־מחנות. עס איז דערקלערט געוואָרן דער גרויסער גענעראַל־סטרייק אין דער קלאָוק־אינדוסטריע, מיין עלטערער ברודער איז געווען פֿון די הויפּט־פֿירערס פֿון סטרייק און איך בין דורך דעם אויך געווען אַן איי־גענער נאָענטער מחותּן.

## דער סטרייק

דאָס איז געווען אין יענע היסטאָרישע יאָרן פֿון חבלי לידה פֿון דער יידישער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג. די גרויסע יוניאָנס, ספּעציעל די שניידער־יוניאָנס האָבן זיך אָנגעהויבן צו בויען. דאָס זיינען געווען די יאָרן, ווען דער סוועט־שאַפּ האָט געקראָגן זיינע לעצטע קבורה־שופֿלען; ווען די פֿרישע אימיגראַנטן־שטראָמען, געקומען ערשט פֿון די שטור־מישע רוסישע רעוואָלוציע־כוואַליעס, האָבן זיך מער ניט דערשראָקן פֿאַר זייערע בעלי־טובֿות. דער יידישער שניידער־אַרבעטער איז איצט שוין געווען באַוואוסטזיניק, האָט שוין פֿאַרשטאַנען וואָס עס מיינט קאַמף און אייניקייט.

ווי באַוואוסט איז 1910 דאָס געבורט־יאָר פֿון דער נייער קלאָוק־מאַכער־יוניאָן. איבער אַלע שטעט אין אַמעריקע — אין דעם גרויסן ניו־יאָרק און אין די אַנדערע קלאָוק־צענטערס, איז פֿאָרגעקומען דער גענעראַל־סטרייק פֿון די שניידער־אַרבעטער. דאָס מאָל — ניט ווי פֿריער

אין די אָנקל־מאָזעס צייטן — איז דער סטרייק געווען דערפּאָלגרייך פֿאַר די אַרבעטער.

אויך אין מאָנטרעאָל איז פֿאָרגעקומען אַ גענעראַל־סטרייק ביי ׳קלאָוקס׳. כמעט דער גאַנצער וואַלדמאַנס שאַפּ, וואו איך האָב זיך געלערנט קאַטעריי, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין סטרייק, אויך די ענגליש־ריידנדיקע מיוחסדיקע קאַטערס האָבן צום ערשטן מאָל געסטרייקט. מר׳ וואַלדמאַן, וואָס איז דאַכט זיך געווען דער פּרעזידענט פון ׳מאַנו־פעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן׳ האָט זייער שטאַרק באַקעמפט די יוניאָן.

ער איז נאָך פון פריער געווען אַן איידעלער, „דזשענטלמען״ צו זיינע אַרבעטער מ׳ט זיין שטענדיקן קוויטשען און באַליידיקן: „גאַדע־מיט, גאַדעמיט״. ווי אַ מענטש האָט ער קיינמאָל צו די אַרבעטער ניט גערעדט. מיין ברודער, וואָס איז געווען דער שאַפּ־טשערמאַן, האָט מיר טאַקע דערציילט ווי דער מר׳ וואַלדמאַן האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געקראָגן פון אַ פּרעסער מיט אַן אייזן אין קאָפּ, ווייל ער האָט זייער מיאוס באַליידיקט אַ מיידל, אַ פּינישערין, אַ רוסישע רעוואָלוציאָנערקע, וואָס האָט אין שאַפּ געחלשט, ווען דער נבזהדיקער באָס האָט איר גערופן מיט מיאוסע נעמען. אַזוי האָט ער קיין יידיש ניט געקענט, נאָר מיאוסע זידלווערטער אויף יידיש האָט ער פאַרמאָגט אַסך.

איצט, בעתן סטרייק, האָט מר׳ וואַלדמאַן געפּיניעט און געברענט. ביי אים זאָל מען סטרייקן! ער האָט דאָך געצאָלט די בעסטע שכירות אין שטאָט. אין סאַמע פּרילינג־סעזאָן זאָל מען סטרייקן ביי אים! אָבער ער וועט קיינמאָל ניט אָנערקענען די יוניאָן. וויל מען נאָך שכירות, גוט, איז ער וויליק צו צאָלן — נאָר די יוניאָן ניט.

כאָטש די גאַנצע „קאַטינג־רום״ האָט געסטרייקט, האָב איך ניט געקענט מ׳טסטרייקן אָפיציעל. ערשטנס בין איך נאָך ניט געווען אין דער יוניאָן, מחמת איך בין נאָך ניט קיין בעל־מלאכה, צווייטנס האָט מיין ברודער געהאַט אַ קאָנטראַקט מיטן בעל־הבית, און ער וואָלט איצט, אויס נקמה פאַר זיין סטרייק־פּירעריי, אים געמאַכט באַצאָלן אַ שטראָף פאַר ברעכן אים. האָט דער סטרייק־קאָמיטעט באַשטימט אַז אַזוי ווי איך וועל סיי־ווי נישט קענען שניידן די סקעב־אַרבעט, זאָל איך בעסער זיין אין שאַפּ, זיך צוקוקן צו אַלץ און יעדן טאָג באַריכטן אין הויפּט־קוואַר־טיר פון סטרייק וואָס עס הערט זיך.

מיך האָט פון אָנהייב זייער געשראָקן וואָס איך וועל נאָך ניט קענען זיין קול „פול געשוואוירענער״ סטרייקער, אָבער אין דער זעלביקער

צייט האָט מיר זייער הנאה געטאָן וואָס די יוניאָן רעכנט זיך מיט מיין מבינות און גיט מיר איבער אַכטונג צו געבן אויפן שאַפּ, פון אינעווייניק.

האָב איך טאַקע דורכגעפירט מיין שליחות בשלימות. יעדן טאָג געקומען אין דער יוניאָן און באַריכט וואָס עס הערט זיך אין שאַפּ, וויפל ׳סקעבס׳ עס זיינען דאָ, ווי זיי זעען אויס. אין „קאַטינג־רום״ זיי־נען גאָר קיין סקעבס ניט געווען, בלויז דער ׳דעזיינער׳ (פּאַסאָן־מאַכער) פלעגט צושניידן פאַר די עטלעכע ׳סקעבס׳. איינמאָל האָט מר׳ וואַלד־מאַן מיך געפרעגט צי איך קען שוין צושניידן קלאָוקס, האָב איך אים געענטפערט אַז ניין. האָט ער מיך באַשאָנקען מיט עטלעכע „גאָדע־מיטס״ און געפרעגט פאַרוואָס איך נעם געלט — ער האָט מיר שוין גע־צאָלט אַ דאָלער אַ וואָך.

דער סטרייק האָט זיך געצויגן זייער לאַנג, די פאַבריקאַנטן זיינען געווען זייער איינגעשפּאַרט. מען האָט נאָך עטלעכע חדשים עפּעס קוים זיך אויסגעגלייכט. אָבער די יוניאָן איז שוין געבליבן אַ פעסטע. שפּע־טער האָט מען ווידער געסטרייקט און דאָס מאָל שוין מיט מער דער־פאָלג פאַר דער יוניאָן, די מאַנטרעאָל ׳קלאָוק מאַנופעקטשורערס׳ האָבן איינגעזען אַז די איצטיקע שניידער־אַרבעטער זיינען שוין נישט קיין נעבעכדיקע באַנטשע־שוויגס.

נאָך עטלעכע חדשים, ווען איך האָב שוין געקענט אַביסל דעם פאַך און דער מר׳ וואַלדמאַן האָט דאַכט זיך אויפגעגעבן די ביזנעס, בין איך אַוועק אַרבעטן ביי אַן אַנדער סאָרט קאָטעריי.

צווישן מיינע ערשטע וויכטיקע דערפאַרונגען אין אַמעריקע איז אָבער געווען וואָס איך האָב זיך באַטייליקט אין סטרייק, טאַקע נאָך ניט ווי אַן אמתער סטרייקער אין פּיקעט, דערווייל נאָר ווי אַ משגיח פון דער יוניאָן.

## רעווערענד סמיט

נאָך מיין ביטערער דערפאַרונג מיטן לערנען ענגליש אין דער אָוונטשול, האָט מען מיר רעקאָמענדירט פאַר אַן ענגלישן לערער אַ גע־וויסן גלח רעווערענד סמיט וואָס גרייט צו סטודענטן אין אוניווערסיטעט און איז באַוואוסט אין שטאָט פאַר אַ זייער גוטן לערער.

צוערשט האָט מיך אַביסל שאָקירט צו לערנען ביי אַ גלח, און נאָך גיין צו אים אין הויז אַרייך, ווי זיין פיר איז געווען. וואָס וואָלט מיין חבר פון גערער שטיבל זלמן הורוויץ געטענהט ? אָבער איך בין דאָך אַ ראַדיקאַל, אַ פּראָגרעסיווער בחור, וואָס אַרט מיך אַ גלח, אפילו אַ טאַ־

טער, אַבי צום גוטן. אַחוץ דעם האָט מיך אפשר אין דער שטיל דווקא דעם לערערס גלחות גערייצט, געמאַניעט. לאָמיך טאַקע זען וואָס אַ גלח טוט, ווי אַזוי ער לעבט.

דער רעווערענד סמיט האָט געוואוינט אין איינער פון די גאַסן אַרום מאַקגיל אוניווערסיטעט, אין אַ פּרעכטיקער שטילער געגנט, ווי עס זיינען אין אַמעריקע די שכנישאַפטן פון קאָלעדזש. ער איז טאַקע געווען אַמאָל אַ לערער אין מאַקגיל. ווען איך בין אַריינגעקומען צו אים, האָט ער לכתחילה געמאַכט אויף מיר אַ מאָדנעם איינדרוק; אַ הויכער, אַ דאַרער און אַ קאָסאָקער, אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ גלחישער טוניק. זיין שטודיר־צימער איז געווען פול מיט ביכער, קיין סימן פון גלחשע מטלטלין, אפילו קיין קליינטשיקן צלם האָב איך ניט געזען. ער האָט גערעדט עפּעס מיט אַ מאָדנער אויסשפּראַך, לאַנג, צעצויגן וואָס אפילו איך אין מיין גרינקייט האָב דערקענט אַז זיין ענגליש איז נישט קיין קאַנאַדער.

ער האָט ניט תיכף אָנגעהויבן צו לערנען, נאָר פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס. פיל ווערטער זיינע האָב איך טאַקע נישט פאַרשטאַנען, אָבער גענוג צו וויסן אַז ער איז מיר מודיע אַז ביי אים מוז מען זייער ערנסט לערנען, אַז ער איז ניט סתם קיין לערער צוליב פּרנסה, ער דאַרף ניט קיין סך, ער איז ניט קיין קיין חתונה־געהאַטער. ער איז פאַראינטערע־סירט צו באַקענען יונגעלייט מיט דער רייכער ענגלישער ליטעראַטור און אויך מיט דער פּרעכטיקער ענגלישער שפּראַך פון ביבל־איבער־זעצונג. כדי צו אילוסטרירן וואָס ער מיינט, האָט ער תיכף אָנגעהויבן לייענען פאַר מיר אַ שטיקל „יוליוס צעזאַר" פון שעקספּירן. איך האָב געקוקט אויף אים ווי אַ האָן אויפן בני־אדם. אָבער מיך האָט שוין פאַר־אינטריגירט דער מאָדנער גלח, און איך האָב אויף מיין האַלב־שטומער שפּראַך צוגעזאָגט צו לערנען ביי אים מיט כוונה און אַרבעטן ערנסט און פלייסיק.

ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז דער רעווערענד סמיט גע־ווען אַ גרויסער שעקספּיר־קענער און טאַקע אויך אַ גרויסער בקי אין דער ביבל. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז ער קען גוט העברעאיש און טאַקע אָנגעהויבן צו ריידן צו מיר אויף העברעאיש. אין אָנהייב האָב איך לגמרי ניט פאַרשטאַנען זיין גלחשן העברעאיש, אַרויסגערעדט ניט בלויז בהברה ספרדית, נאָר אפילו די ספרדישע אויסשפּראַך פאַר־גויאישט און פאַרפרעמדט. שפּעטער־צו האָב איך זיך צוגעוואוינט צו

דעם, מער אָדער ווייניקער פאַרשטאַנען זיין עברי. ווען ער האָט אויס־געפונען אַז איך קען תלמוד, האָט ער מיר פאַרגעלייגט צו לערנען טאַקע מיט אים דעם תלמוד. עטלעכע לעקציעס האָב איך אים טאַקע געגעבן אין משנה און אין גמרא, כ׳האָב ערגעץ געקראָגן, דאַכט זיך, אַן עין־יעקב. צו באַגייסטערט פאַרן תלמוד איז ער ניט געווען. סיי־ווי־סיי, מאָדנע איז עס געווען: אַמאָל, יינגלווייז, האָב איך געלערנט אַ שיעור עין־יעקב פּרייטיק־צו־נאַכטס מיט אַן עדה יידן אין שטיבל אונטער דער קאָליע, און איצט לערן איך מיט אַן אמתן גויאישן גלח, וואָס פרעגט מיך יעדער מאָל אַזעלכע מאָדנע פראַגעס. ער מיט מיר — שעקספיר, און איך מיט אים — אַ שטיקל עין־יעקב. איך וויל אים פאַרטייטשן און אַריינברענגען אין דער שטימונג פון די פרעכטיקע האַרציקע אגדה־מעשות, און ער וויל מיך באַגייסטערן פאַרן טיפן פּאַטאָס און נשמה־גערעאַנגל פון שעקספּירס העלדן. גערעדט האָבן מיר שוין גאַנץ אָפט העברעאיש. און אָט האָט זיך געקענט ווידער שאַפן אַזאַ מין תלמיד־רבי־חברשאַפט ווי אַמאָל צווישן מיר און דעם פעטריקאָווער מורה־הוראה ר׳ יאַנקעלע דיין.

איך פלעג צו אים אַרויפקומען עטלעכע מאָל אַ וואָך, נישט בלויז צו לערנען נאָר טאַקע צו שמועסן וועגן זאַכן. ער פלעגט מיך אויך איינ־לאַדן צו גיין מיט אים אויף שפּאַצירן אין די באַביימערטע שטילע געס־לעך אַרום אוניווערסיטעט. ער האָט מיר דערציילט פון זיין לעבן, אַז ער איז אייגנטלעך שוין מער ניט קיין גלח; מען האָט אים אויסגע־שלאָסן פון דער אָפיציעלער קירך צוליב אפיקורסות. ער האָט דערציילט אַז ער מיט נאָך אַזעלכע געוועזענע „אַנטמאַנטלטע" גלחים געהערן צו אַ ספּעציעלער אמת קריסטלעכער און הייליקער סעקטע; זיי רופן זיך טאַקע „די אמתע נוצרים". זיי קומען זיך צונויף יעדן זונטיק פאַרנאַכט און פראַווען דאָרט אַן אמת־קריסטלעכע וועטשערע־צערעמאָניע, יעדער ברענגט עפּעס עסן פון דער היים און מען טיילט זיך מיטן ביסן טאַקע ווי יעזוסעס ערשטע תלמידים. זייער אָרגאַניזאַציע, האָט ער מיר גע־זאָגט, איז בכלל אַ מין קאָמונאַלע חברשאַפט, אַזוי ווי די אַמאָליקע אי־סיים ביי יידן. און אַזוי ווי יעדער מיטגליד קען אויך מיטנעמען איין גאַסט צו די קאָמונאַלע זונטיק־וועטשערעס, לאַדט ער מיך איין מיט אים מיטצוגיין צו אַזאַ וועטשערע. איך דאַרף נאָר מיטברענגען עפּעס צו עסן און זיין צוזאַמען מיט אַלעמען אַ חשובער גאַסט.

אייגנטלעך האָט מיך דער פאָרשלאַג זייער פאַרכאַפּט. פלעגט מען

דאָך אַזוי אויך פּראַווען שלוש־סעודות אין גערער שטיבל. איז דאָך דאָס אמתע גייסטיקע און געטלעכע לעבן נישט באַגרענעצט מיט פּאָלק און סביבה; געפינען זיך דאָך, זע איך, ביי אַלע אומות און לשונות מענטשן וואָס מיען זיך צו לעבן אַ גייסטיק לעבן לויט זייער אינעווייניקסטן נשמה־רוף. וואָס איז טאַקע דער חילוק, נאָך אַלעמען, צווישן מיין רבין פון פּעטריקאָווער ישיבה ר׳ יאַנקעלע דיין און אַט דעם מאָדנעם און טשיקאַווען רעוורענד סמיט? איז דאָך באַשיינפּערלעך אמת אַז, מלא כל ארץ כבודו, און שמע בכל לשון שאתה שומע. אָבער די איינלאַדונג האָב איך ניט אָנגענומען, כ׳האָב אַ ביסל זיך געשראָקן מקיים צו זיין אַזוי דראַסטיש און אָפן מיין ראַדיקאַליזם. האָב איך אים עפּעס אָפּגעפּטרט מיט אַ תירוץ אַז כ׳בין אין די זונטיקן פאַרנומען, שפּעטער אפשר.

דער רעוורענד סמיט איז געווען אַן אמת גלייביקער קריסט און ספּעציעל אַ גרויסער פּאַטריאָט פון דער ביבל. ער האָט געקענט כמעט גאַנץ תנ״ך פון אויסנווייניק. איינמאָל האָב איך זיך צערעדט מיט אים וועגן ביבל־קריטיק. ס׳האָט דעמאָלט אָנגעהויבן פּאָפּולער צו ווערן ביבל־קריטיק ביי די יידישע ראַדיקאַלן אין דעם נאַאיוון געיעג נאָך אפּיקורסות; מען איז געוואָרן זייער אַמביציעז ביי אונדז צו צעשניידן און צעטרייבערן דעם תנ״ך, אַז עס זאָל קיין טעם ניט האָבן. מען האָט דווקא געוואָלט באַווייזן אַז עס זיינען געווען מער ווי צוועלף שבטים ביי יידן און אַז משה רבינו איז נאָר אַ מיטאָס, רחמנא לצלן. ווייזט מיר מיין גלחשער רבי זיינס אַ חיבור וואו ער וויל באַווייזן אַז דעם תהילים האָט יאָ געשריבן דוד המלך און אַז אַלע נעמען פון שטעט און פלעצער האָבן עקסיסטירט אין די צייטן פון דודן. ער האָט אויף דעם געאַרבעט, זאָגט ער מיר, יאָרן. איי די קשיה מיט על נהרות בבל, ווי קומט דוד צו זינגען וועגן גלות בבל? נעמט ער אָן אַז דוד האָט דאָס אַלץ דערזען מיטן רוח הקודש. נו, גיי טו אים עפּעס, דעם גלח.

ביי דעם נייעם רבין מיינעם האָב איך געלערנט אַרום אַ יאָר צייט. צום אוניווערסיטעט האָט ער מיך ניט צוגעגרייט. איך בין געווען צופיל פאַרנומען מיט קהלשע אַרבעטן, אָבער די גרויסקייט פון שעקספּירן האָט ער מיר אַביסל באַוויזן. און בכלל האָט מיר מיין באַקאָנטשאַפט מיט אַזאַ גלח באַוויזן אַן אַנדער שטיקל אַמעריקע, ניט פון „מיין סטריט״ און ניט אפילו פון די אויפטוערישע „האַרד באָילד״ אַמעריקאַנער, נאָר פון איינעם פון די בעלי־חלומות און גויאישע „מלמדים״ וואָס ווייזן זיך אַמאָל פון צייט צו צייט אויך אויפן פּראַקטישן אַמעריקאַנער באָדן.

## פרצעס „גאָלדענע קייט“

פון מיינע גרויסע פאַרדינסטן האָב איך נאָך ניט געמאַכט קיין וואַסער אויף קאַשע. מיינע ברידער האָבן מיך אַלץ אויסגעהאַלטן בכבוד, אָבער איך האָב געוואָלט נאָך עפּעס אַליין פאַרדינען.

דעמאָלט האָט שוין אָנגעהויבן צייטיק ווערן דער געדאַנק פון אַ מאָדערנער יידישער דערציאונג. נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָט זשיטלאָווסקי דאָ אין „דאָס נייע לעבן“, פּונקט ווי פּרץ און די יידיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פירערס אין אייראָפּע, אָנגעהויבן צו פּריידיקן אַז מע זאָל גרינדן מאָדערנע שולן פאַר יידישע קינדער. דאָ אין אַמעריקע האָט מען שוין אָנגעהויבן צו לייגן דעם גרונטשטיין פאַר די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן. מען האָט וועגן דעם דערציאונגס־פּראָבלעם דיסקוטירט אין די פאַרשיידענע אויסגאַבעס. דאָ און דאָרט זיינען שוין געמאַכט געוואָרן פּלענער ווי צו גרינדן ראַדיקאַלע שולן אויף יידיש. מען האָט אין עטלעכע שוין פון פריער עקסיסטירנדיקע סאָציאַליסטישע „סאָנדעי סקולס“, איינגעפירט גענויסע אָנהייבן פון יידישע לימודים: יידישע לידער, מעשות. ס'איז געווען ערב דעם היסטאָרישן צוזאַמענפאָר פון פּועלי־ציון (אָקטאָבער 1910), וואו ס'איז אָפיציעל באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אין אַמעריקע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן.

ווי אַלע יידישיסטן און זשיטלאָווסקיאַנער, בין איך באַלד פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אידייע צו שאַפן אין אַמעריקע יידישע שולן און האָב אויך שוין דעמאָלט, נאָך פאַר דער אָפיציעלער גרינדונג פון דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שול אין מאָנטרעאָל, פּראָפּאַגאַנדירט פאַר דער אידייע און געהאָלפן צוגרייטן דעם באָדן.

מיין חבר שלמה בערקאָוויטש האָט געהאַט אַ שוואָגער, ח. ד. סייקין, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ טיכטיקער און געטרייער פּיאָנער, בויער און טוער פון דער באַרימטער מאָנטרעאָלער שול. דער חבר סייקין, וואָס אים איז אַוועקגעגאַנגען נישקשהדיק אין פּרנסה, האָט געהאַט דריי פון די ערשטע אונטערוואַקסנדיקע קינדער פון אונדזער כנופיא. אין תלמוד־תורה האָט ער זיי נישט געוואָלט שיקן, אָבער אַ יידישע דערציאונג, אונדזערע אַ נייע, מאָדערנע, דאַרף מען זיי געבן. און אַזוי ווי איך נייטיק זיך אין אַ ביסל איינקופט, ווער איך דאָס דער לערער פון די 3 קינדער. זיי זיינען אַלט געווען צווישן 7 און 10 יאָר. וואָס און ווי אַזוי צו לערנען מיט קינדער יידיש און די נייע יידישע תורה אונדזערע האָבן מיר דעמאָלט — און אפילו שפּעטער אין די ערשטע יאָרן פון דער שול־טעטי־

קייט — געגוי ניט געוואוסט. מיר וועלן דאָך ניט זיין אויף די אַלטע דרכים פון די חדר־מלמדים און היימישע לערערס. טאָ ווי אַזוי לערנט מען איבערהויפּט דאָס יידישע לשון? לויט דער אַמאָליקער אלף־בית־סיסטעם צי לויט די בריוון־שטעלערס? קיין לערן־ביכלעך זיינען נאָך לגמרי ניט געווען. און יידישע געשיכטע ווי אַזוי לערנט מען? תנ"ך טויג דאָך ניט — „צו רעליגיעז". איין זאַך איז אונדז, די ערשטע בוי־ערס און לערערס פון די שולן, יאָ קלאָר געווען לכתחילה: מיר דאַרפן די תלמידים באַקענען מיט דער יידישער ליטעראַטור, מיט דער יידישער פּאָעזיע, מיט אַלץ וואָס ווערט געשאַפן און געזאַמלט אין דער מאָדערנער יידישער קולטור און ליטעראַטור.

אָט דער גרויסער ווילן צו פאַרבינדן די קינדער מיט דער לעבע־דיקער שאַפנדיקער יידישער קולטור, און אויך מיינע יאָרן זאָגן שיעור אין פּעטריקאָווער בית־מדרש און שפּעטער דאָס אַרויסהעלפן אַביסל די לערערס פון חדר מתוקן — דאָס איז געווען מיין גאַנצע פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג, בעת איך בין צוגעטראָטן צו דערפילן מיין לערערישע שלי־חות, צוערשט ביים געבן די פּריוואַט־לעקציעס צו סייקינס קינדער און אפילו שפּעטער בעת איך בין אויסגעקליבן געוואָרן פון די חברים צו ווערן איינער פון די הויפּט־לערערס און הויפּט־סעקרעטאַר פון דער פּרץ־שול.

קען מען זיכער קריטיקירן און אויסלאַכן דעם אופן ווי די ערשטע פּיאָנערן פון דער יידישער שול־אַרבעט האָבן געקליבן לערערס און איבערגעגעבן די השגחה איבער די שולן אַזעלכע נישט־צוגעגרייטע „פּעדאַגאָגן". זיינען די קריטיקערס און אויסלאַכערס זיכער גערעכט. מיר — די ערשטע שול־בויערס דאָ אין לאַנד, האָבן דאָך אַליין — גלייך ווי די באַוועגונג איז זיך צעוואַקסן געגרינדעט און אָנגעפירט לערער־סעמינאַרן, פּונקט ווי מיר וואָלטן געוועזן פּעדאַגאָגיש צוגעגרייט און וויסנשאַפטלעך מער טרענירט. אָבער זאָל מען זיך דערמאָנען ווי אַזוי דאָ אין אַמעריקע איז די שול געבויט געוואָרן, ווי מען האָט אָפּט געמוזט אויפדערגיך „מאַכן פאַר לערער" מענטשן פון שאַפּ. וועט מען מוזן באַ־וואונדערן יענע אויסטערלישע דערגרייכונגען פון אָט די ניט־צוגע־גרייטע לערער. קען זיין, אַז מען וועט אפשר דערזען: אָט די ערשטע דערציערס אונדזערע זיינען דווקא שוין גאָר געווען צוגעגרייט, צוגע־גרייט מיט אַסך יידישן און אַלגעמיינעם וויסן; צוגעגרייט מיט אַ גרויסער ברענעדיקער ליבשאַפט צו דער נייער יידישער קולטור, וואָס זיי אַליין

האָבן געהאָלפֿן זי שאַפֿן און פֿאַרשפּרייטן; צוגעגרייט מיט יוגנטלעכן אידעאַליזם צו פֿאַראַקערן דאָ אין אַמעריקע דאָס פֿעלד פֿאַר יידישע קולטור, צו פֿאַרטרייבן דעם ווילדן קאָסמאָפּאָליטיזם און דאָס וואול־גאַרע עם־הארצות פֿון דער יידישער גאַס. אָבער די גרויסע ליבשאַפֿט צום יידישן וואָרט, צום היגן יידישן קינד וואָס דאַרף ירשענען דאָס לע־בעדיקע יידישע וואָרט, צו די אַלע וואונדער־שיינע אידעאַלן פֿאַר נאַ־ציאָנאַלער באַפֿרייאונג און אַלמענטשלעכער סאָציאַלער גערעכטיקייט, און אויך די אינטעלעקטועלע עשירות און באַקאַנטשאַפֿט און דער לע־בעדיקער אינטערעס פֿאַר די פֿאַרשיידענע שטראָמען פֿון יידישן און וועלטלעכן גייסטיקן לעבן — האָט געמאַכט פֿון די ערשטע לערערס אין די היגע יידישן שולן די אידעאַלסטע פּעדאַגאָגן. דער יוגנטלעכער אינטעליגענטער ענטוזיאַזם איז איינע פֿון די גרונט־סיבות, וואָס אין די ערשטע יאָרן פֿון דער שול־טעטיקייט דאָ אין לאַנד איז געווען אַזאַ מזל־ברכה אין די דערגרייכונגען דערפֿאַר; דאָס איז איינע פֿון די גרונט־סיבות, וואָס סיי די ערשטע תּלמידים און סיי די ערשטע לע־רערס און שולטוערס ריידן נאָך איצט מיט ראָמאַנטישער באַגייסטע־רונג וועגן די ערשטע יאָרן פֿון דער שול־אַרבעט.

הלוואי וואָלט אין דער איצטיקער שול־אַרבעט געהערשט אַזאַ ענ־טוזיאַזם, אַזאַ גייסט! הלוואי וואָלטן די איצטיקע לערערס וואָס זיינען שוין געקומען פֿון די סעמינאַרן און פּעדאַגאָגישע אינסטיטוטן נישט געמאַכט קיין ערגערן „דזשאָב" ווי די ערשטע, די אומדערפֿאַרענע...

האָב איך אָנגעהויבן קנעלן מיט די דריי יונגע תּלמידים מיינע. די גאַנצע תּורה וואָס איך האָב מיט זיי געלערנט געדענק איך שוין ניט, אָבער דעם הויפּט־לימוד געדענק איך יאָ. דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן בהסכם כולם — יידישע ליטעראַטור. מען דאַרף שוין גלייך פֿון סאַמע אָנהייב באַקענען די יונגיטשקע קינדער מיט דער יידישער ליטעראַטור! און מיט וועמען זאָל מען אָנהייבן? טאַקע נישט מיט קיין אַנדערן ווי מיט פּרצן. און וואָס זאָל איך לערנען מיט די פּיצלעך פֿון פּרצן? ניט קיין אַנדער זאַך ווי די „גאָלדענע קייט". ס'איז נישט קיין שפּאַס. מיר אַלע דריי, — איך, שלמה בערקאָוויטש און דער פֿאָטער פֿון די תּלמידים, אויך אַ הייסער יידישיסט און טשערנאָוויץ־חסיד — האָבן נישט אַנדערש געפּסקנט, מע זאָל מיט די תּלמידים תּיכף אָנהייבן מיט דער „גאָלדענער קייט", איך זאָל פֿאַר זיי לייענען די דראַמע און פֿאַרטייטשן ווי עס לאָזט זיך.

איז דאָך דאָ ווידער צו לאַכן וואָס פאַראַ נאַאיווע „מלמדים” מיר זיינען געוועזן, צו וועלן לערנען מיט אַזעלכע קינדער פּרצן און "די גאָל־דענע קייט". איז עס טאַקע אמת נאַריש געוועזן, און ווילד. אָבער ווי־דער מוז איך דאָ פאַרענטפערן אונדזערע ערשטע טריט. מיר האָבן דער־שפּירט וואָס פאַר אַ וויכטיקער דערציערישער כוח עס שטעקט אין פּרצן און וואָס ער וועט באַטייטן פאַר דער יידישער שול.

יעדע ליטעראַטור האָט איר הויפּט־בויער אָדער אירע קלאַסיקערס, אירע רייכסטע שעפערס וואָס ווירקן נישט בלויז אויף זייער אייגענעם דור, נאָר אויף אַסך דורות שפּעטער; יעדע ליטעראַטור האָט אויך אירע נאַציאָנאַלע גייסטיקע אינספּיראַטאָרן וואָס ווירקן דורך זייערע ווערק אויף די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פון זייער פאָלק. און אויב אַלע ליטעראַטורן האָבן אַזעלכע וועקערס און נביאים — נישט בלויז זינגערס און באַזינגערס — פאַר נאַציאָנאַלער דערוואַכונג און באַפריי־אונג, אויב אַלע פעלקער הערן אויך „לידער פון שם” אין זייערע „גע־צעלטן פון יפת”, — מוז אונדזער ליטעראַטור און אונדזער געפּלאָגט און באַליידיקט פאָלק זיכער האָבן אַזאַ גרויסן פאָלקס־טריבון, אַזאַ חוזה און זעער וואָס זאָל אונדז דורך זיין טיף אַריינדרינגען אין דער אייביקייט פון פאָלק און מענטש ווייזן „אונדזער בלוטיקע שיינקייט” און געבן אונדז די וויזיע פון באַפרייאונג און משיח־טעג.

פּרץ איז ביי אונדז געווען דער ערשטער וואָס האָט גערעדט וועגן אונדזער „פאָלקס־ניגון” און זיינע פאַרשיידענע גלגולים. וואָס האָט דערזען די אייבי־קייט פון אונדזער לעבן און גאָלדענע קייט. פּרץ פאַרנעמט דערפאַר ביזן היינטיקן טאָג דעם אויבנאָן צווישן אונדזערע קלאַסיקערס און אין דער ליטע־ראַטור־פּראָגראַם. און איז דען ביי ליטעראַטור דער וויכטיקסטער לימוד פון אונדזער נאָכמיטאָגדיקער דערגאַנצונג־שול? דורך די 30 יאָר וואָס די מאָדערנע יידישע שול עקסיסטירט זיינען טויזנטער תלמידים דערצויגן געוואָרן אויף פּרצעס ווערק. פון זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן” האָבן זיי דערזען די וואונדער־שיינע העראָאישע פערזענלעכקייטן פון דורות און צייטן, פון זיין „חסידיש” האָבן זיי אַריינגעבליקט אין די טיפסטע נשמהדיקע סודות און עטלעכע איבערלעבונגען פון אונדזערע מענטשן פון גייסט פון זיינע סאָציאַל־סימבאָלישע ווערק זיינען זיי באַגייסטערט געוואָרן. זיי האָבן דער־זען דאָס ליכט פון זיינע גרויסע, שטאָלצע שבת־יום־טוב־יידן, זיי האָבן זיך געגריבלט אין די פאַרשיידענע שטימען וואָס רופן אונדז — „דריי מאָל גע־רופן” — אין די פאַרשיידענע צייטן פון לעבן. פּרעגט די גראַדואירטע

תלמידים פון אונדזערע שולן, וועט איר זען אַז פּרצעס ווערק האָבן אויף זיי געמאַכט דעם טיפסטן, דווייערנדיקסטן אויינדרוק. פאַרשטייט זיך, אַז אויך די ווערק פון די אַנדערע פריערדיקע און איצטיקע שרייבערס פאַרנעמען אַ וויכ־טיקן אָרט אין די לימודים פון דער שול, אָבער פּרץ איז דער הויפט־זייל. דאָס וואָס שעקספּיר איז ביי די ענגלענדער, געטע ביי די דייטשן, פּושקין ביי די רוסן, — איז פּרץ ביי אונדז.

אַזוי האָבן מיר די ערשטע לערער באַלד לכתחילה געפילט. און אַזוי האָבן מיר געבויט די שול, און אין דעם האָבן מיר קיין טעות ניט געהאַט.

סיי־ווי־סיי קאָמיש איז עס זיכער געווען אָנצוהייבן לערנען „די גאָל־דענע קייט" און די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" מיט די 8־10 יאָריקע ערשטע יידישיסטישע תלמידים אין מאָנטרעאָל אין 1910. זיכער האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען די גאַנצע העלדישקייט פון ר' שלמהס ניט ווען מאַכן קיין הבדלה. און וואָס צעזינגט זיך פּרץ אַזוי וועגן שבת־און יום־טובדיקע יידן וואָס ווילן טאַנצנדיק און זינגענדיק קומען צום שיש אבן טהור? און זיכער האָבן זיי ניט מיטגעפילט יהונתנס טראַגעדיע ווען לאהס משכיליש־ראַציאָנאַליסטיש מעסער האָט געשאָכט זיינע גלייביקע ווייסע טייבעלעך, און ווען ר' משה האָט נישט געקענט דערענדיקן זיין תפלה פאַר לאהס בלינד קינד פאַרן ארון קודש, ווייל אינעווייניק אין האַרצן האָט עמעצער צו אים געשריען 'ליגנער'.

געדענק איך טאַקע ווי איך האָב — איינמאָל אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס, אין מיין טיפער באַגייסטערונג פאַר די פּאָעטיש־גייסטרייכע פּרץ־שורות, זיך צעלאָזט מיטן פאַרלייענען פאַר מיינע תלמידים. דער חבר און חברטע סייקין זיינען דאַכט זיך, אַוועק אין קינאָ און מיך איבער־געלאָזט אַליין מיט מיין „חדר". איך לייען און לייען און פון גרויס באַ־גייסטערונג קוק איך ניט אויפן זייגער. לערן איך דען איבערהויפּט אויף אַ זייגער? און מיינע חברה נעבעך קוקן אויף מיר, שעמען זיך אוודאי צו פרעגן וואָס עס מיינט דאָס אַלץ, וואָס איך וויל פון זיי.

ווען די סייקינס זיינען געקומען אַהיים אַ זייגער צוועלף, האָבן זיי געטראָפן דעם לערער מיט די תלמידים אַזוי: דאָס יינגסטע קינד, אַרום 7 יאָר אַלט, איז געלעגן אויף דער ערד און געשלאָפן, דער מיטלסטער איז געזעסן מיטן קאָפּ אויפן טיש שלאָפנדיק און דער עלטסטער קוקט אָנגעשטרענגט אויף מיר און פינטלט נעבעך מיט די אויגן און שעמט זיך צו בעטן, מע זאָל שוין אויפהערן. איך זע דאָס אַלץ ניט, איך זיץ נאָך אַלץ און לייען די „גאָלדענע קייט."

מיינע פריינדלעכע חברים האָבן זיך גוט צעלאַכט פון מיין פליסיקער לערעריי און יידישיסטישער איבערגעגעבנקייט. מען האָט די תּלמידים מיינע באַלד געלייגט שלאָפן, און איך בין נעבעך אַהיימגעגאַנגען אַ פאַר־שעמטער.

ווען מיר האָבן שפּעטער געעפנט אונדזערע שולן און צוגעגרייט אונדזער שול־פּראָגראַם, האָב איך שוין פאַרשטאַנען אַז מיט פּרצן, מיט זיינע חסידישע און פאָלקסטימלעכע מעשׂות און מיט זיינע סימבאָלישע דראַמעס דאַרף מען ניט אָנהייבן. אָבער די „גאָלדענע קייט" איז נאָך עד־היום פון די וויכטיקסטע ווערק אין ליטעראַטור־לימוד אין לעצטן קלאַס מיטלשול.

## אונדזער באָהעמע

איך האָב געזאָגט אַ רבנן־קדיש נאָך מיינע יינגלשע נאַאיווע איינריי־דענישן, אַז איך וועל דאָ אין אַמעריקע שאַפן אַ היכשול פאַר ישיבה־בחורים, וואָס „רייסן זיך צו ליכט". וועגן אַזעלכע חלומות האָב איך אפילו מיינע נאָענסטע פריינד ניט דערציילט. איך האָב שוין שלום גע־מאַכט מיטן געדאַנק אַז איך וועל דאָ אין אַמעריקע קיין גרויסע העראָ־אישקייטן ניט באַווייזן, איך וועל זיין איינער ווי אַלע, גיין אין שפּאַן אין דעם יידישן אַמעריקאַנער עמיגראַנטן־וואָגן און דיינו.

איך בין געוואָרן אויס פרעמדער אין שטאָט, געהאַט אַ היפּש ביסל באַקאַנטע און פריינד. ביי די פּוע"צ בין איך געוואַקסן און געוואָרן אַ גאַנצער יאַ־טעביע־דאַם. מיר האָבן דעמאָלט אונטערגענומען אַ גאַנצע ריי אַרבעטן. מיך, דעם אינטעליגענט, אַזוי צו זאָגן, האָט מען שוין אָנ־פאַרטרויט פאַרשיידענע וויכטיקע אָנפיר־טעטיקייטן.

אָבער נישט בלויז צווישן די פּוע"צ האָב איך זיך איינגעשאַפט באַקאַנטע. שוין פון מיין יינגסטער יוגנט האָב איך דערזען אַז אַ מענטש, אַ פרייער אינטעליגענטער מענטש, טאָר זיך ניט פאַרקלייזלען און איינ־צאַמען זיך דווקא אין דעם אָדער יענעם כאָמוט. נאָך פון בית־מדרש אָן האָב איך געליטן, אָדער געוועזן געבענטשט מיט דער חולאת ניט צו זיין אַזוי זיכער מיט דעם וואָס מען מיינט אַז מען איז זיכער. דערפאַר האָב איך אָפט עובר געווען סיי אידעאָלאָגיש און סיי אין אויסקלייבן פער־זענלעכע פריינד און חברים אויפן לאוו פון כלאים. טאַקע אַ פּועלי־ציון — אָבער אויך און, טאַקע בעיקר, אַ גלות־נאַציאָנאַליסט; טאַקע אַ באָראָכאָוועץ, אָבער מיט אַ שטאַרקן פּראָטעסט קעגן דעם שטרעבנגן און אַלץ אַזוי קלאָר וויסנדיקן מאַרקסיזם; טאַקע אַ יידישיסטישער

פוריסט, אָבער מיט אַ שטענדיק שטרעבן אויך צו וויסן און אַביסל צו געניסן פון „גויאישן לעבן". אַזוי איז אויך געווען אין פּערזענלעכן אויסלעבן זיך מיט חברים. איך האָב געזוכט צו געפינען אינטימע און נאָענטע פריינד ניט דווקא פון ענגן פּאַרטיי־ווינקל, אפילו פּאַר אַ כלה און אַ ווייב האָב איך גענומען אַ מיידל וואָס האָט ניט געקענט קיין יידיש און איז צופעליק אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין אונדזער יידישיסטישער כנופיא פון אַן אַנדערן, אַ גויאיש־רעדנדיקן קרייז.

איך האָב אין מאַנטרעאָל זיך געשאַפן אַסך חברים. איך האָב שוין דערמאָנט בערקאָוויטשן, שפּעטער איז צוגעקומען כייטמאַן, קאָנבערגער א"א. גאָר שפּעטער איז צוגעקומען איינער פון מיינע אינטימסטע לעבנס־חברים דער באַוואוסטער דיכטער י. י. סיגאַל. איך וועל דער־מאָנען נאָר עטלעכע אינטימע חברים. (נאָר אין די יוגנט־יאָרן קריגט מען אמתע אינטימע חברים און פריינד. שפּעטער, ווען דאָס האַרץ ווערט לא עלינו קעלטער, היט מען דאָך זיך אויס פון אַזעלכע יוגנטלעכע „נאַרישקייטן", און ס'איז טאַקע פּוסט און אויסגעטריקנט דאָס נאַרישע לעבן, זאָלט איר מיר מוחל זיין). איין חבר איז געווען יעקב סלאָבאָדסקי, אַ וואונדערלעכער בחור אין מיינע יאָרן, אַן אמתער „קראַסאַוועץ", אויך אַן אַריבערגעקומענער מיט פאַרשיידענע אינטעליגענטישע חלומות און בענקשאַפטן. ער האָט זיך גאָר לכתחילה איינגערעדט אַז ער איז אַן אַנאַרכיסט און אַן אַסימילאַטאָר. פאַרשטייט זיך אַז שפּעטער ווען ער האָט זיך אַביסל אויסגעטשוכעט פון די יינגלשע רייד, איז ער אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון זשיטלאָווסקיס אידייען און איז געוואָרן פון די ערשטע אמתע זשיטלאָווסקיס תלמידים אין אונדזער שטאָט. אָבער צום פּועלי־ציוניזם ניט מיטגעגאַנגען. מיט דעם סלאָבאָדסקין בין איך גע־וואָרן אַן אמתער „נשמה־פריינד". מיר האָבן ניט בלויז צוזאַמען גע־לייענט און שטודירט די זעלביקע ביכער, איבערגעלעבט און איבערגע־וויטיקט די זעלביקע פילאָסאָפישע און אידעאָלאָגישע פּראָבלעמען, נאָר אויך זיך פאַרטרויט די אינטימסטע סודות פון 18־19 יאָריקע... אַ צייט זיינען מיר פאַרכאַפּט געוואָרן פון האַמסונס מאָדנע העלדן, און אויך מיר פלעגן דערזען פאַרשיידענע מיסטעריעס און סודות פון דער וועלט, האָבן געפּרואווט לעבן ווי האַמסונס העלדן, ריידן זייער שפּראַך, איבערלעבן זייערע געפילן, ווי עס איז דעמאָלט געווען די מאָדע. אפילו געקליידט האָבן מיר זיך אויך ווי די העלדן פון דער ביכער־באָהעמיע. איך פלעג הולכן אין גאַריבאַלדי־שניפּסן מיט פּענסנע אויף אַ בענדל, אַ צעקנייטשט רעקל און הויזן, גערייכערט עפּעס מאָדנע ליולקעס —

מעשה זאָלאַ אָדער באַדלער. מיר האָבן געלעבט אין אַ ביכער־וועלט. ווען ס׳איז געגאַנגען ביטער אין אַ ליבע, האָט מען געדאַווענט אין „ווערטערסליידן״; ווען מען איז אַריינגעפאַלן אין אַ פעסימיסטישער שטימונג, האָבן מיר נאָכגערעדט האַמלעטס מאָנאָלאָגן; ווען מיר האָבן זיך געפילט זינדיק, האָבן מיר דורכגעלעבט נעכליודאָווס חרטה־שטימונגען; ווען מיר האָבן געוואָלט זיין קנאַקעריש און ציניש, מישטיינס געזאָגט, האָבן מיר זיך באַוויזן מיט — חכמות פון פשיבישעווסקיס בעל־שכל. שפּעטער־צו האָבן מיר נאָכגערעדט אַשס מישאַ פון „מערי.״

איז עס דאָך זיכער נאַריש, נישט־דערבאַקענע, נאַאיווע דרכים. אָבער לאָכן דאַרף מען נישט פון דעם. מיר האָבן דאָס אַזוי ערנסט געמיינט, אַזוי ערלעך און תמימותדיק דורכגעפילט. מע טאָר ניט פאַרגעסן אַז אויף אונדזער גאַס זיינען דאָס געווען נאָך די גרין־זאַפטיקע ראָמאַנטישע טעג, דער אָנהייב פון אונדזער אויסגעחלומטן רענעסאַנס. מעג מען מוחל זיין אַזעלכע אויסגעחלומטע און פאַנטאַסטיש דורכגעלעבטע געגועים פון יונגע מענטשן. פּראָווינציעל? אפשר. אָבער וואָס האָבן די גרויס־שטאָטישע אויפגעטאָן מיט זייערע חכמות?

איך און סלאָבאָדסקי האָבן שפּעטער זיך נאָענט באַפריינדט מיט אַן אמתן אַמעריקאַנער חברה־מאַן אַ טשאַרלי. דער בחור האָט ניט געקענט ריידן קיין יידיש וואָרט. מיר האָבן אים דערטאַפּט דורך אונדזער באַקאַנטשאַפט מיט זיינע עלטערע שוועסטער וואָס זיינען אין שטאָט געווען טיכטיקע יוניאָן־טוערינס און שפּעטער אויך פון די ערשטע יידישיסטישע קולטור־און שול־אַרבעטער. טשאַרלי איז געווען גאָר אַ טשיקאַווער חברה־מאַן. עס האָט אים געצויגן צו אונדז. אמת, ער האָט שטענדיק געזען חסרונות אין אונדזערע גרינהאָרנשע וועגן, דאָך האָט ער ניט געקענט זיך דערווייטערן פון אונדז. נאָך אַ יונגער בחור, האָט ער שוין פאַרדינט אַסך געלט; פלעגט ער קומען צו אונדז אויסגעפּוצט ווי אַן אמתער פּראַנט, און וועלן אונדז מזכה זיין מיט אַמעריקאַנער „סיילסמענערישע״ מעטאָדן — ווי אַזוי צו פאַרקויפן אונדזערע אידייען צו די יידן אין אַמעריקע. אויך טשאַרלי איז באַצויבערט געוואָרן פון זשיטלאָווסקיס מאַגנעטישער פּערזענלעכקייט. אויך ער איז געוואָרן אַן איבערצייגטער יידישיסט, ד״ה טעאָרעטיש, כאָטש ער האָט אונדז שטענדיק פאַרגעוואָרפן אונדזער פאַנאַטיזם. צוגעצויגן האָבן אים דער עיקר זשיטלאָווסקיס פילאָסאָפישע לעקציעס, זיינע רייד וועגן „זין פון לעבן״, וועגן „בלויען פויגל״, וועגן „איוב״ און די „היסטאָרישע

אידייען־פאַרבינדונגען". כאָטש דער טשאַרלי האָט קיין יידיש נישט געקענט ריידן, האָט ער שטאַרק געקנייטשט דעם שטערן, ווייל ער האָט זיך געגריבלט אין די אַלע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען און אין „ליכט פון זשיטלאָווסקין" זיינען אים זאַכן לייכטער און פאַרשטענדלעכער גע־וואָרן.

אַזוי זיינען מיר דריי געוואָרן אַן ענגע יונג־בחורשע פריינדשאַפט־געזינדל. שטענדיק געגאַנגען צוזאַמען אין טעאַטער, צו קאָנצערטן, גע־ווען צוזאַמען, פאַרבראַכט צוזאַמען. אָט האָבן מיר גאָר אָנגעהויבן זיך לערנען מוזיק — איך פידל, די אַנדערע צווי קאָנצערטינע. מיר האָבן געמאַכט אין פרייע טעג אָפטע עקסקורסיעס און אַרויספאָרן אין די אַרו־מיקע דערפלעך. טשאַרלי האָט אונדז אויך באַקאַנט מיט מאָנטרעאָלס „נאַכט־לעבן". מיר פלעגן צוזאַמען באַזוכן די פראַנצויזישע קאַבאַ־רעטן און דערזען אַמעריקע „פון אַן אַנדער ליכט". מיר פלעגן אויך אָפט צוזאַמען גיין אין יידישן טעאַטער — אַזאַ מין וואָדעוויל. דאָרט האָט טשאַרלי געפונדעוועט אַ לאָזשע. פלעגן מיר, מעשה־לעב־יונגען, זיך זעצן אין לאָזשע, הויך מיטזינגען מיט די אַקטיאָרן די באַרימטע לידלעך וועגן „מיסעס און באַרדער", זיך דורכווינקען און וואַרפן טשאָקאָלאַד צו די זעכציק־יאָריקע, צוויי־הונדערט־פונטיקע סוברעטינס, יענע האָבן נעבעך געמיינט אַז זיי האָבן געכאַפּט שוין עכטע העכט.

בכלל איז אונדזער דאַמאָלסטדיקע יוגנט געווען עכטע, לעבעדיקע חברה־לייט. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק זיינען ביי אונדז געווען באַנ־קעטלעך און ליאַמעלעך. אָפט האָבן מיר מקיים געווען פּרצעס נעאָ־חסידיזם און זשיטלאָווסקיס רוף צו ווידערגעבורט פון יידישער רעלי־גיע אין קונסט און יום־טובדיקייט. פלעגן מיר זייער אָפט פּראַווען יום־טובים, טרינקען משקה און זינגען חסידישע ניגונים און פאָלקס־לידער. צום גליק האָבן זיך צווישן אונדזער מאָנטרעאָלער חברים קיין מתנגדים ניט געיאָוועט. האָבן מיר געפּראַוועט חסידות, ווען עס האָט זיך נאָר געמאַכט און ווען חברה האָבן זיך נאָר געקענט צונויפלייגן אויף אַ פלעשל בענעדיקטין. דער צענטראַלער פאַרזאַמלונג־פונקט איז געווען ביי שלמה בערקאָוויטשן אין הויז. ער איז געווען דער איינציקער חתונה־געהאַטער פון אונדזער „באַנטש". פלעגן מיר זיך אָפט ביי אים פאַרזאַמלען, ווייל אויך שלמהס דאַמאָלסדיקע פרוי ליזע איז געווען אַן אמתער „נאַש בראַט". איר פלעגט דאָס יונוואַרג, בחורים און מיידלעך, זיך פאַרטרויען און זיך עצהן וועגן אומגליקלעכע האַרצנס־ווייען.

צוערשט האָט מען אַביסל זיך מתעסק געווען מיט תורה, מיט איבער־לייענען און איבערדיסקוטירן אַן אַרטיקל אין „דאָס נייע לעבן", אין „השלוח", אָדער דער אָדער יענער פּלעגט גאָר ריידן וועגן אַ געלייענטן בוך אָדער וועגן אַ געזעלשאַפטלעכער פּראַגע. נאָכדעם פּלעגט מען עפּעס איבערבייסן. עמעצער האָט שוין אַרויסגעקראַצט אַ פלעשל בענעדיקטין — נאָר בענעדיקטין האָט די יידישע מאָנטרעאָלער „באָהעמיע" דעמאָלט געטרונקען. ליזע בערקאָוויטש האָט שוין צוגעגרייט אַ טיש מיט אמתע „יידישיסטישע" צובייסנס: ברויט מיט הערינג, קאַרטאָפל אין פּעלצלעך, אַ מחיהדיק גלעזל טיי. חברה האָבן אויך גלייך פאַרצויגן אַ ניגון:
—„איי געוואַלד, שבת, שבת, שבת!" „אויפן וועג שטייט אַ בוים", „זאָג מיר דו שיין מיידעלע", „זשאַמעלע" און די אַלע אַנדערע לידער וואָס זיינען דעמלט פאַר אונדז געווען ניי און פאַרכאַפּנדיק. דאָס איז אָבער נאָך ניט געווען גענוג. אַזייגער צוועלף אָדער איינס ביינאַכט לאָזט מען זיך אין גאַס אַרויס, צו די מאַנטנס, מע פאַרקריכט גרופּעסווייז און פאַרלעכ־ווייז אויף די בערג און אַלייען פון מאַונט ראָיאַל פּאַרק. אַנדערע פירן די קיינמאָל נישט פאַרענדיקטע דיסקוסיע וועגן ייד און מענטש, מאַטעריי־אַליזם און אידעאַליזם, אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם, יידישיזם און העב־רעאיזם. אַנדערע צעזינגען זיך הויך און וועקן אויף די קראָליקעס פון פּאַרק. די מער־ראָמאַנטישע פאַרלעך ריידן וועגן דער בלאָסער לבנה און וועגן שטערן. די מער־אַטלעטישע חברים באַווייזן זייערע העלדיש־קייטן אויף די הויכע שטאַנגען און הוידלקעס, וואָס געפינען זיך אין פּאַרק. סלאָבאָדסקי לעבט פּלוצעם איבער אַ שטיקעלע מיסטישע גלוסטונג, שטעלט ער זיך גאָר אויפן וועג אויסטענהן מיט אַלע איינזאַמע קעץ. ווינטער צייט פלעגן חברה אין מיטן דרינען באַווייזן בריהשקייטן מיט שניי, וואַלגערן זיך און וואַלגערן יענעם, שפּרינגען און האָפקען. וואָס מיר פראָסט, ווער מיר קעלט? מען איז יונג געווען, אָן זאָרגן, און מיר גרייטן זיך דאָך אַזוי פיל אויפצוטאָן.

ערשט שפּעט אין דער נאַכט וואַליען מיר זיך אַריין אין „קיבע־צאַרניע", און דעליקאַטעסן־קראָם, וואו מען האָט שוין געוואַרט אויף די נאַכט־קונים. דאָרט פלעגן מיר ערשט נאָכאַמאָל טועם זיין די פּריי־שע געשמאַקע מחיהדיקע סענדוויטשעס און ווידער קאָמאַנדעווען אָדער דיסקוטירן נאָך עטלעכע שעה.

אַמאָל האָט זיך גאָר געמאַכט, אַז חברים וואָס האָבן געאַרבעט אַלס „ניוס־איידזשענטס" אויף די אייזענבאַנען (פּרוזשאַנסקי, בלעכמאַן).

האָבן מיר זיך גאָר דערמאָנט, אַז זיי האָבן מיט זיך די שליסלען צום קעלער אין וואָקאַזל וואו די סי.־פּי.־אַר. (קאַנאַדער אייזנבאַן־קאָמפּאַ־ניע) האַלט צוגעגרייט די קאָסטנס מיט צובייסנס פאַר די ניוס־איי־דזשענטס. האָבן זיך די חברה שוין געלאָזט אין צווייטן עק שטאָט צו דער אייזנבאַן און דאָרט, אין די פינצטערע קעלערן, טועם געווען פון די גוטע טשאָקאָלאַדן און אַנדערע נאַשערייען. גנבה ? ווי פּאַסט עס פאַר וועלט־רעטער ? גאָרנישט. ס׳איז דאָך מער ניט ווי אַ באָהעמישער שפּאַס, אַ מין אויסלעבן זיך. אַחוץ דעם האָבן די אַנאַרכיסטישע חברים באַוויזן, אַז ס׳איז גאָר אַ מצווה צו נעמען פון די רייכע קאַפּיטאַליסטישע אייזנבאַן־קאָמפּאַניעס. מיר זיינען דורך דעם מקיים די מצוות עשה פון „דירעקטער אַקציע."

אָפּטמאָל פלעגן מיר שוין דורכשפּאַצירן אין דער ספּעציעלער אָפּ־טיילונג וואו די אייזנבאַן האָט געהאַלטן די אימיגראַנטן־פּאַסאַזשירן וואָס זיינען נאָר פאַרבייגעפאָרן אונדזער שטאָט כדי צו פאָרן ווייטער קיין מערב־קאַנאַדע. מיר האָבן געזוכט אַזעלכע יידישע אימיגראַנטן, זיי צו באַגריסן מיט די פריינדלעכסטע ווערטער. איינריידנדיק זיך אַז מיר זיינען מקיים די מצווה הכנסת אורחים, פלעגן מיר פון אַזעלכע באַגע־געניישן אַוועק גאָר דערהויבענע. ערשט נאָכדעם, שוין פאַרטאָגס, פלעגן מיר אַריינכאַפּן זיך אין די ערשטע נאַכט־קאַפעטעריעס אין קאַנאַדע, זיך צוקוקן צו די פאַרשיידענע נאַכט־קליענטן, מערסטנס אונטערוועלט־חברה. געמיינט האָבן מיר אַז מיר האָבן פאַרבראַכט אַ נאַכט אַלאַ פּאַ־ריזער „מאָן־מאַרט". גייענדיק אַהיים, פלעגן מיר אַמאָל — אויך צוליב באָהעמישן שפּאַס — אויסלייען זיך פון די באַלעבאַטישע טירן עטלע־כע פלעשלעך מילך און פריש געלאָזטע זעמל, אָדער גאָר אויפוועקן אַ פּאָר באַקאַנטע חברים, אַז זיי זאָלן אויפשטיין צו סליחות, אָדער שוין קומען צו אַ ספּעציעלן מיטינג.

אָט אַזוי האָבן מיר מקיים געווען מצוות „באָהעמיש לעבן". אַ יונ־גע, פריילעכע חברה זיינען מיר געווען, פול מיט „פּעפּ" און יוגנט־פרייד. שפּעטער האָבן מיר פּרובירט די פרייע, פריילעכע, אפשר חסידישע שטימונג אויך אַריינברענגען אין אונדזער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אַזוי למשל זיינען מיר (איך, סלאָבאָדסקי און טשאַרלי) איינמאָל אַ גאַנצן שבת־טאָג אַרומגעגאַנגען אין דער יידישער געגנט צו פאַרקויפן בילעטן פאַר דר׳ זשיטלאָווסקיס אַ לעקציע. ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין אַ הויז וואו מען האָט נישט געוואוסט ווער זשיטלאָווסקי איז (און עס זיינען

נעבעך געווען אַסך אַזעלכע הייזער) האָבן מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ באַרימטער „עקטאָר" און ער וועט זינגען אַסך נייע יידישע „סאָנגס". האָבן מיר פאַרקויפט טאַקע זייער אַסך בילעטן, אָבער צו די צוהערערס זיינען געווען צופרידן פון די „נייע סאָנגס" — ווייס איך ניט.

בכל אופן, מיר, די יידישע יוגנט פון מאָנטרעאָל, זיינען שוין גאָר פאַרכאַפּט געוואָרן פון זשיטלאָווסקיס נייע „סאָנגס", פון זיין אויפברויזן און דערהייבן די יידישע יוגנט און פאַרטרייבן פון דער יידישער גאַס אין אַמעריקע די ווילדע עם־הארצישע איבערבלייבעכצן פון די ערשטע רויע אימיגראַציע־יאָרן.

מיר אין מאָנטרעאָל האָב דאָס נייע יידישקייט, דאָס פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע, אָדער ווי עס האָט שפּעטער געהייסן דאָס נאַציאָנאַל־ראַדי־קאַלע יידישקייט אָנגעהויבן גלייך צו בויען, און מיר אין מאָנטרעאָל האָבן עס געבויט ווי אמתע חסידים, מיט ברען און התלהבות און פון צייט צו צייט מיט באַהעמישן בענעדיקטין.

## בענקשאַפט

פון צייט צו צייט פלעגט נאָך אַלע „פריילעכע שטיק" ביי מיר זיך אויפסניי דערוועקן אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך די „היימישע טעג", נאָך די אַמאָליקע חברים. אַסך מאָל האָבן גאָר דערוואַכט רעליגיעזע בענק־שאַפטן נאָכן אַמאָליקן אַלטן גאָט פון בית־מדרש און גערער שטיבל. איך פלעג דערפילן אַז די אַלע פּרוּוון צו פאַרשטיין די וועלט און דאָס לעבן, לויט דעם מאָדערנעם צוגאַנג, אַז די אַלע ענטפערס אויף די עגבערנדיקע פּראָבלעמען וועגן וועלט און מענטש און וועגן מעשה בראשית און „דערקענטעניש פון דינג אָן זיך זעלבסט" — זיינען אויך נאָר טעאָריעס און היפּאָטעזן. נאָך אַלע תירוצים און לאָזונגען בלייבט דאָך ווידער די אַלטע קשיא.

געדענק איך איינמאָל — ערב יום־כיפור איז עס געווען אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג. איך זיץ איינער אַליין אויפן שפּיץ מאַונט־ראַיאַל. איך האָב ליב געהאַט אַמאָל טאַקע אַליין צו פאַרקריכן אויף די פאַרשיי־דענע אַלייען פון באַרג, אָפטמאָל נעכטיקן דאָרט אַליין, קוקן פון אָב־סערוואַציע־פּלאַץ אויף שטאָט אַרום, אויפן ברייטן סט.־לאָרענס־טייך וואָס אָט־אָט פאַלט ער אין אַטלאַנטיק אַריין און לויפט אַזש איבער אויף יענער זייט וועלט, אויף די פּייערלעך וואָס שיינען און ציטערן פון שטאָט אַרויף און אויף די פּייערלעך וואָס ציטערן און שימערן פון הימל אַראָפּ.

זיך איך אַזוי יענעם טאָג און לעב אמתדיק איבער ערב יום־כיפּור, אַ טיף ימים נוראימדיק געפיל. איך לייען דאַכט זיך גראָד ביערנסטערנע בערנסאָנס „איבער אונדזער קראַפט". איך שפּיר אַז דער מענטש איז באמת אַ משל כחרס הנשבר. איך פּיל: די גרויסע וועלט־מיסטעריע דער אייביקער גלגל החוזר, דאָם ראָד דרייט מיט אונדזער און דער וועלטס גורל — איז איבער אונדזער קראַפט. פאַלט מיר איין גאָר צו גיין אין אַ שול אַריין צו כל־נדרי. אין דער היים האָט מיין טאַטע שוין געוואוסט אַז איך בין נישט קיין „שול־מענטש" און מיט אים אין זיין שול גיי איך ניט אפילו יום־כיפּור. דערמאָן איך זיך נאָכן אַראָפּגיין פון באַרג וועל איך אָנקומען אין דער וועסט־זייט פון שטאָט, וואו די גבירים וואוינען. און טאַקע אין וועסט מאָונט געפינט זיך דאָ די רעפאָרם־שול. לאָמיך אַריינגיין צו די רעפאָרם־יידן! איך האָב דאָך קיינמאָל ניט געזען קיין רעפאָרם־טעמפּל. אפשר וועט גאָר זייער יידישקייט זיין צוגעפּאַסט צו מיינע מאָדערנע איבערצייגונגען. לאָז איך זיך אַראָפּ פון באַרג. די זון זעצט זיך שוין. אין די לעצטע האַרבסטיקע זון־שטראַלן דערפיל איך אַ מין ימים־נוראימדיקע גאָט־זוכעניש. ווען איך קום אָבער צו צו דעם טעמפּל, זאָגט מען מיר אַז איך דאַרף האָבן אַ בילעט, און איך קען נאָך קויפן אַ בילעט פאַר דריי דאָלער אין קאַסע. ווערט מיר זייער קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. נאָך אַן אילוזיע געפּלאַצט. אָן אַ בילעט — און נאָך פאַר דריי דאָלער — לאָזט מען ניט אַריין צו כל־נדרי. זאָג איך זיי דאָרט ביי דער טיר ניט, אַז איך האָב נעבעך קיין דריי דאָלער ניט, אַז איך פאַרדין קוים דריי דאָלער אַ וואָך. איך פרעג נאָר: ס'איז דאָך שוין כמעט יום־כיפּור, ווי קען איך האָבן געלט מיט זיך? און די דייטשע רעפאָרם־יאַהודים לאָזן מיך טאַקע ניט אַריין אויסגיסן מיין האַרץ פאַר גאָט.

גיי איך אַוועק פון טעמפּל זייער אַ צעווייטיקטער. באַלד דערזע איך אַן אָפענעם קלויסטער. ס'איז זונטיק פאַרנאַכט. ביי דער טיר אַ שילד אַז יעדערער קען אַריינקומען, „עווערי באָדי וועלקאָם". באַשליס איך אַריינצוגיין אין קלויסטער פראַווען דאָרטן מיין יום־כיפּורדיקן חשבון־הנפש. דאָס איז געווען מיין ערשט מאָל זיין אין אַ קלויסטער. ס'איז געווען אַ פּראָטעסטאַנישער קלויסטער, אָן צלמים, אָן איבעריקע יעזוס־בילדער. דער אָרגל האָט געשפּילט אַ ווייכע רעליגיעזע מעלאָדיע. דער פּרעדיקער האָט גערעדט וועגן דעם — איך געדענק נאָך די טעמע — ווי די רייכע ברידער דאַרפן זיך באַציען צו זייערע אָרעמע ברידער. ער האָט אָנגעוויזן מיט פּסוקים פון אַלטן און נייעם טעסטאַ־

מענט ווי פאַרברעכעריש ס׳איז שלעכט צו באַהאַנדלען דעם אָרעמאַן. ער האָט אַפּעלירט צו די רייכע מיטגלידער פון זיין קירך ניט צו עקספּלו־אַטירן זייערע אַרבעטער, די וואָס דאַרפן אָנקומען צו זיי. באַלד האָט דער גאַנצער עולם געזונגען מיטן פּאַסטאָר שטיקלעך תהילים און אַנ־דערע תפילות. איך האָב אויך מיטגעזונגען.

דאָס אַלץ האָט אַזוי טיף געווירקט אויף מיר אַז איך בין אַרויס פון קירך אַן אמת געלייטערטער. אין רייכן יאַהודימשן טעמפּל האָט מען מיך ניט אַריינגעלאָזט אָן געלט, און דאָ אין קירך האָט מען גערעדט אַזעלכע הומאַנע ווערטער, און אַלץ פון און מיט אונדזער תנ״ך, און אַלץ וועגן די „טשילדרען אָוו איזראַעל״. איך האָב געשפּירט אַז כאָטש ניט מיט יידן, האָב איך אויך איבערגעלעבט אַ כל־נדרי־נאַכט.

אין מיינע גאָט־זוכערישע שטימונגען בין איך אויך עטלעכע מאָל גאָר פאַרקראָכן אין די מיסיאָנערן־טעמפּלען. ס׳איז דעמאָלט געווען די בלי־צייט פון דער מיסיאָנערן־טעטיקייט. די פרומע קריסטלעכע טעכטער האָבן זיך געלאָזט איינריידן פון די יידישע מיסיאָנערן־משומדים אַז מע קען איצט די עלנטע אימיגראַנטן פאַראינטערעסירן אין יעזוסעס בשורה. ס׳איז געווען נאָכן גרויסן קריזיס פון 1908־1909; מענטשן זיינען געווען הונגעריק און היימלאָז; מען האָט געזוכט אַן אָפּדאַך און אַ שטיקל ברויט. האָבן די פּיפיקע יידלעך־משומדים איינגערעדט די נאַאיווע קריסטלעכע גלחים און אַלטע מוידן אַז מען קען איצט אַריינ־קריגן אונטער דער געטלעכער שוץ פון דער קירך די אַלע עלנטע און ליידנדיקע. מערסטע פון דער חברה האָבן גיכער געמיינט די קניידלעך פון די רייכע מיסיאָנערישע פאָנדן ווי די פאַרשפּרייטונג פון דעם וואָרט וועגן דעם אויסלייזער.

זיינען טאַקע געקומען אין די מיסיאָנערן־שטיבלעך אַסך קריזיס־קרבנות, עלנטע, פאַרוואָרלאָזטע, הונגעריקע אימיגראַנטן, מערסטע ניט הונגעריק צו „גאָטס וואָרט״, נאָר טאַקע צו געניסן אַביסל וואַרעם געקעכטס און אַ פּאָר סענט שטיצע. אַנדערע, מער באַוואוסטזיניקע און „פריידענקער״ זיינען בכיוון געקומען אויסצולאַכן און צו דעבאַטירן מיט די קאַלוואַריער און באַרדיטשעווער שליחים פון קריסטוסן, וועגן דעם „ליכט״ וואָס זיי האָבן דערזען און ווילן פאַרשפּרייטן צווישן זייערע נאָך „איינגעשפּאַרטע״ ברידער. אַנדערע, אַ קליינע צאָל, זיינען טאַקע פאַרנאַרט געוואָרן פון די גרויסע יידישע ספרים און מגן־דודס וואָס מע פלעגט אַרויסשטעלן אין פענצטער. די תנכ״ן זיינען שטענדיק געווען

אויפגעמישט אויפן קאַפּיטל ישעיה מג, וואָס די קריסטלעכע וועלט וויל דווקא אויסטייטשן אַז דאָס האָט ישעיה געמיינט דעם נוצרי.

און אַזוי ווי זשיטלאָווסקי האָט אין „דאָס נייע לעבן״ גענומען ריידן וועגן רעווידירן דעם דרייפוס־פּראָצעס קעגן „אונדזער ברודער פון נוצרת״ און ס׳האָט זיך געקאָכט מיט אַשס „אין אַ פּסח־נאַכט״ און מיט למד שאַפּיראָס „דער צלם״, — האָב איך אויך אין מיינע רעליגיעזע צוריקגענג געוואָלט אַליין פּרובירן דערלערנען דאָס קריסטנטום און זען, צי מיר האָבן וואָס צו רעווידירן.

דאָס מיסיאָנערן־שטיבל אין מאָנטרעאָל איז געווען אויף מעין־סטריט, אויף דער וויכטיקסטער האַנדלסגאַס אין דער יידישער געגנט. פּלעג איך זיך אַריינגנבענען אין די טונקעלע פּאַרנאַכטן צו זען און הערן וועגן זייערע „משיחס צייטן״. איך בין אַריין אַהין מיט די ערלעכסטע כוונות, אפשר וועל איך דערהערן „גאָטס וואָרט״,—האָבן די עטלעכע באַ־זוכן געמאַכט אויף מיר אַ נעבעכדיקן איינדרוק. דער מיסיאָנער גופא מיט זיין אַרויסהעלפער האָבן גערעדט, זאָלן זיי מיר מוחל זיין, אַ ליט־ווישן ענגליש. זייער קאָמיש האָט געקלונגען דער קוים מיט צרות פון ליטווישער אויסשפּראַך אַרויסגעראַטעוועטער ׳דזשיזוס׳. עפּעס אַזוי מאָדנע האָבן זיי געקוקט מיט זייער גלאַנציק־גלחשע פּנימער אויף דעם קליינעם עולם, וואָס האָט בשום אופן נישט געוואָלט בלייבן זיך דורכ־צוריידן מיט זיי נאָך זייער דרשה. מיט עקל בין איך אַוועק פון זיי און האָב קלאָר דערזען אַז ניט דאָ וואוינט גאָט, זיכער ניט דער גאָט וואָס איז „איבער אונדזער קראַפט.״

איינמאָל פאַלט מיר איין, אַז אפשר זאָל איך זיך גאָר נעמען גרייטן פאַר אַן אַמעריקאַנער מאָדערנעם ראַבינער. איך זאָל אַוועק אין אַ ראַ־בינער־שול און פאַרענדיקן שוין אויף אַ מאָדערנעם שטייגער די קאַר־יערע, צו וועלכער איך האָב אָנגעהויבן זיך גרייטן אין פּעטריקאָווער בית־מדרש. בין איך דאָך נאָך אַלץ אַ שטיק גרינער, ווייס איך ניט צו וועמען זיך צו ווענדן. בין איך זיך מתוודה אין אַן אינטימען מאָמענט פאַר מיין חבר שלמה בערקאָוויטש. עצהט ער מיך אַז איך זאָל זיך וועגן דעם ווענדן צום רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״, צום „בינטל בריוו״. נעם איך און זעץ זיך אַוועק אַ גאַנצע נאַכט און גיס אויס מיין ביטער האַרץ פאַרן „בינטל בריוו״, דערצייל דאָרט מיין ביאָגראַפיע און ווי עס ווילט זיך מיר איצט ווידער ווערן אַן אמתער אָבער שוין נייערער מורה־הוראה בישראל. איך געדענק שוין אַליין ניט וויפל זייטן השתפכות הנפש

דאָס האָט פאַרנומען. איך שיק דעם בריוו אַוועק און וואַרט מיט אומגע־דולד אויף אַן ענטפער פון דעם אַלץ ווייסנדיקן „בינטל בריוו". אַחוץ שלמהן האָב איך קיינעם ניט דערציילט מיין נייעם באַשלוס. איך בין זיכער אַז דער „פאָרווערטס" וועט מיר באַלד ענטפערן און וועט מיר אויך אָנווייזן ווי אַזוי צו ווערן אַ רב ביי יידן. אָבער איך וואַרט און וואַרט און — אין קול ואין עונה. איך ווער ווידער אַנטוישט. איך זאָג זיך שוין אָפּ פון דעם נייעם פּלאַן.

זאָל מיר דאָרט דער „בינטל בריוו" און זיין דאַמאָלסדיקער רע־דאַקטאָר — וואו און ווער ער זאָל ניט זיין — מיר מוחל זיין פאַר דעם „באַדער". ווען ער האָט געקראָגן אַזאַ גרויסן לאַנגן בריוו, האָט ער אפשר געמיינט מי יודע וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל ער קריגט אַריין, וויפל ליבעס־דראַמעס, אָדער גאָר סודות וועגן קינדער פון „זינדיקע ליבעס" מע דערציילט אים דאָ אין אַזאַ לאַנגע מגילה. צום סוף איז עס גאָר גע־ווען — אַן אויסגוס פון אַ געוועזענעם בית־מדרש־בחור, פול מיט רייד וועגן רעליגיעזע בענקענישן און וועגן זוכן אַן אויסוועג פון אַ נישט־באַלאַנסירט יונג־בלאָנזשענדיק לעבן. זאָל ער מיר דאָרט מוחל זיין דער אַנטוישטער משגיח איבערן „בינטל בריוו". מסתמא, האָף איך, האָט אים דערפאַר דער רבונו־של־עולם דערנאָך צוגעשיקט די „ריכטיקע סחורה" בכפל כפלים. אין אמתן, איז נישט בלויז „אַ בינטל בריוו", נאָר דאָס רעאַלע אימיגראַנטן־לעבן געוועזן קאַפּאַבל אַרויסצוברענגען די טראַ־גי־קאָמישסטע לעבנס־פּאַסירונגען ניט בלויז וועגן „מיסעסן און באָר־דערס", נאָר גרעסערע און טיפערע דראַמעס, ווייטאָגדיקע פּלאָגענישן, ביטערע ראַנגלענישן, האַרציקע זוכענישן און צאַפּלדיקע בענקשאַפטן פון אימיגראַנטישע נשמות.

## ליטעראַרישע פּרואוון

צווישן אַלע פאַרשיידענע נישט־באַלאַנסירטע אָנהייבן און שטרע־בונגען גייסטיק אויסצולעבן זיך אין די יונגע זוכערישע יאָרן מיינע, דאַרף איך אויך דערמאָנען די עטלעכע ליטעראַרישע פּרואוון וואָס איך האָב געמאַכט און די עטלעכע טריט מיינע צו ווערן אַ „סופר בישראל" אויף די שפּאַלטן פון דער אָרטיקער יידישער צייטונג „דער קענעדער אָדלער."

איך זאָג איצט ליטעראַרישע „פּרואוון" און לייג שוין צו „עטלעכע". ווי וואָלט טאַקע געווען ווען מיין שרייבערישער יצר־הרע ווערט ניט

אַזוי שנעל אָנגעזעטיקט און איך וואָלט, ווי אַסך איינגעשפּאַרטע, באַוויי־זערישע, אַמביציעזע יונגעלייט ניט אויפצוגעבן, געשריבן און געשריבן און סוף־כל־סוף זיך דערשטופּט צו אַ געוויסער אָנערקענונג? דאָס פּאַ־סירט דאָך מיט אַסך אַזעלכע וואָס די וועלט וואָלט זיך געקענט באַגיין אָן זייערע „שאַפונגען" און אָן זייערע דער וועלט געשאָנקענע, כאָטש ניט געבעטענע „גייסטיקע קינדער."

נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעדרוקט עטלעכע „ווערק", אַרטיקלען, ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען, מעשיות און — זאָלט איר מיר מוחל זיין — סימבאָלישע פאַנטאַזיעס אַלאַ פּרץ, מעטערלינק און אָסקאַר ווײַלד, האָב איך תיכף דערפילט אַז קיין פּרץ און קיין טאָלסטאָי וואַקס איך ניט. טאָ וואָס־זשע דריי איך דאָ אַ ספּאָדיק? וואָס־זשע קאַליע מאַכן פּאַ־פּיר און טינט? לאָמיך בעסער בלייבן ביי די „ניט־געשריבענע ביכער", אַ באַליבטע פראַזע וואָס איז מיר אַריין אין קאָפּ פון איבסענס העלד אין „די גייסטער". און לאָמיך בעסער לייענען און גוט לייענען די ווערק פון די גרויסע, פון די קלאַסיקערס.

די גאַנצע 40 יאָר פון איצטיקן יאָרהונדערט רעדט מען כסדר צי מען האָט ניט איצט אויף דער וועלט צו פיל ביכער, צי אָט די אַמביציעזע איבער־פּראָדוקציע פון „גייסטיקע ווערטן" איז ניט אַ שטער צו קענען באמת צו־גרייטן די ריכטיקע סחורה. מע ווייזט אָן, אַז דורך דער איבער־פּראָדוקציע פון ביכער קען דער מאָדערנער אינטעליגענט ניט געניסן פון דער אמתער ליטעראַטור. פון דער צו רייכער אויסשטעלונג און דעם אויסשטעל־פענצ־טער ווייסט מען ניט וואָס צו קויפן און מע קלייבט זיך אויס די אומעכטע סחורה, דורך דעם רייכן אויסוואַל וואָס דער מאָדערנער לייענער האָט, פאַרזעט ער די צוואַנציק וויכטיקסטע מייסטערס און די אייביקע ריזן־ווערק אין דער ליטעראַטור, און ער לייענט די מאָדערנע און לאָזט דורך די מאָנומענטאַלע קלאַסישע שאַפונגען.

מע טענהט, אַז אַמאָל ווען די ביכער־פּראָדוקציע איז ניט געווען אַזוי פּאָפּולער, און פריער נאָך, איידער מען האָט אויסגעפונען די דרוק־מאַשין, האָט מען טאַקע ניט געהאַט אַזוי פיל ביכער, און דאָס בוך האָט ניט געקענט דערגרייכן אַזוי פיל „נאָך גאָטס וואָרט לעכצנדיקע" הערצער. דערפאַר האָט מער אָבער געלייענט, — די וואָס האָבן געלייענט — עכטע, שטענדיק עפּעס זאָגנדיקע ספרים, און נישט ווי איצט, ווי פון אַסך „ווערק" וואָס מען לייענט בלייבט נאָר בלויז דער שוים און אַ לייכטער נאָכטעם פון ליכט־ און שאָטן שפּילערייען — און דאָס איז אַלץ.

מיין ניט פאַרעקשנען זיך אין שרייבן איז פאַרבונדן מיט נאָך אַ סיבה. איך האָב ניט געוואָלט זיך דרוקן אין דער „בורזשואַזער" פּרעסע. כאָטש מען האָט מיר אפילו פאַרגעלייגט אַ שטענדיקע מיטאַרבעטערשאַפט אין דער מאָנטרעאָלער צייטונג, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט, ווייל „איך קען ניט מיטאַרבעטן אין אַ בעל־הביתישער צייטונג". אין מיין סאָציאַליזם האָב איך — ווידער מסתמא מעשה נאַאיווער פּראָווינציאַל — שטענדיק געשטעלט דעם טראָפּ אויפן סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין און פּרינציפּי־עלער אויסגעהאַלטנקייט. ס'איז מיר דעמאָלט געווען זייער קשה, ווי אַזוי פּאול זינגער, אַ רייכער פאַבריקאַנט, קען זיין אַזאַ וויכטיקער פּי־רנדיקער מיטגליד אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. שפּעטער האָט דער נאַאיוו־פרומער עטישער סאָציאַליזם מיינער אפילו געווירקט אויף מיינע באַציאונגען צו מיין נאָענטער משפּחה און געמאַכט אַ לאַנגן ריס צווישן מיר און מיין עלטערן ברודער, ווען ער האָט זיך געעפנט אַ קלאָוק־פאַבריק. זינט דעם ערשטן סטרייק ביי אים אין שאַפּ האָב איך מיט אים ניט גערעדט פולע 15־20 יאָר.

אין יענע יאָרן האָט נאָך אונדזער סאָציאַליסטישע יוגנט ניט געקענט די קלוגע תורה און די אַלע סאָפיסטישע דריידעלעך אונטער־צושיידן פון דעם צוועק און די מיטלען צום צוועק. דער מיטל, דער וועג איז געווען אַזוי וויכטיק און מ'האָט אים געמוזט אַזוי ער־לעך אָנווענדן ווי דעם ווייטן ציל גופא. אדרבא, מיר האָבן געפילט אַז ערלעכע מיטלען, ריינע וועגן זיינען דירעקטע צוגאַנגען צום הויפּט־ציל, און אַז ניט — פאַרשמירט מען זיך און מען פאַרדרייט זיך אַזוי אויפן וועג צום ציל אַז מען קען שוין ניט צו אים אמתדיק דערגיין. דאָס האָט שפּעטער, צום גרויסן אומגליק, באַוויזן דער טרויע־ריקער צוזאַמענברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע. מען האָט געוואָלט זיך איינריידן אַז כדי דורכצופירן אַ כשרן ציל מעג מען זיך באַנוצן מיט אַלע אומכשרע מיטלען. זיינען די אומכשרע מיטלען געוואָרן אַזאַ טייוולשער כוח אַז זיי האָבן דערשטיקט אַלע הייליקע פלאַמען פון דער רעוואָלוציע. געבליבן זיינען נאָר די רישטאָוואַניעס, וואָס מען האָט פון זיי אויפגעבויט תליות פאַר די שאַפערס און אויסחלו־מערס פון דער רעוואָלוציע. דער שר־המשחית פון „אַלע מיטלען צום צוועק" קיניגט און געוועלטיקט מיט די בלוטיקסטע טיראַנישע כוחות און די חורבות פון „ווייטן צוועק" זיינען געוואָרן זיין טראָן — אַ טראָן פון אַשמדאי אַנשטאָט פון משיחן. און אַלץ צוליב דער פאַל־שער תורה אַז דער צוועק הייליקט דעם מיטל.

מיר האָבן ניט אַזוי אויפגענומען אונדזער סאָציאַליסטישן געדאַנק. מיר האָבן קיינעם און קיין זאַך ניט מוחל געווען. אויב אימעצער פון קרייז האָט זיך פאַרזינדיקט מיט אַ ברעקעלע נאָר „אויף דעם וועג" צום סאָציאַליזם. אַפילו די מכלומרשט טרוקנסטע מאַרקסיסטן אונדזערע, וועלכע האָבן אין די דעבאַטעס מיט חברים אָפּגעלייקנט אינגאַנצן דעם ווערט און די וויכטיקייט פון יחיד צום זיג פון סאָציאַליזם, אַפילו אָט די אָרטאָדאָקסישע מאַרקסיסטן, ווען זיי האָבן נאָר דערזען ווי אַ יחיד גליטשט זיך עפּעס, ווי ער פאַרלירט זיך אויפן וועג צום סאָציאַליזם, און וויל פון די "איינפאַלנדיקע קאַפּיטאַליסטישע חורבות" עפּעס פאַר זיך, האָבן זיי שוין יענעם גוט פאַרהוקעט און פאַרטיוקעט: דו ביסט אַרויס פון דער קאַלייע; דו געהערסט ניט צו אונדז, דו פאַרברעכסט קעגן אונדזער סאָציאַליסטישער מאָראַל, אַרויס! האָב איך אויך דאָס מיטאַרבעטן אין אַן אָרעמער יידישער פּראָווינץ־צייטונג אויסגעטייטשט ווי אַ פאַרברעכן קעגן דער סאָציאַליסטישער עטיק. די צייטונג דרוקט דאָך בעת אַ סטרייק אויך די דערקלערונגען פון די בעלי־הבתים, זי שטיצט אַ קאָנסערוואַטיוון קאַנדידאַט בעת די וואַלן, זי דרוקט עדיטאָריעלע אַרטיקלען פאַר די קלעריקאַלע תלמוד־תורות, זי דרוקט מודעות פון שולן און כלי־קודש — ניט פאַר מיר, ניין!

ס'קען זיין, ווען איך וואָלט געוואוינט אין אַ גרעסערער שטאָט, אין ניו־יאָרק למשל, וואָלט איך מסתמא אַזאַ „יאָלד" ניט געווען. והא ראיה, האָבן דאָך אויך דעמאָלט אַ סך סאָציאַליסטישע פירערס און טעאָרעטיקערס פון די באַקאַנטע אַרבעטער־פּאַרטייען אָנגענומען שטעלן אין די יידיש־באַלעבאַטישע צייטונגען. אפשר ווען איך וואוין אין ניו־יאָרק, וואָלט איך אויך געקראָגן אַ „שאַנס" צו ווערן אַ יידישער צייטונגסמאַן. האָבן דאָך מיר חברים געזאָגט שפּעטער אַז ס'איז אַ שאָד וואָס איך בין ניט געוואָרן אַ סופר בישראל. איצט, ערב די חמישים, וואָלט איך אפשר אויך געווען אַ חשובער יידישער זשורנאַליסט מיט אַ פאַרדינטן און אָפּטמאָל אַרויפגעצוואונגענעם לאָרבער־קראַנץ און כבוד־קרוין, און נישט געבליבן אַ „ביסטשאַסטנער" לערער און „היברו טיטשער". אפשר. נאָר מסתמא האָט די השגחה אַזוי פאַרשטאַנען. סיידוויסיי האָט די יידישע ליטעראַטור קיין סך ניט פאַרלוירן, און איך האָב נאָך אַלץ צום בעסטן ליב צו לייענען גוטע ביכער פון אמת גרויסע שרייבערס.

# אָראַטאָרישע פּרוּוון

זעט איר, דער יצר־הרע צו ווערן אַ מגיד בישראל האָב איך שוין ניט אַזוי לייכט געקענט דערשטיקן, עס שטויסט מיך דאָס ריידן ביזן היינטיקן טאָג — כאָטש איצט שוין גאָר ווייניק, מחמת כ׳בין עלטער געוואָרן און האָב טאַקע איינגעזען אַז כ׳בין ניט אויסגעוואַקסן קיין זשאָרעס און ניט קיין לאַסאַל. איך ווייס אויך אַז ניט די וועלט דאַרף מיינע דרשות און ניט איך האָב טאַקע אַ סך צוצוגעבן צו דעם וואָס שלמה המלך האָט שוין אויסגעפונען און וואָס רבינו בחיי האָט שוין געזאָגט. פונדעסטוועגן פאָדערט אַ ביסל נאָך מיין פּרנסה, אַז איך זאָל דאָ און דאָרט אַמאָל עפּעס דרשענען פאַר אַן עולם. פון צייט צו צייט וואַכט בכלל אויף דער חשק זיך שטעלן פאַרן ברעטל און זיך „צעקרייען״ ווי אַ שליח ציבור: והוא רחום יכפר עוון...

אין די יינגערע יאָרן האָט טאַקע די דרשה־תאווה רחמנא לצלן ביי מיר מער געברענט. איך פלעג טאַקע האַלטן לעקציעס פאַר „יידן און ווייבער״ וועגן ליטעראַטור און געשיכטע און „לעבנס־פּראָגרעס״, ניט היינט געדאַכט. איך האָב אַפילו — פונקט ווי אַנדערע פּעדאַגאָגן אונדזערע — זיך דערוועגט צו האַלטן לעקציעס וועגן קינדער־דער־ציאונג, ניט בלויז וועגן דער נייטיקייט פון דער יידישער דערציאונג נאָר בכלל ווי אַזוי מע דאַרף דערציען די יונגע קינדער אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן די אמתע מענטשן. צום גליק האָב איך זיך גלייך גע־כאַפּט, אַז עס איז אַן אומפאַרשעמטע חוצפּה און עזות פון יונגע מענטשן צו ריידן וועגן אַזעלכע ערנסטע און וואָגיקע טעמעס. ליידער פּראַקטי־צירט זיך נאָך עס ביי אונדז. עס ריידן ביי אונדז וועגן אָט דעם פאַראַנטוואָרטלעכסטן ענין ניט צוגעגרייטע און אויך אומוויסנדיקע „לערערס און לערערינס״. זיי זאָגן איבער האַלב־צעקייטע געדאַנקען פון באַרימטע דערציערס, און דער עולם דאַנקט נאָך און באַצאָלט נאָך פאַר אַזעלכע פּעדאַגאָגישע „אָנווייזונגען״. איך האָב איינגעזען אַז מענטשן וואָס קענען נעבעך נאָך זיך אַליין ניט דערציען, וואָס קע־נען נעבעך ניט ריכטיק דערציען זייערע אייגענע קינדער, טאָרן ניט אַזוי חוצפּהדיק און אומפאַרשעמט לערנען אַנדערע וועגן דעם. לעקציעס וועגן קינדער־דערציאונג האָב איך גלייך אויפגעגעבן. וועגן די אַנ־דערע טעמעס, איז שוין יאָ געווען „אָלרייט״. איך האָב „געלעק־טשורט״ און געדברט מסתמא טאַקע על העצים ועל האבנים. דעם דעמאָלטיקן יונגן, נאַאיוון עולם בין איך אַ ביסל געפעלן. איך האָב גערעדט מיט חסידישן פייער און טאַקע מיט נאַאיוויטעט. איך האָב

גערעדט מיט האָרץ, און ווי זאָגט טאַקע דאָרט די גמרא: דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב. בין איך הייסט עס געווען אַ שטיקל דערפאָלג פון אַ „לעקטשורער".

אייגנטלעך האָט עס זיך ניט אַזוי גלאַטיק אָנגעהויבן. איך האָב שוין דערמאָנט ווי אין מיין ערשטן אויפטריט פאַר אַן עולם, ביי אַ ד"ר הערצל־הזכרה, האָב איך געקראָגן אַזאַ לאָמפּן־פיבער, אַז איך האָב ניט געוואוסט ווי אַזוי צו ענדיקן. אַן אַנדערש מאָל, אין אַ דע־באַטע, אויך דאַכט זיך ביי דעם פּוע"צ־פאַראיין, האָט זיך צוליב מיין „לאָמפּן־פיבער־חולאת" ביי מיר גאָר אַרויסגערעדט פונקט פאַרקערטע טעזיסן וואָס איך האָב צוגעגרייט און געדאַרפט פאַרטיידיקן — און האָב שוין דעם גאַנצן אָוונט געמוזט באַשיצן דעם קעגנערישן שטאַנדפּונקט. מיט דער צייט איז עס מיר שוין אָנגעקומען גרינגער און איך בין געוואָרן איינער פון די אָפיציעלע יידישיסטישע דרשנים פון ק"ק מאָנטרעאָל. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז שפּעטער, צו דעם טרויער־אָוונט נאָך פּרצעס טויט, און צום קבלת־פּנים פאַר שלום־עליכם (אין 1915) און אַלע אַנדערע אָפיציעלע עפנטלעכע קולטור־דעמאָנסטראַציעס, בין איך אויסגעקליבן געוואָרן פון דער מאָנטרעאָלער יידישיסטישער אינטעליגענץ — צו זיין איר עפנטלעכער פאָרשטייער און בעל־דברן.

און אָט דערמאָנט זיך מיר אַזאַ מין טראַגי־קאָמישער אינצידענט, ווען איך בין גוט אַריינגעפאַלן, אַלץ צוליב אָט דער תאווה מיינער צו שטיין ביים ברעטל. מען ווענדט זיך פון ניו־יאָרק צו דעם רעדאַק־טאָר פון „קענעדער אָדלער", דעם באַוואוסטן שריפטשטעלער ראובן ברייניך — דאָס איז געווען אין די מלחמה־יאָרן — אַז ער זאָל פאַר־אינטערעסירן די יידישע אינטעליגענץ אין מאָנטרעאָל צו מאַכן אַן אָוונט פאַר דעם פאָלקס־דיכטער ש. שמולעוויטש, דעם מחבר פון „אַ ברי־וועלע דער מאַמען", „דאָס טליתל" א"אַ. עס איז געווען די בלי־צייט פון דער מאָדע אויף פאָלקסטימלעכקייט און פאָלקלאָר־מאָטיוון אין דער ליטעראַטור. די יידישע פּרעסע האָט געלויבט די האַלב־פאָלקס־טימלעכע לידער פון דעם דעמאָלט זייער פּאָפּולערן טעאַטער־שרייבער. מען האָט אָנגעוויזן אַז וויל טייל פון די לידער זיינען זיינען אַזוי פאַרשפּרייט ביים פאָלק און דאָס פאָלק נעמט זיי אויף ווי אַן אויסדרוק פון זיינע אייגענע איבערלעבונגען און בענקשאַפטן, פאַרנעמט דער־מיט אַליין שמולעוויטש אַ וויכטיקן אָרט אין דער יידישער פאָלקס־ליטעראַטור און מע דאַרף דאָס אָנערקענען.

ס׳איז געווען שמולעוויטשעס אַ יובילײ־יאָר און עטלעכע שטעט האָבן דורכגעפירט פאַר אים פײערונגען. ראובן ברײנין רופט מיך און נאָך עטלעכע קולטור־טוערס אויף אַ באַראַטונג. מיר באַשליסן אויך אין מאָנטרעאָל צו מאַכן אַ יובילײ־אָוונט פאַר דעם פאָלקס־דיכטער. מע וועט נעמען אַ גרויסן טעאַטער. דער „קענעדער אָדלער״ וועט פּאָפּור־לער מאַכן דעם אָוונט, און מיר וואָס האָבן אַן אײנפלוס אויף די יוניאָנס, אַרבעטער־רינג, נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און אַנדערע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס — וועלן ווירקן אויף די אָרגאַניזאַציעס צו אַגיטירן צווישן זײערע מיטגלידער, און דער אָוונט וועט זיכער דורכגײן מיט דערפאָלג.

אַחוץ שמולעוויטשן, וואָס האָט צוגעזאָגט צו געבן אַ ליטעראַרישע פאָלקסטימלעכע פּראָגראַם פון זײנע „בעסערע שאַפונגען״, וועט ר. ברײנין אים באַגריסן אין נאָמען פון מאָנטרעאָלער ײדן, ד״ר יהודה קויפמאַן (דאַכט זיך — ער האָט דעמאָלט געוואוינט אין מאָנטרעאָל) וועט אים באַגריסן אין נאָמען פון דער ײדישער קולטור־באַוועגונג. מיך, דעם ײנגסטן, האָט מען מכבד געווען מיט פאָרזיץ און איך דאַרף אויך האַלטן די יום־טוב־רעדע. איך „יאָלד״ נעם זיך דאָס אונטער. כ׳האָב געאַרבעט אויף דעם עטלעכע טעג און גרייט צו אַ גאַנצע דרשה וועגן דיכטונג און פאָלקס־דיכטונג, וועגן ליטעראַטור און פאָלקסטימ־לעכער ליטעראַטור, וועגן דער וויכטיקייט און ווערט פון פאָלקס־דיכטער ביי די אומות העולם און ביי ײדן. ס׳איז געווען אַ רעדע פול מיט ציטאַטן און רעפערענצן, אַ גאַנצן וויסנשאַפטלעכע דרשה.

עס קומט דער אָוונט. דאָס טעאַטער איז געפּאַקט. די גאַנצע מאָנטרעאָלער ײדישע אינטעליגענץ איז דאָ, אַפילו די ענגליש־רײדנ־דיקע ײדן פון וועסט־מאַונט זײנען אויך געקומען צו פײערן דעם ײדישן פאָלקס־פּאָעט. די פּראָגראַם הייבט זיך אָן. אַלץ גייט ווי גע־שמירט. איך עפן דעם אָוונט מיט מיין רעדע. נאָכדעם רעדט ברײנין און קויפמאַן. עס שפּילט אַ פידלער. באַלד רעציטירט און עס זינגט דער דיכטער זײנע דעמאָלט באַליבטע פאָלקסטימלעכע לידער — און אַלץ איז אגיל ואשמח. נאָך דער פּאַוזע אָבער, זאָגט מיר דער גאַסט־פּאָעט, אַז ער האָט אויך געבראַכט זײנס אַ טעכטערל וואָס וועט איצט דורכפירן דעם צווייטן טייל פון זיין רעפּערטואַר. איך דערקלער דאָס פאַרן עולם און באַלד לויפט אַרויס אויף דער בימה אַ קליין מייד־דעלע — האַלב־נאַקעט ווי אַן אמתע ביליקע סובּרעטין — און הייבט אָן צו זינגען און אויסצוטאַנצן מיט די אַלע ווילדע העוויות פון די

ביליקע וואָדעוויל־טענצערינס אין וואולגאַר לידל נאָכן צווייטן: וועגן אַ „מיסעס מיט אַ באָרדער", אַ „העט און אַ גט", און וואָס עס טוט זיך „זומער ביינאַכט אויף די דעכער", און אַנדערע ביליקע לידער. עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. ר. ברייגין און אַלע אַנדערע פאַר־לאָזן פאַרשעמט דאָס טעאַטער. איך זאָג זיך אָפּ צו אַנאָנסירן ווי־טער די פּונקטן פון דער וואולגאַרער פּראָגראַם. דער פּשוטער עולם זיצט אין טעאַטער און קוועלט גאָר אָן און כיכיקעט ווילד. אין מיטן די נומערן לאָזט זיך גאָר דער פאָלקס־דיכטער צווישן עולם און פאַר־קויפט זיינע לידער און מאַכט האַרצרייסנדיקע אַפּילן ניט צו פאַר־לאָזן אים אויף דער עלטער.

איך קוק זיך אַרום — דאָס טעאַטער איז שוין האַלב ליידיק. די מאָנטרעאָלער אינטעליגענץ האָט איבערגעלאָזט איר מכלומרשטן „פאָלקס־דיכטער" מיט די „מיסעסן און באָרדערס". איך, דער פאַר־זיצער הייסט עס, נעם אויך מיין הוט און מאַנטל, זאָג שמולעוויטשן אַז ער זאָל שוין אַליין אַנאָנסירן די ווייטערדיקע נומערן — און גיי אַהיים.

איך האָב שוין מער נישט אָנגענומען קיין פאָרזיצערײ־כיבודים פאַר „פאָלקסטימלעכע דיכטער", אָבער געלעקטשורט פאַרן עולם האָב איך נאָך ווייטער. איצט טו איך שוין דאָס אויך ניט. און ווידער האָט די יידישע וועלט קיין זשאַרעס ניט פאַרלוירן. מיינע „קלוגע רייד" פעלן קיינעם ניט אויס. איך בין אָבער פון דעם ניט־באַוויזן מיינע טיפע חכמות, דאַכט זיך, פיל קליגער געוואָרן.

## איך אַרבעט ביי מר. גרינשפּאַן

און אָט־אָט, אין 1910־1911, ענדיקן זיך שוין מיינע גרינע יאָרן. דורך די צוויי יאָר פון מיין זיין אין מאָנטרעאָל בין איך שוין געוואָרן אַ גאַנצער „געלער", אַ פאָלנער אַמעריקאַנער. עס ענדיקן זיך אויך שוין מיינע פּרי־בחורשע יאָרן און איך דאַרף, שוין אויך ווערן אַ פאָל־נער דערוואַקסענער מענטש, מיט קלאָרע צילן און ערנסטע פעסט־געשטעלטע אויפגאַבעס.

אַ פאָלנער אַמעריקאַנער? עס רעדט זיך אייגנטלעך נאָר אַזוי. אַ סך אונדזעריקע זיינען אייגנטלעך נאָך ניט קיין אמתע אַמעריקאַנער אַפּילו אין די שפּעטערע יאָרן, אַ סך אונדזעריקע לייענען דאָך ניט נאָך יאָרן זיין דאָ אַפּילו קיין ענגליש בוך ניט, און אָסור צי זיי געניסן פון דער אַמעריקאַנער קולטור־שאַפונג וואָס ווערט אַזוי פריי

און גאַסטפֿריינדלעך אָנגעבאָטן יעדער איינעם וואָס וויל נאָר פֿון איר הנאה האָבן. אויך איך האָב זיך פּונקט ווי אַנדערע מיינס גלייכן, ניט ריכטיק אויסגעגרינט. ס׳איז שווער און צופֿיל לאַסט די אָנשטרענ־גונג, כאָטש אַ ביסל האָב איך דורך די יאָרן פֿון זיין אין אַמעריקע יאָ פֿאַרזוכט און געגאָסן פֿון אַמעריקעס אומגעצאַמטע גייסטיקע קוואַלן. ס׳האָט מיר נאָר גענומען אַ ביסל צו לאַנג צו ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער.

אין די יאָרן ווען איך האָב געוואוינט אין קאַנאַדע האָב איך באַוואוסטזיניק ניט געוואָלט ווערן אַ קאַנאַדער בירגער. ווען מיין פֿאָטער האָט אַרויסגענומען זיינע בירגער־פּאַפּירן, ער האָט געקענט אויך מיך מוציא זיין, ווייל איך בין דאַך אַהער געקומען צו 17 יאָר. איך האָב נאָך געקענט איינגעשלאָסן ווערן אין זיינע בירגער־פּאַפּירן. האָב איך בפירוש געפֿאָדערט אַז ער זאָל ניט אָנגעבן מיין נאָמען. איך וועל שווערן טרייהייט צום ענגלישן טראָן? איך? און מיין געטרייער טאַטע האָט מיך טאַקע, צום אומגליק, געפֿאָלגט. האָב איך געהאַט גענוג אומזיסטע צרות ביים אַריבערציִען זיך אין די שטאַטן. נישט בלויז איך נאָר מיין קאַנאַדער דערצוויגענע פֿרוי און מיין קאַנאַדער געבוירענער זון האָבן געמוזט דורכמאַכן אַלע אימיגראַציע־רעגולאַ־מענטן, קוואָטע, עקזאַמענס. איך האָב טאַקע באַדאַרפֿט באַצאָלן אַ פּאָר דאָלער פֿאַר פּאַספּאָרט, וויזע, ׳העד־טעקס׳ אאַז״וו. דאָ אין אַמעריקע האָט מיר אויך גענומען 15 יאָר צו באַשטימען זיך בכיוון אָנשליסן אין אַ גרויס־קאַפּיטאַליסטישן־שטאַט, אין „מאָרגאַנס מלוכה״, מ׳שטיינס געזאָגט. ערשט אין די לעצטע יאָרן האָב איך טאַקע איינגעזען די נאַרישקייטן פֿון אָט דער גרינהאָרנישער אויסגעהאַלטנקייט און שנעל געוואָרן אַ בירגער — און טאַקע מיט ניט ווייניק שטאָלץ און גליק־געפֿיל, וואָרעם איך בין דאַך געוואָרן אַ בירגער ניט פֿון וואָל־סטריט־מדינה, נאָר פֿון דעם פֿרייסטן וואונדערלעכסטן לאַנד אין דער וועלט. מיט אמתער רעליגיעזער כוונה האָב איך געשטימט צום ערשטן מאָל פֿאַר פּרעזידענט רוזוועלט, ווען ער האָט קאַנדידאַטירט דאָס דריטע מאָל.

דורך די צוויי יאָרן פֿון מיין אויסגריִנען זיך, האָב איך דערווייל געביטן מיין „דזשאָב״. דער מר׳ וואלדמאַן, מיין ערשטער באָס, האָט איבער די סטרייקס אינגאַנצן פֿאַרמאַכט זיין שאַפּ. מיין ברודער האָט געעפֿנט אַליין אַ שאַפּ. איך האָב געקראָגן אַ שטעל פֿאַר אַ קאָטער אין אַ „ליידיס קימאָנאָ און נעגליזשע שאַפּ״. דאָס איז געווען אַ

קליין פאַבריקל און איך האָב צוערשט געדאַרפט העלפן דעם בעל־הבית. ווען דאָס געשעפט האָט זיך פאַרגרעסערט און דער בעל־הבית האָט געדאַרפט זיך אײנגאַנצן אָפּגעבן מיט „ביזנעס", און איך האָב שוין געקאָנט נישקשהדיק די אַרבעט, בין איך געוואָרן דער סאַמע גלאַוונער צושניידער און אויך אַ שטיקל „מענעדזשער" און געשעפט־אַרויסהעלפער.

דער בעל־הבית פון שאַפּ, מר׳ גרינשפּאַן, איז געווען זייער אַ סימפּאַטישער מענטש, אַ וואוילע איז אויך געווען זיין פרוי וואָס האָט אים געהאָלפן אָנפירן די אַרבעט אין שאַפּ. זיי זיינען געווען רומענישע יידן, היימישע סאָציאַליסטן און פּראָגרעסיווע מענטשן און האָבן גע־פירט די פאַבריק זייער מענטשלעך. זיי האָבן ערנסט זיך אינטערעסירט מיט די אַרבעטער. אַפילו שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך שוין אַרויפ־געאַרבעט און געוואָרן זייער רייך, האָבן זיי ניט פאַרגעסן זייער היי־מישן סאָציאַליזם. איך, אַ שטיקל פאַבריק־פאַרוואַלטער צו 19־20 יאָר, האָב געקענט שטענדיק אויסבעטן ביי זיי טובות און 'רעיזעס' פאַר זיך און פאַר די אַרבעטער.

דער מר׳ גרינשפּאַן האָט געהאַלטן פון מיר אַן עולם ומלוא און איך האָב געקראָגן פּריווילעגיעס נאָך בעסער ווי ביי דעם היימישסטן בעל־הבית. איך פלעג אָפטמאָל קומען שפּעט און דערקלערט אַז איך דאַרף פּראַקטיצירן אויף דער פידל. בעת איך בין געגאַנגען אין די הורט־געשעפטן איינקויפן סחורה, פלעג איך אין מיטן דרינען זיך גאָר אַריינכאַפּן צו לאַזאַרוסן אין בוכהאַנדלונג און אַ ביסל אַרומקי־בעצן מיט די שטענדיקע געסט די ליידיקגייערס וואָס מען האָט שטענ־דיק געטראָפן אין אַ יידישער בוכהאַנדלונג. אַמאָל פלעג איך זיך גאָר אַריינכאַפּן אין אַ קינאָ־טעאַטער און צוריקקומען מיט עפּעס פוילע תירוצים, וואָס דער בעל־הבית האָט געמוזט צונעמען, ווייל איך בין שוין אין שאַפּ דאָרט געוואָרן דער אמתער העלפער און אויך שטענדיק געהאַט געננוג „אָפּגעשניטענע באַנדלעך" פאַר די שיקסעס וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט.

זייער יום־טובדיק האָב איך געאַרבעט, ווען עס איז געווען אַ גאַסט פון ניו־יאָרק, זשיטלאָווסקי צי אַן אַנדער גדול. דער בעל־הבית האָט שוין געוואוסט, אַז דעמאָלט געהער איך ניט אינגאַנצן צו אים. איך געהער שוין דער יידישער קולטור — אַזוי צו זאָגן. איך האָב אים אַליין אויך אָפט געבראַכט צו זשיטלאָווסקיס לעקציעס און אים פאַר־אינטערעסירט אַ ביסל אין דער יידישער קולטור־באַוועגונג. און ווען

עס פלעגט קומען אַ ניו־יאָרקער גדול און אין שאַפּ פלעגט זיין „ביזי“, פלעגט ער מיך שוין פריער בעטן: אַז „הייַנט זאָלסטו זיך קיין יום־טוב ניט מאַכן, מ׳דאַרף אַ סך אַרבעט“.

איינמאָל בין איך געגאַנגען קויפן פאַרן שאַפּ סחורה. דאָס מאָל האָט מען עפּעס געמוזט אַלץ קויפן פאַר מזומן־געלט, האָט דער באָס מיר געגעבן אַ טויזנט־דאָלאַרדיקע אַסיגנאַציע. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געזען אַן אַמעריקאַנער טויזנטער — און מסתמא דאָס לעצטע מאָל אויך. בין איך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין די הורט־געשעפטן, טאַקע איינגעהאַנדלט פאַר דעם מר׳ גרינשפּאַן אַ סך מציאות און פאַרנאַכט האָב איך זיך אַליין — פאַר מיין בריהשאַפּט טראַקטירט מיט אַ מואווי־בילד. בין איך צוריקגעקומען אין שאַפּ זייער שפּעט, שוין נאָך זעקס אַזייגער, און איך טרעף שוין דעם מר׳ גרינשפּאַן ווי ער וואַרט אויף מיר אומגעדולדיק. ער זאָגט מיר אַז ער האָט זיך זייער געשראָקן צי איך האָב חלילה ניט פאַרלוירן דעם טויזנטער, און מער זאָגט ער גאָרנישט. מסתמא האָט אים גוט געטיאָכקעט דאָס האַרץ וואָס ער האָט פאַרטרויט אַ פרעמדן בחור אַזאַ גרויסע מטבע. מיר האָט ער אָבער גאָרניט געזאָגט און נאָך געדאַנקט פאַר די איינגעהאַנדלטע מציאות.

איך האָב געאַרבעט ביי דעם מר׳ גרינשפּאַן אַ דריי יאָר, אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר פינף דאָלער אַ וואָך און זיך אַרויפגעאַרבעט אויף 18 דאָלער, דעמאָלט אַ הויכע שכירות ביי „לײדיס אַנדערוועער“. קיין יוניאָן ביי דעם אמת ווייבערשן פאַך איז נאָך ניט געווען. פלעג איך קריגן ביי אים שטענדיק אַ העכערונג דורך זאָגן אַז איך גיי אַוועק, וויל איך האָב אַ בעסער באַצאָלטע שטעל, און אַז דער ברודער וויל מיך אַרייננעמען אין שאַפּ. איך וואָלט אַוודאי אויף דעם פּלאַץ זיך געעלטערט, ווען די „באַוועגונג“ נעמט מיך ניט אַוועק אין די שולן. דורך די מלחמה־יאָרן איז דער מר׳ גרינשפּאַן זייער רייך געוואָרן, שפּעטער ביי דעם קראַך פון 1929 האָט ער אַלץ פאַרלוירן און איז געשטאָרבן אַן אָרעמאַן.

## די מאַמע איז קראַנק

אין די יאָרן פון מיין אויסגרינען זיך האָט ביי אונדז אין דער היים געטראָפן אַ גרויס אומגליק. מיין מוטער, וועמען מיר האָבן אַלע אַזוי ליב געהאַט, איז פּלוצלונג פאַראַליזירט געוואָרן און איז אָפּגעלעגן אין בעט פאַראַליזירט, אָן לשון כמעט באַוועגלאָז, אַרום זעקס יאָר. פאַר

אונדזער גאַנצער משפחה איז דאָס געווען אַ גרויסער בראָך. אָט האָבן מיר אַלע שוין געהאַלטן ביי אַקלימאַטיזירן זיך און קומען צו עפּעס אין דעם נייעם לאַנד. מיין פאָטער און מיין ייִנגערער ברודער האָבן געאַרבעט ביים עלטערן ברודער אין שאַפּ, וואָס האָט טאַקע געהאַלטן אין אַרויפאַרבעטן זיך. דער עלטערער ברודער האָט געוואוינט מיט זיין פרוי און קינד ביי אונדז, כדי צוזאַמען צו האָבן ווייניקער הויז־הוצאות און קענען קומען צו אַ תכלית. שטייט אַזוי איינמאָל מיין מאַמע ביים פענצטער און האַלט דאָס אייניקל, אַן עופעלע פון אַ יאָר, אויף די הענט. פּלוצעם הערט מיין שוועגערין אַ ווילדן געשריי. זי לויפט אַריין אין צימער, דערזעט זי מיין מוטער שטיין אַזוי מאָדנע און מאַכן מיט די הענט צו איר. ווען זי נעמט אַרויס דאָס קינד פון מוטערס האַנט, פאַלט די מאַמע אַוועק אויף דער ערד באַוועגלאָז. שכנות רופן באַלד אַ דאָקטער. מען רופט אונדז אַלעמען אַהיים, און מיר ווערן געוואויר אַז די מוטער איז פּאַראַליזירט געוואָרן אויף אַ האַלבער זייט און אויפן לשון.

דאָס איז פאַר אונדז אַלעמען געווען אַ גרויסער קלאַפּ, און דער שרעקלעכסטער צער איז געווען צוצוזען ווי אונדזער מאַמע, וואָס האָט אונדז אַזוי שטיל און געטריי ליב געהאַט, וויל עפּעס אונדז זאָגן און קען ניט. דורך די זעקס יאָר פון איר קראַנקייט האָבן מיר אַלע מער ווי די כוחות זיינען געווען זיך געמיט זי צו היילן. מיר האָבן גערופן די בעסטע דאָקטוירים, אָפּט אויסגעגעבן די לעצטע דאָלאַרן אויף קאָנסיליומס פון פּראָפעסאָרן און ספּעציאַליסטן, און מיר האָבן אונד־זער מאַמען ניט געקענט צוריקגעבן איר געזונט.

אין שפּיטאָל האָבן מיר זי ניט געוואָלט שיקן, נאָר פייגע, אונד־זער צוגעקומענע שוועסטער, וואָס איז איר גאַנץ לעבן אונדז אַלעמען געווען געטרייער ווי אייגענע ברידער און שוועסטער און האָט איר יוגנט־גליק און קינדער־פרייד אַוועקגעגעבן פאַר אונדזער מאַמען, האָט געזאָגט אַז זי וועט מער ניט גיין אין סקול און אָפּגעבן איר לעבן פאַר אונדזער מאַמען.

און וואָס האָבן מיר געקענט טאָן? אַרבעטן האָבן מיר דאָך אַלע געדאַרפט גיין. האָבן אַ שטענדיקע קראַנקן־שוועסטער פאַר דער מאַ־מען האָבן מיר זיך ניט געקענט דערלויבן; אין שפּיטאָל אַריין האָבן מיר זי ניט געוואָלט שיקן, מיר האָבן מורא געהאַט פאַר זייער גוייִשער באַרעמהאַרציקייט — האָבן מיר — מסתמא אומגערעכט און נישט באַרעכנט — אָנגענומען דעם קרבן פון דער יונגער פייגע. זי האָט

זעקס יאָר כסדר אָפּגעהיט אונדזער מאַמען, איר אַדאָפּטירטע מוטער ווי די געטרייסטע קראַנקן־שוועסטער און איבערגעגעבנסטע בלוט־קינד. שפּעטער, ווען אונדזערע שולן האָבן זיך געעפנט און פייגע איז געווען פון די ערשטע שילערינס — און אויך דערנאָך ערשטע לערערינס פון אונדזער אייגענעם אַרויסלאָז — איז זי אויך געווען פון די הויפּט־דעקלאַמאַטאָרינס אויף די שול־קאָנצערטן. איינע פון אירע שענסטע דעקלאַמאַציעס איז געווען פרוגס „דעם שמשס טאָכטער". האָט זי טאַקע פון גאַנצן האַרצן געזאָגט די ווערטער פון פּאָעט, בעת ער שילדערט ווי דבורהלע גיט אַוועק איר גאַנץ לעבן פאַר איר ליבן רבין, מיט אַזוי פיל געפיל און כוונה, אַז דער גאַנצער עולם פלעגט אָפּטמאָל מיטפילן מיט דעם יונגן רויטן מיידל וואָס רעדט אַרויס די ווערטער מיט אַזוי פיל עמאָציע און אייגענער איבערלעבונג. זי האָט טאַקע דאָס איבערגעלעבט. אויך זי האָט אַוועקגעגעבן איר יונג שטיל לעבן פאַר אַ וואונדערלעכן מענטשן וועמען זי האָט אַזוי ליב געהאַט. דורך דעם וואָס זי איז געווען שטענדיק אין דער היים, איז זי אַוועק פון דער שול־סביבה און פון קינדער־פרייד, פאַרפעלט איבערצולעבן די אַלע פאַרגעניגנס פון קינדהייט און יוגנט, און דאָס האָט זיך טאַקע אָפּגערופן שפּעטער, ווען זי איז שוין געווען גרויס. שטענדיק אַזוי ערנסט, אַזוי ביטער ערנסט, אָן קאָמפּראָמיסן צו לייכטער לעבנספרייד. און דערפאַר שפּעטער אויך שטענדיק אַזוי גייסטיק פאַרביטערט און אַפילו פיזיש נישט צו געזונט.

זאָג איך טאַקע דאָ צו מיין געטרייער, צוגעקומענער, אָבער אַזוי אייגענער שוועסטער פייגע, וואָס האָט אַזוי פיל געטאָן פאַר אונדזער קראַנקער מאַמען, די ווערטער פון פּאָעט: „זיי מיר מוחל! זיי מיר מוחל, ליבע".

אַ סך געהאָלפן אונדזער קראַנקער מאַמען האָט מיין מיטלסטער ברודער יאָסקע. אויך ער האָט אויף איר אויפגעפּאַסט בעסער ווי אַ קראַנקן־שוועסטער. יעדן אָוונט ווען ער איז געקומען פון דער אַרבעט, פלעגט ער זי אַרויסנעמען פון בעט, אַרומפירן אין אַ ספּעציעלן שטול, אַרומוואַשן, אַרומרייניקן. מיין מאַמע האָט זיך כמעט גאָרניט געקענט באַוועגן. און ניט בלויז ער, די גאַנצע משפּחה אונדזערע, דער טאַטע, מיין ברודער און אַפילו איך (מיינע אייגענע זאָגן אַז איך ניט אַזוי פיל, ווייל איך האָב זיך דאַך שוין אָנגעפאַנגען צו קהלן און אַרבעטן „פאַר דער געזעלשאַפט") פלעגן זיך שטענדיק אָנשטרענגען צו שאַפן איר אַ ביסל פרייד. פרייטיק־צו־נאַכטס, שבת און יום־טוב

פלעגן מיר זי אַוועקזעצןביים טיש. זי פלעגט אַפילו פּרובירן בענטשן ליכט מיט אונדזער הילף, אַזוי ווי זי וואָלט געוועזן די אמתע אַקטיווע בעל־הביתטע. מיר פלעגן ביי איר פרעגן עצות, אויף וועלכע זי פלעגט ענטפערן מיט אַ בייג פון קאָפּ, אָדער מיט די שפּעטער שוין עטלעכע אויסגעלערנטע ווערטער. יעדערער פלעגט איר דערציילן זיינע אינ־טערעסן. אַפילו איך פלעג איר דערציילן פון אונדזערע יידישיסטישע אויפטוען. שפּעטער האָט זי געוואוסט אַלץ וועגן די דערגרייכונגען פון אונדזער שול־אַרבעט, פון וואָס זי האָט אַנגעקוואָלן: סוף־כל־סוף איז איר הערשל נאָך אַלץ אַ גוטער ייד! איך פלעג פאַר איר פאָרלייענען שלום־עליכמען. מיר פלעגן אָפט מאַכן פאַר איר „משוגענע שטיק" און גאַנצע טעאַטער־שפּילן, אַבי זי צו אַמוזירן, אַבי זי זאָל אַ ביסל פאַרגעסן איר אומגליק.

מיין מאַמע האָט זייער ליב געהאַט מוזיק, ספּעציעל פלעגט זי ליב האָבן די מאָטיוון פון גאָלדפאַדענס לידער. האָב איך געקראָגן כמעט אַלע ניגונים פון גאָלדפאַדענס אָפּערעטעס, פלעג זיי פאַר איר אָפט אין די אָוונטן שפּילן אויפן פידל און זי פלעגט אונטערברומען האַלב־שטום און זיין זייער גליקלעך. אַזוי האָבן מיר אַלע פּרובירט פאַרלייכטערן די טעג פון איר שווערער קרענק. אַלע אונדזערע אָנ־שטרענגונגען האָבן אָבער ניט געהאָלפן. אָפטמאָל פלעגט זי קריגן שרעקלעכע קאָנוואולסיווע אָנפאַלן און נייע פּאַראַליטישע אַטאַקעס. נאָך זעקס יאָר מאַטערן זיך איז זי געשטאָרבן. פון איר טויט אָן איז אונדזער משפּחה כמעט אינגאַנצן זיך צעפאַלן און דאָס היימישע לעבן פון טאַטע־מאַמעס־הויז האָט זיך פאַר מיר געענדיקט.

## עס באַלאַנסירט זיך אויס

אין די יאָרן פון אויסגרינען זיך האָט זיך ביי מיר פאַרענדיקט דאָס וואַקלען זיך און יונג־בחורישן זוכן אַ לעבנס־אינהאַלט און צו „פאַרשטיין די וועלט". איך האָב דורך די יאָרן דורכגעמאַכט שווערע חבלי־לידה פון מיין אַזוי גערופענער וועלט־אָנשויאונג. איך האָב אין גרויסן איפער צו „דערגיין דעם אמת" און לעבן פריי, אויסגע־האַלטן לויט מיינע איבערצייגונגען, אָן צוריקהאַלט און אָן דורך דורות איינגעוואָרצלטע קאָנווענציאָנעלע לעבנס־ליגנס זיך געוואָרפן פון איין „אמת" צום צווייטן, און פון איין עקסטרעם צום צווייטן. אָט איז מיר גאָר געפעלן שטירנערס פריי־אינדיווידואַליסטישער אַנאַרכיזם,

און אָט האָב איך גאָר געוואָלט צוריק גיין אין שול אַריין, אָדער גאָר צו די מיסיאָנערן. אָט בין איך געווען באַגייסטערט פאַר די גליקלעכע רעזולטאַטן פון דעם 19טן יאָרהונדערט מיט איר פּאָזיטיווער וויסנשאַפט, מיט אירע דערגרייכונגען פון טעכניק און גרויס־שטאָטישער ציוויליזאַציע, און אָט בין איך צוריקגעקומען צו טאָלסטאָיס גן־עדן פון פּשוט ערלעך לעבן און בין נתפּעל געוואָרן פון רוסאָס רוף צוריק צו דער נאַטור און צו האַמסונס גליקלעכע קינדער פון דעם נאַטור־גאָט פּאַן. אָט בין איך גאָר באַגייסטערט געוואָרן פון דעם פרייען לעבן אויף דער נאַטור — דר. ליבער האָט דאַן געפּריידיקט אין זיינע זשורנאַלן אַ פריי נאַטור־לעבן, — האָב געוואָלט ווערן אַן אמתער וועגעטאַריער און געניסן בלויז די גאָטס געגעבענע נאַטור־שפּייזן, און אָט האָב איך געוואָלט צוזאַמען מיט מיינע אַנדערע „פריילעכע חברים” איינפירן אַ באָהעמע־לעבן אין יידישן מאָנטרעאָל. אָט בין איך געווען אַזאַ געטרייער זשיטלאָווסקיאַנישער יידישיסט און אָט האָב איך גאָר געטראַכט אַז אפשר דאַרף מען טאַקע ניט קיין באַזונדערע פעלקער, אַז די נאַציאָנאַלע צעטיילונגען ברענגען גאָר שלעכטס אויף דער וועלט און איך האָב זיך גענומען ערנסט לערנען עספּעראַנטאָ און בין שוין שיער ניט געוואָרן אַ טיכטיקער מיטגליד אין מאָנטרעאָלער קאָסמאָפּאָליטישן עספּעראַנטאָ־קלוב.

איך האָב זיך אויך געכאַפּט צו אַלערליי פאַרשיידענע קעגנזעצלעכע פאַרנעמעכצן. אָט פּראַקטיציר איך שעהן אויף דער פידל און ווער שוין אַ שטיקל מיטגליד אין אַן אַמאַטאָרן־אָרקעסטער. אָט שפּאַציר איך — מערסטנס אַליין און ספּעציעל אין רעגנדיקע טעג — אויף די בערג, וואַך דאָרט אויף די הויכע בערג גאַנצע נעכט און פּרוביר קומען „צו זיך און צו דער וועלט”. דאָס פּרואוו איך, ווי טאָלסטאָי לערנט, דורכמאַכן אַ „מאָראַלישן ווידערגעבורט”. פון די מאָגערע פאַרדינסטן גיב איך אויס געלט אויף ביכער, און אויף טעאַטער. אין מאָנטרעאָל האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט די סאַן־קאַרלאָ אָפּערע־קאָמפּאַניע. פאַר די לעצטע קוואָדערס ליג איך גאַנצע אָוונטן אויף דער גאַלעריע און קוויק זיך מיט דער מוזיק פון ווערדי און פּוטשיני. אָט ליג איך איבער גאַנצע טעג אין די מואוויס, און אָט גיי איך גאָר שפּאַצירן אויף די אַלט־מאָנטרעאָלער פּראַנצויזישע געגנטן און פאַרקריך אָפּטמאָל העט־העט אויף יענער זייט.

אויך געזעלשאַפטלעך אידעאָלאָגיש זיך צו געפינען קומט מיר אָן בקריעת ים־סוף. וואָס בין איך? אַן אַנאַרכיסט צי אַ סאָציאַליסט,

אַ היסטאָרישער מאַטעריאַליסט צי אַן אידעאַליסט? אַ ציוניסט צי אַ גלות־נאַציאָנאַליסט? אַ פּעסימיסט צי אַן אָפּטימיסט? די אַלע וואָר־פּענישן קאָסטן מיך געגוג יונגע שלאָפלאָזע נעכט, שווערע פרי־בחורשע טעג. צווישן חברה טאָר מען אָבער דאָס ניט אַרויסווייזן. פאַרקערט, דאָרט בין איך דער „לעב־יונג", אָפּטמאָל דער ראש אויף די שמחות. איך ווייז אַרויס אַ שטאַרקע נייגונג צו דער משקה אויף די חברהשע ליאַמעס. איך בין דאָך עפּעס אַ חסיד, אַ גלייביקער אין „דינען גאָט מתוך שמחה". ספּעציעל האָבן מיך פריילעך־פריינדלעך מיט דעם פלעשל בענעדיקטין אויפגענומען די ניו־יאָרקער משולחים ניט די גרויסע, די גדולי־הדור: מיט זיי האָבן מיר זיך געמוזט אויפפירן לייטיש, ווי עס פּאַסט — נאָר די קלענערע, ספּעציעל די אייגענע יאַטן פון דער גרופּע „דאָס נייע לעבן". אָט די משולחים (אָפּל, בערנשטיין, סלוצקי) פלעגן זיך באַווייזן אין זשיטלאָווסקיס קאַנאַדער פעסטונג, אין מאָנטרעאָל, יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק כדי צו מאַכן אַ פּאָר נייע אַבאָנענטלעך פאַרן זשורנאַל. פלעגן מיר, ספּעציעל בערקאָוויטש, סלאָבאָדסקי און איך, מיט די חברה־לייט אַרומגיין טעג צו די אָפּיסעס פון די ראַדיקאַלע אַלרייטניקעס, שבת אויף די בערג און קריגן דאָלאַרן פאַר אונדזער באַליבטן זשורנאַל „דאָס נייע לעבן", וואָס האָט אונדז כמעט דערצויגן און געמאַכט פאַר שטיקלעך מענטשן. אָט די נאַש־בראַטניקעס משולחים האָבן מיר, תיכף נאָך אַ דערפאָלגרייכן טאָג, אויפגענומען טאַקע אין בערקאָוויטשעס היים מיט אונדזער סעודת־מצווה, אַריינגעהאַקט צו עטלעכע גלעזלעך און זיך גע־לאָזט נאָכדעם אויסגיסן אונדזער „יידישיסטישע" פרייד איבער די מאָנטרעאָלער גאַסן.

און איינמאָל האָט טאַקע מיט מיר און אַזאַ משולח פון „דאָס נייע לעבן" (דאַכט זיך בערנשטיין) פּאַסירט אַזאַ מעשה:

מיט גרויס מי און שתדלנות, דאַכט זיך מצד דעם אַרויסגעבער פון „קענעדער אָדלער", געלינגט אונדז צו פועלן ביי דער גרעסטער אין שטאָט יידישער בענעפיט־אָרגאַניזאַציע, „דהי קינג דזשאָרדזש סאָסייעטי", וואָס האָט געציילט הונדערטער מיטגלידער (אין קאַנאַדע האָבן יידישע פאָלקסמענטשן, וועלנדיק אַרויסווייזן זייער באַגייסטערונג פאַר זייער ניי־אַדאָפּטירט לאַנד, אָנגערופן זייערע אָרגאַניזאַציעס אויפן נאָמען פון ענגלישן קיניג און אַנדערע מיטגלידער פון קיניגלעכן טראָן) צו אַדרעסירן די געזעלשאַפט ביי איר גרויסער חודשלעכער פאַרזאַמלונג און צו בעטן שטיצע פאַר „דאָס נייע לעבן". די יידי־

שיסטישע גרופּע איז שוין דעמאָלט געווען גאַנץ אָנזעעוודיק אין שטאָט און מען האָט זיך שוין באַצויגן צו אונדז מיט דרך־ארץ אַפילו ביים קעניגס „געטרייע אונטערטאַנען". מיר האָבן אויך שוין פריער „גע־פּיקסט", געצויגן שטריקלעך און געפּועלט ביי די הויפּט־גבאים פון דער געזעלשאַפט, אַז מען זאָל ביי דער פאַרזאַמלונג געבן אַ בכבודיקע ביישטייערונג פאַר אונדזער זשורנאַל־פאָנד.

נו, האָבן מיר אָבער יענעם שבת געהאַט אַ „גוטן טאָג" אויף די מאַונטנס. מיר האָבן געזאַמלט אַ היפּש ביסל אַבאָנענטן און מיר האָבן פאַרנאַכט צו שלוש־סעודות געפּייערט דעם דערפאָלג ביי בער־קאָוויטשן אין הויז מיט אַ גוט ביסל זמירות. אין אָוונט האָבן חברה מיך באַשטימט מיטצוגיין מיט בערנשטיינען און דאָרט זען צו „מאַכן אַן איינדרוק" און צוריק קומען מיט אַ גוטער מאַטניאַ. מיר זיינען אַ ביסעלע בגילופנדיק געקומען אין מיטינג־זאַל, אַריינדערלאַנגט אונדזער „קרעדענשל". מען האָט אונדז באַלד אַריינגעלאָזט און צו־געפירט מיט פאַראַד צום פאָרזיצערס פּלאַטפאָרם. איך קוק זיך אום, דער זע איך אַ סך באַקאַנטע מאָנטרעאָלער יידן, אָבער דער פּרעזידענט און די אַנדערע באַאַמטע האָבן מיט זייער ספּעציעלער 'רעגאַליאַ' און אוניפאָרמען און רויטע לאַמפּאַסן געמאַכט אויף אונדז אַזאַ קאָמישן איינדרוק אַז איך האָב מורא געהאַט צו קוקן אויף בערנ־שטיינען און ער אויף מיר.

באַלד נעמט דער פּרעזידענט אונדז פאָרשטעלן, רעדט וועגן מיר גאַנצע ניסים ונפלאות און אַלץ אין אַזאַ ספּעציעלן פאַרפומירטן דייטש־מערישן מיטינג־זשאַרגאָן, אַז איך דערקען זיך אַליין ניט. איך ווייס ניט, צי ער רעדט אויף מיר גוטס צי שלעכטס חס־ושלום. צום סוף פון זיין „ספּיטש" רופט ער מיך צום עמוד און מאַכט אַזעלכע מאָדנע העוויות — ווי דער דרך איז געווען אויף זייערע מיטינגען, אַקעגן אים אין מיטן זאָל זיצט דער וויצע־פּרעזידענט, אויך אין לאַמפּאַסן יוניפאָרם און מאַכט אויך אַזעלכע שטיק און זאָגט עפּעס אויך אַזעלכע מאָדנע סמבטיון־פּסוקים. און אָט דאַרף איך דאָס אָנהייבן ריידן וועגן דער היסטאָרישער באַדייטונג און רעוואָלוציאָניזירנדיקער אַרבעט פון זשיטלאָווסקיס „דאָס נייע לעבן". איך וויל אָנהייבן ריידן און דער פּרעזידענט און אַלע אַנדערע לצים באַאַמטע קוקן אויף מיר אַזוי אין זייערע מאָדנע פּורים־שפּילערישע מונדירן. פאַרשנאָשקעט בין איך דאָך אַ ביסעלע געווען — צעלאַך איך זיך און קען זיך ניט קאָנ־טראָלירן. בערנשטיין, אויך אַ יאַט פון יאַטנלאַנד, שיסט באַלד אויך

אויס מיט אַ הויך געלעכטער. די דערשראָקענע יידן קוקן אונדז אָן
ווי משוגעים און מיר לויפן שנעל אַרויס פון זאַל לאַכנדיקע און האָבן
נאָר מורא אַז דעם „קיניגס" יידן זאָלן אונדז ניט אונטערהאַקן די זייטן
פאַר אַזאַ מין חילול־השם נאָך זייערע „גוטע ווינטשע". קיין מאַטניאַ
פאַר „דאָס נייע לעבן" האָבן מיר שוין נישט געבראַכט. און מער בין
איך שוין נישט געגאַנגען בגילופנדיק מיט קהלשע שליחותן צו „קי־
ביגלעכע" פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס...

אָט אַזוי האָב איך געלעבט אַ מין זיג־זאַג־לעבן. ווען אַליין —
אויף גרויסע צרות, ווען מיט אַנדערע — אַ חסידישער לאַפּצעדריגע.
ווי זאָגט טאַקע טביה דער מילכיקער: אַ מכּה זאָל יענער וויסן וואָס
אויפן האַרצן טוט זיך. ביז איך האָב אַ ביסל אויסבאַלאַנסירט דאָס
אומגלייכע לעבן מיינס. איך האָב עס אויסבאַלאַנסירט פּשוט מחמת
איך בין עלטער און געזעצטער געוואָרן. און איז דען טאַקע דאָס „גע־
זעצטע לעבן" פון די אמתע דערוואַקסענע און באַיאָרטע מענטשן
אַזוי ריכטיק באַלאַנסירט און גייסטיק קלאָר?

עס האָט מיר געהאָלפן דאָס וואָס איך האָב זיך אַריינגעוואָרפן
מיטן גאַנצן האַרצן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין דער יידישער
קולטור־ און שול־באַוועגונג. פּראַקטישע, טאָג־טעגלעכע אַרבעט מאַכט
אָפּטמאָל זיכערער און באַלאַנסירט דעם גייסטיקן באָדן אונטער די
פיס. דו ווילסט שוין ניט אַזויפיל זאַכן דערגיין, דו האָסט די גרויסע
זאָרג צו פאַרזיכערן, פעסט אַוועקצושטעלן דאָס וואָס דו ביסט.

געהאָלפן אויסבאַלאַנסירן מיין גייסטיק לעבן האָט די באַקאַנט־
שאַפט און שפּעטער די גוט־פריינדשאַפט מיט אַ נייעם חבר, ערנסט
קאָרנבערגער. ער איז געקומען צו די פּועלי־ציון פון דעם אַסימי־
לירטן ווין, וואו ער איז געבוירן געוואָרן; דאָ איז ער געוואָרן אַ היי־
סער יידישיסט און שפּעטער אַן ערנסטער שולטוער. ער, דער
דייטשוק, איז געווען זייער אַ געבילדעטער חברה־מאַן. מיט זיין
גרויסער ערודיציע און וויסן און מיט זיין אינטעלעקטועלער דיסצי־
פּלין האָט ער אויף מיר געמאַכט זייער אַ טיפן איינדרוק. האָט ער
טאַקע מיט זיין האַלב־יידישער צונג מיך געוואָלט גייסטיק אויסמענטש־
לען און אַריינפירן אין דעם ליכטיקן היכל פון דער גרינדלעכקייט
און פּינקטלעכקייט. ער איז געווען אַ גרויסער מאַרקס־קענער און
האָט טאַקע פּרובירט אַריינקנעלן מיט מאָנטרעאָלער יונגער איינגע־
שפּאַרטער חברה — מאַרקס תורה און מאַרקסיסטישע צוגאַנגען צו
וועלט־פּראָבלעמען. כאָטש ער איז זיכער געווען אַ סך אַ גרעסערער

בקי פון אונדז, האָבן מיר זיך עפּעס מעשה אינטואיציע ניט געלאָזט. מיר האָבן ניט געוואָלט דאָס גאַנצן לעבן „פאַרשטיין" דווקא אין די ראַמען פון מאַרקס' „אייזערנער לאָגיק". ערשט יאָרן שפּעטער, נאָכן דורכפאַל פון דער ווײַמאַרער רעפּובליק, האָט ח. קאַרנבערגער זיך אָפּגעזאָגט פון דעם „זיכערן" מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו דער וועלט.

סײַוויסיי, האָט דער ח. קאַרנבערגער, מיט זײַנע רייד און מיט זײַן פּרובירן מיך גייסטיק אויסצומענטשלען, טאַקע געווירקט אויף מיר. איך האָב זיך אויפגעהערט אַזויפיל צו וואַרפן. איך האָב זיך געשטעלט אויף אַ זיכערן באָדן.

עס האָט אויך מיר פיל געהאָלפן מײַן באַקאַנטשאַפט און מײַנע שמועסן מיט דעם באַקאַנטן פּועלי־ציוניסטישן פירער און טעאָרע־טיקער לעאָן כאַזאַנאָוויטש (כתריאל) וואָס האָט אַ צייט געוואוינט אין מאָנטרעאָל און געווען טאַקע אַ „באָרדער" ביי בערקאָוויטשן. „קליינשטעטלדיקע ישיבה־בחורים" — האָט ער אונדז גערופן, און געוואָלט מאַכן אונדז אַ ביסל וועלטלעך און גרויסשטאָטיש. און כאָטש ער איז אַליין אויך געקומען פון ישיבה, האָט ער דאָך שוין פאַרזוכט די גרויסע וועלט, געווען אין דײַטשלאַנד, געקענט און מיטגעאַרבעט מיט די וועלט־פירערס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, רעדאַ־גירט פאַרשיידענע פּאַרטיי־זשורנאַלן, פאַרזוכט ווי אַ פירנדיקער רע־וואָלוציאָנער רוסישע טורמע און אַפילו אַרגענטינער טורמע. ער האָט זיך באַזעצט אין מאָנטרעאָל נאָך זײַן סענסאַציאָנעלן אַרויסגעשיקט ווערן, געשמידט אין קייטן, פון אַרגענטינע צוליב די מסירות פון די טשינאָווניקעס פון ייקא, וואָס קעגן זיי האָט ער אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר זייער פאַרברעכערישער, טיראַנישער פירונג אין די אַרגענטינער ייקא־קאָלאָניעס. מיר האָבן אים אין מאָנטרעאָל פאַרהאַלטן און אַרויסגע־געבן אונטער זײַן רעדאַקציע אַן אומפּאַרטייאיש יידיש־סאָציאַליסטיש וואָכנבלאַט: „די פאָלקסצייטונג".

איך האָב זיך אויסבאַלאַנסירט טאַקע אַדאַנק אַרבעט פאַר דעם וואָכנבלאַט. דערנאָך קומען די ערשטע פּרואוון צו אַרבעטן פאַר דער יידישער ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל. עס ווערט סיסטעמאַטישער מײַן טעטיקייט אין פּוע"צ־פאַראיין, איך העלף אָרגאַניזירן דעם היסטאָרישן פינפטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין מאָנטרעאָל אין 1910. תיכף נאָכן צוזאַמענפאָר, וואו ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו בויען אין אַמעריקע יידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן, נעם איך זיך דורכפירן די שול־רעוואָלוציע. דורכדעם ווערט פאַרבונדן מײַן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט

און די אמתע לעבנס־טעטיקייט מיט דער מאָדערנער יידישער שול־באַוועגונג דאָ אין לאַנד. איר האָב איך אָפּגעגעבן 30 יאָר פון מיין דערוואַקסן לעבן. אָט די אַלע אַרבעטן און טעטיקייטן האָבן ניט נאָר מיך איבגעגאַנצן אויסגעגרינט, נאָר אַ סך מער — איך בין געקומען צו זיך, זיך אַוועקגעשטעלט אויף אייגענע פיס און גענומען פירן אַן אייגן לעבן מיט אַ קלאָרן גייסטיקן דרך.

וועל איך טאָקע מיט דעם פאַרענדיקן די מעשות פון מיינע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע, און אויך פון מיינע לעצטע יאָרן פון יינגלשע וואַרפעניש. איך האָב ביים דערציילן זיכער געמאַכט נישקשהדיקע טעותן, צעמישטע פאַקטן, פאַסירונגען און באַגעגענישן, פריערדיקע זאַכן דערמאָנט שפּעטער און פאַרקערט. אַ סך וויכטיקע איינדרוקן און איבערלעבענישן האָב איך פאַרגעסן צו דערמאָנען. ביי מיר איז אָפט שולט דער שר של שכחה — מסתמא וויסט ער, דער מזיק, אַז ס׳איז ניט וויכטיק, ספּעציעל ביי אַזאַ ניט־וויסנשאַפטלעכן ייד ווי איך בין, דאָס אָפּהיטן פון מוקדם ביז ומאוחר. וואָס איז דען אייגנטלעך דער חילוק? און ס׳איז דאָך אַזוי שווער צו געדענקען אַלץ פון די שווערסטע מענטשלעכע יאָרן פון יונגשאַפט און יוגנטלעכקייט, ספּעציעל ווען מען דאַרף זיי נאָך איבערלעבן נאָך אַזאַ שווערן קריזיס ווי מיין אַוועקגיין פון היימישן בית־מדרש און פּרובירן נישט בלויז פאַרשטיין די גרויסע וועלט נאָר אויך זוכן אַ נייעם גאָט. און ספּעציעל איז דאָס שווער, ווען מען דאַרף די אַלע ביטערע קאַמפן דורכמאַכן אין אַ ניי לאַנד, אונטער נייע הימלען, ווייט און אַרויסגעריסן פון דער היימישער סביבה. זיינען די חבלי לידה זייער שטאַרק און אַזוי פיל אַז שפּעטער אין די גליקלעכערע (?) יאָרן — פאַרגעסן זיי זיך.

טאָ לאָמיך דאָ די תקופה מיינע פון אויסגרינען זיך פאַרענדיקן מעט דעם מאָדנעם חלום וואָס איך האָב געהאַט אין אַ ווינטער־נאַכט. מיין מוטער איז געווען זייער קראַנק, געהאַט אַ שווערע קאָנוואולסיווע אַטאַקע. אַלע אין הויז זיינען געווען זייער פאַרצווייפלט. מיר האָבן געקראָגן אַ געדונגענע קראַנקן־שוועסטער צו זיין מיט דער מאַמען. ווען מען איז געגאַנגען זיך לייגן שלאָפן, איז יעדנס האַרצן געווען שווער און פול מיט שרעק. בין איך אַוועקגעפאַלן און אין האַלבוואַכן שלאָף פול מיט פּחדים געזען אַזאַ חלום:

איך שיפל זיך אַליין אויף אַן אַלט האַלב־צעבראָכן שיפל ערגעץ אויף אַ ווייט־פרעמדן טייך אין טיפן רוסלאַנד. פאַרוואָס עפּעס רוסלאַנד? און ווי אַזוי האָב איך געוואוסט אַז ס׳איז רוסלאַנד? איך

שרעק זיך זייער. איך שיפּל זיך פֿאַרביי מאָדנע אינדזלען. זיי פֿאַר־אינטריגירן מיך מיט זייער פֿרעמד־אויסקוקנדיקע ביימער און אויס־טערלישע פֿרוכטן. איך וויל אַראָפּ אויף די אינדזלען. טראָגט אָבער דער שטראָם מיין שיפֿל און לאָזט עס ניט זיך אָפּשטעלן. עס ווערט שוין שפּעט. איך פֿיל אַז איך מוז ערגעץ זיך אָפּשטעלן, אַז ניט קען דאָס צעבראָכענע שיפֿל מיינס אַריינפֿאַלן אין גרויסן שטורמישן ים. אָבער איך קען ניט אַראָפּ. די ביימער פֿון די אינדזלען מאַניען מיך מיט זייערע פּירות. איך קען אָבער זיי ניט דערגרייכן. און דאָס שיפֿל וואַרפֿט זיך און וואַרפֿט זיך. ביז איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט.

נו, אַ פּשוטער חלום. איך בין דאָך ניט קיין פֿרויד און ניט קיין טאָמאַס מאַן צו קענען באַשרייבן אמתדיק אַ מענטשנס חלומות. מען דאַרף אָבער ניט זיין קיין צו טיפֿער פּותר־חלום, מען דאַרף אים ניט ברענגען אַזש פֿון מצרימס תּפֿיסות, און מען דאַרף אויך ניט קיין ספּעציעלן פּסיכאָ־אַנאַליטישן אויסטייטשער צו דערקענען אין אים די אומרואיקע וואַקלענישן פֿון אַ יונגן יידישן בחור וואָס האָט ניט — איבער דער ניט־סיסטעמאַטישער דערציאונג — קיין זיכערן צוטריט צו די פֿאַרשיידענע אינדזלען פֿון רואיקן און באַלאַנסירטן לעבן. אַליין, מיט די אייגענע איינזאַמע, צעבראָכענע, גראָשנדיקע שיפֿלעך, האָט מען זיך געמוזט וואַרפֿן פֿון אידייע צו אידייע, פֿון געדאַנק צו געדאַנק — ביז מען איז צו עפּעס געקומען. אַ סך אונדזע־ריקע זיינען טאַקע קיינמאָל צו קיין אינדזל ניט געקומען. אַ סך אונדזעריקע, זוכנדיקע יידישע יוגנטלייט פֿון יענע אימיגראַנטישע יאָרן, האָט טאַקע דער שטאַרקער שטראָם געוואָרפֿן און פֿאַרוואָרפֿן אין אַמעריקאַנער טומלדיקן לעבנס־ים אַריין.

זיינען זיי גליקלעכער? זיינען זיי אין אמתן געוואָרן אויס בשמות ערטילאות? ווער ווייס?

## איך בלייב אַ שטענדיקער חסיד

ווען איך קוק אויף צוריק און טראַכט וועגן זיך, דאַכט זיך מיר: פֿון גערער שטיבל אַן איז מיר געבליבן זייער אַ וואָגיקע ירושה, וואָס איך האָב געשעצט זייער טייער אַלע מיינע יאָרן. איך בין נאָכן אָוועקגיין פֿון שטיבל געבליבן אַ חסיד.

חסידות דריקט זיך אויס ראשית־כל אין דעם אופֿן אויפֿנעמען אידייען און געדאַנקען מיטן האַרצן. פֿון מיינע פֿריע יאָרן אָן האָב איך

„מיטן שכל פֿאַרשטאַנען", אַז דער מענטשלעכער שכל איז ניט דער איינציקער רבי אונדזערער צו באַגרייפֿן זאַכן. אמת, דער יתר אָדם מן הבהמה איז טאַקע דער שכל, און דער מענטש, דער בחיר היצירים, איז טאַקע דער גרויסער בעל־שכל, דער האָמאָ סאַפּיענס. אָבער שוין דעמאָלט האָב איך געאָנט ווי אונדזער שכל הינקט אָפֿטמאָל אונטער און אויב מען זאָל זיך נאָר אויף אים פֿאַרלאָזן, קען ער אונדז אָפּט פֿאַרפֿירן קיין בויבעריק. די קאַלטע אייזערנע לאָגיק און דער שאַרפֿער מוח פֿון מתנגדישן בריסקער רב (פּרצעס „צווײ בערג") קען אים ניט באַלייכטן צו זען די פֿייערלעך וואָס לייכטן און שימערירן אויפֿן פֿעלד, בעת די חסידים שפּאַצירן דאָרט; נאָר דאָס גרויסע וואַרעמע האַרץ, דאָס מיט אינטואיציע פֿון גאָט געבענטשטע האַרץ פֿון ביאַלער רבין קען באַגרייפֿן דעם גרויסן יום־טוב, דעם ליכטיקן אמת פֿון וועלט און מענטש.

איך האָב געפּרואווט יעדע אידייע אויפֿצונעמען מיטן ברען פֿון האַרצן און זי באַנעמען מיטן חסידישן צוגאַנג. זיכער האָב איך אַ סך מאָל זיך צעלאָזט צו ווייט. צוליב מײַן חסידישן כאַראַקטער האָב איך זיך אַ סך מאָל צו שטאַרק „צעשאָקלט און צעכראַסטעט" ביים דורכ־פֿירן די פֿאַרשיידענע מצוות, אָבער אַ חזקה איז מיר געבליבן אַז אָט דער חסידישער וועג איז דער איינציקער וואָס פֿירט אין הימל אַריין און „אויב נישט נאָך העכער".

אַ צווייטער כאַראַקטער־שטריך איז מיר געבליבן פֿון חסידות: איך בין שטענדיק געווען עמיצנס אַ חסיד. אויב ניט דעם גערער אָדער דעם ראַדאָמסקער רבינס איז דר. זשיטלאָווסקיס, איז פּרצעס; פֿון דער גרויסער וועלט — איז טאָלסטאָיס, ספּינאָזעס (ווי ווייט איך האָב פֿאַרשטאַנען). איך האָב געפֿילט אַז יעדער מענטש, ווען ער איז פֿאַר זיך און נאָר מיט זיך, איז ער נאָר אַ טרוקן שטויבעלע, אַ קליין זעמדעלע. נאָר ווען פֿון אונדזער האַרץ ציען זיך אַרויס שטראַלן און באַהעפֿטן זיך מיט דעם האַרץ אָדער מיטן שכל פֿון צדיק, פֿון גאון, ווערן מיר אַזוי אַרום פֿאַרבונדן אַלע צוזאַמען מיט דעם גרויסן וועלט־האַרץ און וועלט־שכל. ניט בלויז קליינע צעבראָכענע יידעלעך דאַרפֿן זיך אָנוואַרעמען ביים צדיק, ווי עס מיינט ר' משה פֿון דער „גאָלדענער קייט", נאָר יעדער מענטש, קליין ביז גרויס, מוז האָבן פֿאַר זיך אַ נביא, אַ גרויסן מענטש צו וועמען ער קוקט אַרויף, ווער עס איז זיין העלד, זיין אידעאַל, וועמען ער דאַרף פּרוּוון נאָכצוגיין און זיך שפּיג־לען אין זיין ליכט.

די גרויסע פּערזענלעכקייטן, די גייסטיקע העלדן זייַנען אונדזערע שטענדיקע וועגווייַזערס, אונדזערע פּירערס אין דעם טונקעלן מדבר פון מענטשלעכן לעבן. זיי טרעטן פֿאַר אונדז אויס דעם וועג, זיי ווייַזן וואוהין צו צילן, מיט זייער רייך און פול לעבן און אָפּטמאָל מיט זייער מוסטערהאַפטן טויט, מיט זייערע עקסטאַטישע פרייַדן און אָפּטמאָל טיף טראַגישע לייַדן, דינען זיי דער וועלט ווי אירע אייביקע נביאים, לערערס און פּירערס.

אין ביידע אויסדרוקן פון מייַן חסידישקייט בין איך ניט איין מאָל אַנטוישט געוואָרן. אַמאָל פאַרדריסט מיך וואָס איך האָב נישט דעם אָדער יענעם געדאַנק פריער גוט און קאַלט לאָגיש אַנאַליזירט און צעשניטן, איידער איך האָב זיך אין אים אַנגעכאַפּט. און אַוודאי טוט זייער ווי ווען מע דאַרף זיך אַמאָל צעשיידן אָדער גאָר טראַגיש אַנטוישן אין דעם אָדער יענעם רבינס תורה, ווען מע זעט אַז די שטראַלן זייַנען געקומען פון פאַלשע, פאַרפּירערישע פייערלעך. אַזוי איז פאַר מיר געבליבן די ביטערסטע פּיל אַראָפּצושלינגען מייַן אַנטוישונג און אַוועקגיין פון מייַן צעכלינען זיך איבער דער באַלשעוויסטישער רעוואָלוציע. איך בין דאָ אין אַמעריקע געווען איינער פון די ערשטע „לינקע". אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע בין איך געווען פון די באַקאַנטע „שפּאַלטערס" און „קעמפערס" קעגן די „סאָציאַליסטישע פאַררעטער און רעאַקציאָנערן". זייער ווייטאָגדיק איז געווען שפּעטער צו דערזען ווי אָט יענער פאַלשער שיין פון אַן אַזוי געוואַלדיק גרויסער וועלט־באַפרייאונג האָט זיך אויסגעלאָשן, וואָס די מענטשן האָבן גענומען פאַראַכטן (לענין, טראָצקי און אַנדערע) זייַנען גאָר געווען פאַלשע נביאים און וועלט־פאַרפירערס, וואָס האָבן אַדאַנק דעם בלינדן נאָכגיין פון די טויזנטער צאָן־קדושים אַזויפיל צרות און אומגליק געבראַכט דער וועלט און וואָס זייער „יורש", דער טיראַנישער סטאַלין האָט מיטן מיאוסן היטלער געשלאָסן אַ שותפות אויף יאָרן און יאָרן האָבן זיי פאַרשטויסן דעם גרויסן וועלט־באַפרייענדיקן סאָציאַליסטישן אידעאַל.

אַזוי לעב איך איצט אויך איבער אַ ווייטאָגדיקע אַנטוישונג אין דער תורה פון דעם יידישיסטישן רבין און לערער ד"ר זשיטלאָווסקי.

מיר האָבן טאַקע צוליב זשיטלאָווסקיס קאַלט־פילאָסאָפישע סתם־סכעמאַטישע באַגרינדונגען געבלאָנדזשעט און טאַקע באַגראָבן אונדזער קולטור־טעטיקייט. מיר האָבן שלעכט פאַרשטאַנען, ווייל עס איז אונדז שלעכט אָנגעוויזן געוואָרן, דעם פּשט פון דעם וועלטלעך־יידישן

קולטור־באַגריף. אין אונדזערע יונגע גרינע יאָרן האָבן מיר טאַקע קיין קריטיק ניט געוואָלט הערן, ווייל מיר זיינען צוגעטראָטן צו די אַלע וויכטיקע אידייען מער מיט חסידישן ברען און יונג־יינגלשן האַרץ. מיר זיינען בלינד נאָכגעגאַנגען דעם מנהיג. זשיטלאָווסקי איז געוואָרן דער פירער, דער רבי און דער אויטאָריטעט פון דער באַוואוסטזיניקער יידישער אינטעליגענץ. איצט, בעת מיר קריגן זיך מיט אים וועגן זיין כלומרשט טאָלעראַנטן צוגאַנג צו די מעשים תעתועים פון סטאַלין־רעזשים, ווען ער וויל דווקא איצט — בעת יידיש בלוט גיסט זיך — ראַציאָנאַל „פאַרשטיין" דעם סטאַלין־היטלער פּאַקט און די „היסטאָרישע שליחותן" פון היטלערן אין טשעכאָסלאָוואַקיע, אין פּוילן. איצט בעת אַלע וויכטיקע יידישע שרייבערס זיינען אַוועק פון די פּאַרפּי־רערישע פאָלקס־פּראַנטן, אַוועק פון „איקוף" פון „איקאָר", שטייט נאָך אָן ד״ר זשיטלאָווסקין צו פאַרבלייבן אין יענער מחנה און צו פאַר־טיידיקן זיי אין נאָמען פון עפּעס אַ טאָלעראַנץ. ער חברט זיך מיט די יידישע קאָמוניסטישע בריונים און גייט אויף זייערע קולטור־חתונות און לוויות. זע איך איין ווי באַריש און ווילד ס׳איז בכלל געווען דאָס בלינדע חסידישע פאַרהערלעכן, אָן שום שמץ פון קריטיק, אונד־זער אַמאָליקן רבין.

און אַזוי האָט אָט דאָס חסידישע אויפנעמען אידייען און מענטשן, מיר אַ סך עגמת־נפש פאַרשאַפט. אָבער אַ חסיד בין איך נאָך אַלץ געבליבן! און איך גלייב נאָך אַלץ אַז דאָס לעבן אָן העלדן וועמען דו זאָלסט פאַרהערלעכן, אָן פאַרקוקן זיך אויף גרויסע גייסטיקע ביי־שפּילן, פון וועמען דו קענסט שעפּן באַגייסטערונג, וואַרעמקייט און נשמה־פייער, — אַזאַ לעבן איז אָרעם, ליידיק, אַ „גראָשנדיק ליכטל" וואָס קען אַפילו דעם נאָענטן אַרום נישט באַלייכטן.

## כלל־טוערײ

ווען איך בין געקומען קיין מאָנטרעאָל, האָבן מיינע ברידער גע־מיינט אַז איך בין נאָך אַ „קליין יינגל" און האָבן זיך צוגעגרייט מיך צו מאַכן פאַר אַן „אַמעריקן באָי", קויפן מיר אַן אַנצוג מיט ניקער־הויזן ווי ס׳איז דאַן געווען די מאָדע צו טראָגן פאַר יונגע בחורים, און געוואָלט שיקן מיך אין סקול און דערציען מיך לויט דעם אַמע־ריקאַנער שטייגער: הײ־סקול, קאַלעדזש, פּראָפעסיע. איך בין דאָך אָבער שוין אַהער געקומען אַ פאַרטיקער, אַן „אויפגעצויגענער", געקו־מען אַהער אָנגעלאָדן מיט די באַקאַנטע „היסטאָרישע פּעקלעך" פון

דער דעמאָלטיקער יידישער אימיגראַנטישער יוגנט. דאָס האָט מיך געפירט, מיך געשטופּט צו כלל־טוערײ.

אַ סך מאָל ווען מענטשן דערזעען און פּאַרטשעפּען זיך מיט געזעלשאַפטלעכע טוערס, בעסער געזאָגט ווען דער כלל־טוער פאַרטשעפּעט און מאָנט געלט צי אַרבעט ביי אַזוי אַ יידן, פרעגט יענער און אפשר מיט רעכט: וואָס ווילט איר? ווער האָט געשיקט נאָך דיר? ווער האָט דיך אויסגעקליבן צו זיין קהלס שליח? ווער הייסט דיר בויען, אַרויסגעבן, שרייבן, פּעטערל, וואָס קאָכסטו זיך אַזוי? ווייז דיין „קרעדענשל״.

און זיכער פּילט זיך דעמאָלט דער „דינער פון פאָלק״ ניט אין אַזאַ באַקוועמער לאַגע. אפשר איז טאַקע דער ייד גערעכט? וואָס קהל איך זיך אַזוי? ווער מענס סטראַפּטשע בין איך? ווער מענס שליחות פיר איך אויס? ווער האָט מיך דעלעגירט?

ס׳קומען דעמאָלט שווערע שעהן פון חשבון־הנפש.

און צי ווייס איך טאַקע אַז איך בין אַזוי גערעכט? איך בוי, איך וויל עפּעס פון זיך, פון יענעם, וואָס, ווען, ווער און ווער מען? אפשר מאַך איך גאָר קאַליע? אפשר דאַרף מען גאָר לאָזן זיך און יענעם צורו?

מי שמך?

אָבער עס העלפן ניט די אַלע הרהורים, עס העלפט ניט קיין תשובה, ווען דער רבונו־של־עולם פאַרשילט אימעצן מיט דעם יצר־הרע פון כלל־טוערײ. וואָלט דען טאַקע די וועלט געקענט אַ קיום האָבן אָן מענטשלעכער צוזאַמענאַרבעט? אויך ניט אַלע מוראַשקעס זיינען מסתמא געזעלשאַפטלעך באַוואוסטזיניק. פאַראַן גענוג אַזעלכע „ראַציאָנאַלע״ קלאָץ־קשיא־פרעגערס, און דאַך הייסט מען אונדז נאָך פון משלי־צייטן אָן לערנען אַ ביישפּיל פון די מוראַשקעס: לך אל נמלה... ראש דרכיה וחכם.

דער מענטש — זאָגט מען — איז אַ „געזעלשאַפטלעכע חיה״. און איך בין אין אַמעריקע געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכע חיה.

פון מיינע יונגע יאָרן אָן האָב איך אָנגעהויבן צו „דינען מיין פאָלק״. געשיקט פון ווער מען? און אָט אַזוי „דין איך אים״ אַ שיין ביסל יאָרן. גוט געטאָן? מסתמא ניט. אַמאָל דאַכט זיך — אַז יאָ. קלוג געטאָן? מסתמא ניט.

אָבער פון חדר און בית־מדרש אָן בין איך געווען אַ „כלל־טוער״, אַן „אָרגאַניזאַטאָר״. מיין טאַטע איז אויך שטענדיק געווען אַ

מין גבאי אין שטיבל, אין חברה, דאָ אין אַמעריקע — אין שול, אין דער סאָסייעטי. מיינע פאַרשטאָרבענע ברידער זיינען יונגערהייט געווען זייער אַקטיוו אין „בונד".

איך האָב פון מיין פריסטן באַוואוסטזיניקן אויפנעמען די וועלט באַשלאָסן אָפּצוגעבן מיין לעבן דער געזעלשאַפט, מיין פאָלק, און דער עיקר דער פּראָגרעסיווער יידישער קולטור־אַרבעט.

## דער בלוטיקער איבעררייס

צוויי יאָר זיינען שוין אַריבער ווי איך האָב זיך ניט צוגעריכט צום באַשרייבן דאָס אייגענע לעבן. צוויי בלוטיקע יאָר (1941 — 1942) ווי דער גרויזאַמער נאַצי־שוחט שעכט און שעכט אונדזערע יידישע ברידער און שוועסטער. איך וואוין שוין לאַנג, זינט 1921, אין די פאַראייניקטע שטאַטן. צוזאַמען מיט די אַלע געניסער פון דעם פרייען לאַנד לעב איך ווי אַ מענטש און אַ ייד אין „רואיקייט". אָבער די צייטונגען און די ראַדיאָ־אַגענטורן טראָגן יעדן טאָג אונטער פינצטערע בשורות, וועגן יידן־ און מענטשן־שחיטות, וועגן אויסראָטונג־שרפות פון אונדזערע היימען און לענדער אין דער אַלטער וועלט. דאָס האַרץ איז פאַרקלעמט און צעריסן. דער מוח רייסט און ברענט. פוילן, אונדזער פוילן, מיין שטאָט פיעטריקאָוו, וואָס האָט באַהאַלטן פאַר מיר אַזעלכע וואונדערלעכע זכרונות, זאַפטיקע יונגע טעג, אַזאַ רייכן ניגון פון אַ יונג יידיש־פרום לעבן, — איז חרוב ומוחרב.

די נאַצי־מערדערס האָבן געקוילעט, געשאָכטן, אין געטאָ פאַרשפּאַרט, די געבליבענע מיט געלע לאַטעס באַצירט. דאָס איז ניט גענוג. מע ברענגט אום דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין מזרח־אייראָפּע. אויס פוילן, אויס יידן, אויס יידיש פיעטריקאָוו, אויס וואַרעמע יוגנטטעג.

גיי איך ווי יעדערער פון אונדז אַרום אין דער באַשיצטער אַמעריקע טאַקע זאַט, אָבער טיף באַליידיקט און באַדעקט מיט שאַנד. פון די יאָרן 1909 ביז איצט 1943, זיינען ניט בלויז פיל וואַסערן פאַררונען, נאָר בלוטיקע ימים. מיר טרינקען זיך איצט צוזאַמען מיט אַלע מענטשן אין דעם שרעקלעכסטן בלוטיקסטן ים.

איך פרעג: וואָס איז אַ מענטש אָן אַ יוגנט־היים? אָן אַ ווייטער שאָטן־היים פון קינדהייט?

אַ בלוטיקער איבעררייס איז אויף אַלץ און אויף אונדז אַלעמען געקומען.

איך בין שוין דאָ איצט אין אַמעריקע כמעט אַן אַלטער ייד גע־וואָרן. אַ בירגער פון דער פרייער אַמעריקע געוואָרן, אַ טאַטע פון דערוואַקסענע קינדער געוואָרן. דורכגעלעבט פאַרשיידענע אינע־וויניקסטע יחידישע און געזעלשאַפטלעכע קאַמפן און ראַנגלערייען מיט זיך, אין זיך, מיט דער וועלט, מיט מענטשן, מיטן אַרום. דורך דער צייט האָבן זיך פאַרשיידענע ווינטן אַריינגעריסן אין מיר, דורכ־געריסן דורך מיר. און אָט האָב איך געמיינט אַז כ׳האָב שוין מיין באַשיידן לעבן פאַרענדיקט, פאַררונדיקט.

אינטערעסאַנט? ווער ווייס? מסתמא ניט צופיל. אָבער דורך די יאָרן האָב איך אַ סך שלאָפלאָזע נעכט געהאַט. ביטערע ראַנגלענישן דורכגעמאַכט זיך צו „גלייכשאַלטן״ אויף דער וועלט, מיט דער וועלט. האָט זיך געגלוסט וועגן דעם אַלעם צו דערציילן.

אָבער דער בלוטיקער היטלער־אינטערליוד, לאָזט ניט טראַכטן, לאָזט ניט דערציילן. ווי קען מען דערציילן אין אַ קאָשמאַר־האַלוצי־נאַציע?

און עס טריפט ווייטיקדיק אויף דער נשמה אונדזער בלוט, דאָס בלוט פון מיין פאָלק, פון אונדזערע טייערע קינדערלעך אין דעם יידישן פוילן. די יידישע קינדער אין פוילן, ווי מיין האַרץ גייט אויס פאַר זיי . . .

לעבט דאָך יעדער פילנדיקער ייד איבער פאַר זיך, פאַר זיין פאָלק און פאַרן מין מענטשן קין־טעג און איוב־טעג.

